# גאַבריעלאָ ד'אַנונציאָ'ס

# ערצעהלונגען

איבערזעצט

— פון —

## מ. זילבערמאן



היברו פאָבלישינג קאָמפּאַני
83־85 קאַנעל סטריט, ניו יאָרק.

HEBREW PUBLISHING COMPANY
83-85 Canal Street, New York.

**COLLECTION OF WRITINGS**

**by**

**GABRIALLE D'ANUNNZIA**

Translated into Yiddish by M. Silberman.

---

Copyright 1911

Hebrew Publishing Company.

New York.

# אינהאלטס־פערצייכנים





# ד׳אנונציא׳ס ביאָגראַפיע.

גאַבריעלע ד׳אַנונציא וועמענס ריכטיגער נאָמען איז ראַפּאַגנעטאַ איז געבאָרען געוואָרען אין 1863 אין פראַנקאַוועלאַ, אַ דאָרף לעבען פּעסקאַראַ, איטאַליען. זיינע ערשטע יוגענד יאָהרען האָט ער פערבראַכט אויף די פרייע פעלדער, אַרום אוילבירטה גערטנער, צווישען שעהנע מעכטיגע פעלזען, אויף דעם ברעג פון דער פּעסקאַראַ און ניט ווייט פונ׳ם אדריאַטישען ים. זיין אָטהעם האָט זיך געשפּייזט מיט די בשמים׳דיגע ריחות פון אַרום און אַרום, זיין בלוט האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט די הימעל־ברכות פון דער מוטער נאַטור און זיין פאַנטאַזיע האָט זיך געשפּינט און געוועבט פון איהרע רייכע, וואונדערבאַרע ערשיינונגען.

ווען ער איז אַלט געוואָרען 16 יאָהר, האָט מען איהם אוועקגעשיקט קיין טוסקאַן לערנען. הגם ער האָט געהאַט אַ שאַרפען קאָפּ און געווען פעהיג, האָבען דאָך זיינע לעהרער אין איהם קיין נחת ניט געהאַט און ווייניג וואָס הנאה געהאַט פון איהם. וואָרום צוגרייטען אַ לעסאָן איז ביי גאַבריעלען געווען די ערגסטע שטראָף. זיין נשמה האָט געצויגען צו די ברייטע פעלדער, צו די שטאָלציגע ביימער, צו די פּאַסטוך־ליעדער, צו אַלעס, וואָס איז פריי. עס האָט זיך איהם ניט געגלוסט און ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען צווישען די פיער „חדר״־ווענט. און זיין חשק איז געווען צו מאָהלען דאָס אַלעס, פון וועלכען די „תורה״ האָט איהם אָבגעריסען, מיט לעבעדיגע ווערטער אויף פּאַפּיער. די לעהרער האָבען איהם געמוסרט און ער האָט זיך געטהאָן זיינס: געהאַלטען אין איין שרייבען, — ווען ער האָט נאָר צייט געהאַט, — געשריעבען און געטראַכט, געטראַכט און געשריעבען.

די חברים האָבען איהם אין לצנות אָנגערופען מיט די נעמען, ווי

„פילאָזאָף״, „אַסטראָנאָם״, „פּאָעט״, „דענקער״, „טראַכטער״, „קנאַ־קער״, אָבער גאַבריעלא האָט זיי אָנגעקוקט מיט א בערויערען, ווי איי־נער רעדט: „שפּאָט, שפּאָט, נאַראָנים, די „צוקונפט״ וועט שפּאָטען פון אייך״... און זיין נבואה איז מקוים געוואָרען: נאָך אין דענו זעלבען יאָהר האָט ער געלאָזט אָבדרוקען א זאַמלונג פון ליעדער. קרי־טיקער האָבען עס אויפגענומען מיט גרויס בעגייסטערונג און נאָכדעם ווי גיאסאפּי טשיאריני, איינער פון די בעסטע ליטעראַטור קריטיקער אין יענער צייט, האָט עס דורכגעלעזען, האָט ער אָנגעשריעבען א גאַנ־צען אַרטיקעל, אין וועלכען ער האָט ד׳אנונציאן ערקלעהרט אַלס איינעם פון די גרעסטע טאַלאַנטען, וואָס איטאַליען האָט ווען געהאָט.

באַלד נאָך דעם איז ד׳אנונציא אַוועק געפאָהרען קיין רוים, וואו ער האָט אריינגעטרעטען אַלס מיטגליעד אין דעם פעראיין פון אנער־קענטע ליטעראַטען און פּאָעטען. דאָס איז דאַמאָלסט געווען די גרעסטע עהרע פאַר א יונגען שרייבער. און דאָרט האָט ער ערשט אָנגעפאַנגען זיין ליטעראַרישע קאַריערע.

דאָס ערשטע, וואָס זיין פעדער האָט מנדב געווען צום לעזע פּוב־ליקום, איז געווען א זאַמלונג פון קורצע ערצעהלונגען, אין וועלכע זיין גאַנצע דאָרפישע נשמה, זיין פאַנטאַזיע אָנגעזאַפּט מיט פעלד, וואַלד, פעלז, גאָרטען און וואַסער, האָט זיך אויסגעגאָסען און צושפּרייט.

היימישע האָבען איהם געלויבט און פרעמדע האָבען איהם געריהמט פאַר די ערצעהלונגען און עס האָט ניט גענומען לאַנג און זיי זיינען ערשיענען אין פראַנצויזישע און דייטשע איבערזעצונגען.

אָבזייענדיג א לאַנגע צייט אין דער גרויסער, קאָכעדיגער שטאָדט און האָבענדיג פון דער נאַטור א שטאַרקען לוסט צום לעבען, האָט זיך ד׳אנונציא צו הוליעט, אזוי צו זאָגען, געלעבט ווי גאָט אין פראַנקרייך. קיין זאַך איז פאַר איהם ניט געווען שווער און גאָר ניט אין דער וועלט האָט ער ניט געטאָרט. „אויף דריי זאכען שטעהט דאָס לעבען: „אויף וויין, אויף פרוי און אויף געזאַנג״ איז געווען זיין אייגען ווערטעל. איינער א קריטיקער האָט זיך אַמאָל אויסגעשפּראָכען בדרך שפּאָס. „ד׳אונונציא׳ס אונשולדיגער דאָרפישער גייסט איז „געשענדעט״ געוואָ־רען דערצו נאָך פון א „פּאַריזער״. ער האָט מיט דעם לעצטען וואָרט געמיינט מאָפּאַסאַנען, ווייל זיינע ווערק זיינען געווען ד׳אנונציא׳ס

ליעבלינג. קיין שרייבער האָט אויף איהם ניט געהאַט אזא געוואלדיגען איינפלוס ווי גיו דע מאָפּאַסאַן.

און אונטער דיעזען גרויס־שטאַדטיגען, לעבעדיגען, כמעט אויס־געלאַסענעם איינפלוס און אויך אונטער דער איינפלוס פון מאָפּאַסאַנ׳ס ווערק, האָט ד׳אנונציא אָנגעשריעבען אַן אנדערע סעריע גרעסערע און קלענערע ווערק, וועלכע האָבען אויפגעהויבען אַ שרעקליכען שטורם אין דער ליטעראַרישער וועלט. קריטיקער האָבען זיך געהיצט און גע־פייערט. אייניגע האָבען געזאָגט, אַז ד׳אנונציא פערדיענט די גרעסטע אכטונג פונ׳ם פאָלק, ווייל ער צייגט איהם דאָס אמת׳ע בעהאַלטענע לעבען. אַנדערע, צווישען וועלכע עס איז אויך געווען טשיאַריני, דער זעלבער, וואָס האָט זיך אַמאָל ניט געקענט אָבלויבען פון זיין גרויסען טאַלאַנט, האָבען גע׳טענה׳ט, אַז ד׳אנונציא פערדאַרבט דעם מאָראַל פון דעם פאָלק און זיינע ווערק האָבען דאַדורך ניט די ווערטה געלעזען צו ווערען, נאָך אַנדערע האָבען זיך געהאַלטען צווישען „יא״ און „ניין״. נאַטירליך, האָט מען גערעכנט ווערט אזא עפּענטליכע מיינונג אביסעל ענטמוטהיגען דעם יונגען פּאָעט און נאָוועליסט, אָבער עס האָט זיך גאָר ניט אָנגעהויבען.

„מיין נשמה איז ניט קיין פערשקלאַפּטע. איך בין געבאָרען גע־וואָרען אויף די פרייע פעלדער. איך בין סאָציאַל געזאָגנען און מיין בכורה וועל איך ניט פערקויפען פאַר אַ טאָפּ לינזען און קיינער אין דער וועלט קען מיינע געפיהלען און מיין וואָרט אַנערקענען״ האָט ד׳אנונציא איין מאָל ערקלעהרט, דערוויסענדיג זיך וואָס פאַר אַ מיי־נונג עס געהט אַרום איבער זיינע ווערק, און ער האָט ווייטער געשריע־בען.

און אין 1892 האָט ער פערעפּענטליכט זיינע בריליאַנטענע צוויי ווערק: „עפּיסקאָפּאָ״ און „ארסאלא״ און טאַקע אין אַ יאָהר אַרום דאָס גרויסע ווערק: „דער טריאומף פונ׳ם טויט״ און נאָך אייניגע גרויסע ווערק און אַ גאַנצע זאַמלונג פון ליעדער.

פון 1897 פאַנגט זיך אָן ד׳אנונציא׳ס קאַריערע אַלס דראַמאַטורג. זיין ערשטער פערזוך איז געווען אַן איין אַקטיגע פאַנטאַזיע אויף דער גריכישער פאָרמע און זי האָט געמאַכט אַ רעש אין דער טהעאַטער וועלט.

„סיטאַ מאָרטאַ״, (די טויטע שטאָדט), וועלכע ער האָט אָנגעשריע־

בען אַ יאָהר שפּעטער ספּעציעל פאַר דער בעריהמטער סאַראַה בער־נאַרד איז געווען אויף אַזוי פיעל גוט און ערפאָלגרייך, אַז מבינים האָבען זיך אויסגעשפּראָכען, דאָס „סיטאַ מאָרטאַ״ איז דאָס איינציגע דראַמאַטישע ווערק אויף דער וועלט.

אין דעם זעלבען יאָהר האָט ער אויך אָנגעשריעבען „דזשיאָ־קאָנדאַ״ און אין אַ יאָהר שפּעטער האָט ער געגעבען צו דער ביהנע אַ ניי ווערק אונטער דעם נאָמען „לאַ גלאָראַ״ — אַ פּאָליטישע טראַ־געדיע, אָבער זי האָט ניט געהאַט קיין לאַנגע יאָהרען, מחמת ד׳אַנונציאָ האָט דאָרט אין איינינע סצענען אָנגעצייגט די פערברעכערישע און ניעדעריגע מעשים פון די פּאָליטישענס. נאָכהער האָט ער אָנגעשריעבען שעהנע עטליכע טראַגעדיעס און ענדליך אין 1901 — די טראַגעדיע „פראַנצעסקאַ דאַ ראָמאַני״, אויף וועלכע דער צו יענער צייט גרעסטער קריטיקער עדוואַרד בוטעט האָט געזאָגט, אַז זייט די קלאַסיקער האָט נאָך קיין שרייבער ניט געגעבען דעם איטאַליעניש׳ען פאָלק אַזאַ גוטעס און שטאַרקעס ווערק.

אין 1908 איז ער ערוועהלט געוואָרען אַלס מעמבער פון דעם „טשעמבער אָוו דעפּיוטיס״, וואו ער האָט זיך ערקלעהרט אַלס סאָציאַל דעמאָקראַט.



# די אַלמנה.

דער קערפּער פון דעם בעאַמטען, ביאַדזשיאַ מילא, איז פּאַלקאַ־מען פערפּוצט מיט אַ טיכעלע איינגעוויקעלט אין עסיג אויפ'ן פּנים, געלעגען אויפ'ן בעט, כמעט אין מיטען צימער. אין די זייטען זיינען געזעסען דאָס ווייב און דער ברודער פון דעם פערשטאָרבענעם.

ראָזע מילאָ איז אַלט געווען אַ יאָהר פינף און צוואַנציג. זי איז געווען אַ פרוי אין דער פולער פּראַכט, מיט אַביסעל אַ ניעדריגען שטערען, מיט שטאַרק אויסגעבויגענע ברעמען, מיט גרויסע גרויע אויגען און די שוואַרץ־אַפּלעך זיינען געווען עהנליך צו פּערלען. דיקע, קאַפּריזנע — צו־וואָרפענע לאָקאָנס האָבען אימער פערדעקט איהר נאַקען, איהרע שלייפען און אויגען. זי האָט אין גאַנצען גע־אָטהעמט מיט פולען געזונד און מיט יענער פרישקייט, וועלכע פרויען בעקומען פון נעהמען אָפטע אייז־קאַלטע בעדער. אַ צאַרטער פּער־פיומען־אַראָמאַט האָט זיך געטראָגען פון איהרע קליידער.

עמידיאָ מילאָ, דעם פערשטאָרבענעם'ס אַ ברודער און אַ גלח, איז געווען כמעט אין איהרע יאָהרען. ער האָט אויסגעקוקט זעהר דאַר און זיין פּנים איז געווען געשטעמפּעלט מיט יענער בראָנזענער פערברענטקייט, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש ביי די אייביגע דאָרפסלייטע. זיינע באַקען זיינען געווען בעדעקט מיט אַ לייכטען מאָך, זיינע ווייסע געזונטע ציינער האָבען צו געגעבען אַ גבור'שען חן צו זיין שמייכעל, און זיינע אויגען האָבען תמיד געברענט, ווי די נייע גאָלדענע מטבעות.

ביידע האָבען געשוויגען. עמידיאָ האָט זיך געפּאָרעט מיט אויס־געשניטענע שטיקלעך גלאָז און ראָזע האָט ניט אָבגעריסען די אויגען פון די זעלבע.

ביידע האָבען זיך פערהאַלטען צו ביאַדזשיאַ'ס טויט מיט דער געוועהנליכער גלייכגילטיגקייט פון דאָרפסלייטע.

— א ווארימער אבענד היינט—האָט עמידיא זיך אָבגערופען און טיעף אָבגעזיפצט.

ראָזע האָט אויפגעהויבען און ארונטערגעלאָזט איהרע אויגען אלס א צייכען פון בעשטעטיגונג.

אין ניעדעריגען צימער האָט די שיין, וועלכע איז געקומען פון א ברענענדען קנייטעל אין בוימאויל, געציטערט און געשפרונגען, אָט איז זי געוואָרען גרעסער, אָט איז זי געוואָרען קלענער און שאָ־טענס האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אָט דאָ אין די ווינקעלעך, אָט דאָ אויף די ווענט. די פענסטער זיינען געווען אין גאַנצען אויפגעמאַכט נאָר די לאָדען זיינען געווען צוגעמאַכט ביז אַראָב צו דער פּאָדלאָגע. פון צייט צו צייט האָט פערבלאָזען א ווינד און די זאָוויע, וואָס האָט פערהאַנגען די לאָדען, האָט זיך אָנגעבלאָזען, ווי די זעגלען אויף א שיף.

עס האָט אויסגעקוקט פונקט ווי ביאַדזשיא מילא שלאָפט א רוהיגען טיעפען שלאָף אויף זיין שנעע־ווייסען בעטעל.

עמידיא האָט ווידער אונטערבראָכען די טיעפע שטילקייט מיט עטליכע ווערטער.

ראָזע האָט ווידער אויפגעהויבען און ארונטער געלאָזט איהרע אויגען און ווי פריהער האָט זי ווידער אָנגעשטרענגט איהר קוק אויף די אויסגעשניטענע שטיקעלעך גלאָז. אויף איהר שטערען האָבען זיך פּלוצים בעוויזען אייניגע טראָפּען שוויים און איהר אָטהעמען איז געוואָרען אביסעל שווערלעך.

נאָך א לאַנגע פּויזע האָט עמידיא געפרעגט:

— וואָס פאַר א שעה וועט זיין די לויה?

— צעהן א זייגער — האָט ראָזע געענטפערט מיט איהר גע־וועהנליכער שטימע.

און זיי זיינען ווידער אנשוויגען געוואָרען. פונ'ם דאָרף האָט זיך צוגעטראָגען דאָס קוואַקען פון זשאַבעס און צייטענווייז א צאַר־טער ריח פון גראָז.

אין מיטען דער טיעפער שטילקייט האָט ראָזע פּלוצים דער־

הערט א בורטשען פון דעם טויטען קערפער און מיט א פחד, בע־
רייט צו אנטלויפען, איז זי אויפגעשפרונגען פון איהר ארט.

— האט קיין מורא ניט, ראזע... דאס איז דאס לעצטע
חיות... — האט עמידיא געזאגט און אויסגעשטרעקט זיין האנד צו
איהר כדי זי צו בערוהיגען.

זי האט אינסטינקטיוו אנגעכאפט זיין האנד, אבער אוועקזועצען
זיך צוריק האט זי ניט געוואלט. קוקענדיג אין אן אנדער זייט, האט
זי אלץ געהאלטען אין צו הערען זיך צו דעם בורטשען, וועלכעס האט
געשיינט אויפצוהויבען זיך ביז צום סאמע האלז פונ׳ם טויטען.

— דאס איז גאר ניט, ראזע... בערוהיגט אייך... — האט
עמידיא ווידער אמאל געזאגט, און, מיט א צייכען מיט דער האנד,
איהר פארגעשלאגען זיך אוועקזעצען לעבען איהם אויף דעם קופערט,
וועלכער איז געווען צוגעדעקט מיט א לאנגען, אויסגענעהטען קי־
שען.

זי האט זיך אוועקגעזעצט לעבען איהם און, אין צומישטקייט,
ניט ארויסגעלאזט זיין האנד פון איהרער. אזוי ווי דער קופערט,
אויף וועלכען זיי איז אויסגעקומען צו זיצען, איז געווען א קליינער,
האבען זיך זייערע קניען אנגעריהרט.

עס איז ווידער געווארען שטיל. פון ווייטענס האט זיך צוגע־
טראגען דאס געזאנג פון שניטערס.

— זיי ארבייטען ביינאכט ביי דער שיין פון דער לבנה... —
האט ראזע ערקלעהרט, וועלענדיג אומיסטען רעדען, כדי צו פער־
טרייבען די מורא, דאס שעהמעוודיקייט אדער דאס מיעדקייט.

עמידיא האט ניט געענטפערט, און ראזע האט אבגעלאזט זיין
האנד, ווייל זי האט געפיהלט, אז דאס האלטען זיין האנד האט
איהר פלוצים אנגעהויבען צו פעראורזאכען עפעס א סמוטנע צו־
מישטקייט און אן אונרוהיגקייט.

און זיי האבען זיך ביידע איבערגעגעבען איינעם און דעם זעל־
בען געדאנק, וועלכער האט זיי, פלוצים, אין איין צייט ביידען בע־
הערשט. ביידע האבען זיך איבערגעגעבען איינעם און דער זעלבער
עראינערונג, אן עראינערונג פון א בעשיעדענע ליעבע פון זייער פריי־
הער יוגענד.

*

*　　*

זיי האָבען דאמאָלט געוואָוינט אין קאָלדאָרע, אונטערן באַרג, אויף דעם פּונקט, וואו צוויי וועגען צושיידען זיך. אויפ'ן גרענעץ פון א פעטען פעלד האָט זיך אויפגעהויבען א הויכע וואַנט געמאַכט פון שטיינער און ליים. פון דרום זייט, וואו ראָזע'ס עלטערן האָבען גע־וואוינט, איז די היטץ געווען מילדער און אין לאַסטשענדען שאָטען האָבען זיך געפּרוכפּערט און געמעהרט איינינע „פּאַמיליעס" פון פרוכטען־בוימער. אין פרייד און אין שלום האָבען זיך אום פריהלינג די בוימער צובליהט און זילבעריגע, ראָזעווע און פּיאָלעטעווע וואָרצ־לען האָבען מיט שטאָלץ געוואַקסען און זיך געהויבען צום הימעל, זיך אריבערגעוואָרפען פון איבער דער צווייטער זייט וואַנט און מיט זייער מאָנאָטאָנען, אויפלעבענדען גערויש האָבען זיי דערמאָהנט אָן א הוליע ביהנען, ווען מען נעהמט ארוים דעם האָניג.

הינטער דער וואַנט, אין דער געדיכטענעש פון די בוימער, האָט ראָזע דאן אָפט געזונגען. ווי א לויטערער, ערפרישענדער פּאָנטאַן האָט זיך איהר שטימע צווישען די בלעטער געגאָסען, און די גאַנצע צייט פון זיין געזונט ווערען האָט עמידיא געהערט איהר געזאַנג.

ער איז נאָך געווען שוואַך און תמיד הונגעריג. און אויסמיידענ־דיג די צוגעשריבענע מאכלים, האָט ער געכאַפּט א שטיק ברויט, עס בעהאַלטען אונטער דער פּאָלע, ארוים פון דעם הויז, ווי א גנב און אוועק, העט ווייט נאָך דעם לעצטען ווייצענעם פעלד, אויף זיין מקום עונג ומנוחה.

און דאָרט, אָנשפּארענדיג זיך מיט די פּלייצעס צו די ווארימע שטיינער פון דער וואַנט, האָט ער בשמחה רבה געפּראַוועט זיין סעודה: א ביס געטהאָן ברויט און אריינגעכאַפּט א פרישע ווייצענע זערנע אין מויל אריין. דער סאָק, וואָס די זערנעם האָבען ענטהאַלטען, האָט איהם געדיענט אַלס מילך.

און אזוי האָט זיך דער פיזישער אַפּעטיט און דער גייסטיגער דורשט נאָך ראָזע'ס געזאַנג אין עמידיאָ'ן צוזאַמענגעגאָסען אין איין נויטווענדיגקייט אוןביידע זאַכען צוזאַמען האָבען איהם פער־

שאפען דאָס בעסטע און ערהאבענסטע גליק אין דער וועלט.

אין דעם שווערען, הייסען, שטיקענדען און פלאַמענדיגען זו־מער טאָג זיינען פאר איהם ראָזע׳ס ליעדער געווען פונקט אזוי פיזיש נויטווענדיג, ווי די שפייז. איהר געזאנג איז פאר איהם געווען א רפואה און נאָך דער רפואה האָט עס אונאבשפּיעגלענד, ווי א געהייי־מער כישוף, געווירקט אויף איהם. און זייט יענע צייטען איז אין עמידיא׳ס הארצען געבאָרען געוואָרען א שטילע, שעהמעוודיגע ליעבע, — א יוגענדליכע ליעבע.

אין סעפּטעמבער, ניט לאַנג איידער עמידיא איז אָבגעפאָהרען אין סעמינאַריע, זיינען ביידע פאמיליעס ארויסגעפאָהרען אין וואלד אריין אויף א פּיק־ניק, און דריי וועגען, איינגעשפּאַנט אין אָקסען, האָבען זיך געצויגען איבער דעם ברעג, וואָס איז געווען בעדעקט מיט בליהענדען טשערעט.

דער טאָג איז געווען א ווייכער, א מילדער, א לאַסטשענדער. דער עולם האָט זיך אויסגעזעצט עסען פריהשטיק אויף א קיילעכדיגען פּלאַטץ ארומגערינגעלט מיט גיגאַנטישע אָטאָפּאָליעס. אין גאַנצען דאָס גראָז האָט זיך קאָלירט מיט צאַרטע, אראָמאטנע פיילכענס. דאָ און דאָרט אויף די בלעטער זיינען געלעגען גרויסע, ליכטיגע זונען פלעקען. אונטען איז דער טייך געלעגען שטיל, ווי פערשלאָפען און דורך זיין דורכזיכטיגע אויבער פלעכע האָבען זיך ארויסגעזעהן די בעוועגלאָזע געוויקסע פון דעם דנאָ.

נאָך דעם פריהשטיק זיינען זיך איניגע צוגאַנגען איבער׳ן וואלד און איניגע האָבען זיך אויסגעצויגען אויפ׳ן גראָז.

ראָזא און עמידיא האָבען זיך פלוצים געטראָפען צוזאַמען. זיי האָבען זיך גענומען איינער דעם אנדערען ביי די הענט און אוועק איבער א שמאָלער סטעזשקע, וועלכע איז געווען בעוואַקסען מיט קליינע, ניעדעריגע בוימלעך.

זי האָט זיך אָנגעשפאַרט אויף איהם מיט דער גאַנצער שווער־קייט פון איהר קערפּער. אונאויפהערליך געלאַכט און געקייכט, גע־שפּרונגען און געלאָפען, וואָס עס פּאַסט פאר א יונגענקע מיידעלע, אָנגעביסען מיט הונגערקייט די ביטע יאַגאָדקעס און פערוואָרפען דעם קאָפּ אהינטער, אָנגעקוואָלען דערפון, ווי די צוריק געשליידערטע צווייגען זיינען איהר נאָכגעלאָפען. מאַכענדיג פלוצים א צו שטאַרקע

בעווענונג, איז איהר דאָס קעמעלע פון קאָפּ ארונטערגעפאַלען און איהרע האָאר האָט זיך אין אַ געדיכטע, וואונדערבארע כוואַליע צושאָ־טען איבער איהרע פּלייצעס.

עמידיא האָט זיך אָנגעבויגען און אויפגעהויבען דאָס קעמעלע. ווען ער האָט זיך אויסגעגלייכט, האָט זיך זיין קאָפּ לייכט אָנגעשלאָ־גען אָן דער מיידעל'ס קאָפּ. אָנכאַפּענדיג זיך מיט ביידע הענט פאר'ן קאָפּ, און ניט אויפהערענדיג צו לאַכען, האָט ראָזע אויסגעשריען:

— אוי... עס טהוט וועה... אוי...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איהר און דער פיהלענדיג ווי בלאָס ער איז געוואָרען און ווי זיין קערפּער ציטערט, האָט ער געמיינט, אַז אַט פאַלט ער אוועק בעוואוסטלאָז.

ראָזע האָט מיט איהר גרויסען שאַרפען נאָגעל אויסגעשניטען אַ לאַנגען פּאַס פון אַ ליפּענעם בוים, אויף שנעל דערמיט ארומגע־כאַפּט איהרע קאַפּריזנע לאָקאָנס און מיט דעם קעמעלע זיי פערשפּי־ליעט אויף איהר נאַקען. די גרינענקע און ערטערווייז רויטינקע בלע־טעלעך, וואָס זיינען געווען צוגעטשעפּעט צו דעם אויסגעשניטענעם פּאַס פון בוים, האָבען ארונטער געהאַנגען איבער איהר פּנים און איבער איהרע אויערען.

— געפעהלט עס אייך אַזוי? — האָט ראָזע געפרעגט.

אָבער עמידיא האָט ניט געעפענט דאָס מויל. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגען.

— הא, הייסט עס, אַז עס איז אַזוי ניט גוט... — און נאָך אַ פּויזע האָט זי צוגעגעבען: — אָדער פיעלייכט זיינט איהר — פּשוט שטום?

עמידיא'ן האָט זיך פּלוצים פערוואַלט פאַלען אויף די קניע. זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרעהרען און זיין הארץ מיט צער און בענקעניש דערפון, וואָס ער האָט געהערט אין ראָזע'ס שטי־מע אַן אָבקלאַנג פון אַ שלעכטען שפּאַס.

זיי זיינען געגאַנגען ווייטער. ווען זיי האָבען זיך געוואָלט פער־קירעווען, האָבען זיי געפונען, אַז אַ בוים אומגעוואָרפען פון ווינד, האָט זיי דעם וועג פערשטעלט. עמידיא האָט מיט ביידע הענט אונטערגע־הויבען דעם בוים און ראָזע איז, ווי אַ וואַלד נימפע, דורכגעקראָכען אונטער די גרינע צווייגען, וועלכע האָבען זיי אויף אַ מינוט אין גאַנ־

צען פערשטעלט. ווייטער זיינען זיי צוגעקומען צו א ברונען, וועלכער
האָט אויף זיינע ביידע זייטען געהאט באַסיינען ארומגעלעגט מיט
שטיינדעלעך. געדיכטע, צווייגענדע בוימער האָבען געשאַפען ארום
און איבער דעם ברונען א ציכטיג, גרין, מחיה'דיג וויעגעלע אָנגע-
פיהלט מיט א טיעפען שאָטען און א אנגענעהמע פייכטקייט...
מיט א וואונדערבאַרער פינקטליכקייט האָט זיך די גאַנצע גרינע מאַסע
אָבגעשפּיעגעלט אין דעם וואַסער, וואָס האָט אָנגעפילט דעם ברונען
ביז די העלפט צימבורנעם.

— ווי וואונדערליך דאָ איז! — האָט ראָזע געזאָגט אין דער
שטיל, מיט אמאָל א וואָרף טהוענדיג זיך פאָרווערטס.

און נאַכהער האָט זי אָנגעשעפּט א פולע זשמעניע וואַסער און
מיט א קעצישען, צויבערליכען גרימאַס האָט זי אָנגעהויבען זופּען
לאַנגזאַם. קליינע טראָפּענס זיינען אַרונטערגעפאַלען פון צווישען די
פינגער אויף דעם קלייד און האָבען זיך אָבגעשפּיעגעלט, ווי פּערע-
לאַך...

שטילענדיג איהר דורשט, האָט זי ווידער אמאָל אָנגעשעפּט
וואַסער מיט ביידע הענט און פאָרגעלעגט עמידיא'ן צו טרינקען פון
די „איינפאַכע בעכערלעך״:

— טרינקט! — האָט זי געזאָגט.

— ניין, איך וויל ניט קיין טרונק — האָט ער געענטפערט אין
גאַנצען א צומישטער.

דאַן האָט זי מיט אַן אונאויסדריקליכער גרימאַסע איהם א פליוכע
געטהאָן דאָס וואַסער אין פּנים אריין. נאַכהער האָט זי זיך אויסגע-
צויגען אויפ'ן אויסגעטרוקענטען דנאָ פון דעם באַסיין און, ניט קע-
נענדיג זיך אויסציהען אין דער פולער לענג, האָט זי אויסגעשטרעקט
א פיסעל איבער דעם ברעג פון דעם באַסיין און דערמיט אָנגעהויבען
נערוועז צו קלאַפּען אין די שטיינער... און באַלד טאַקע האָט זי זיך
מיט א מאָל א הויב געטאָן און עפּעס זאָנדערבאַר א קוק געטהאָן אויף
עמידיא'ן.

— וועלען מיר געהן, וואָס? — האָט זי אָבהאַקענד א פרעג גע-
טהאָן.

זיי זיינען ארויס פון דער גרינער „סוכה״ און האָבען זיך גע-
לאָזט צוריקגעהן מיט דעם זעלבען וועג, מיט וועלכען זיי זיינען גע-

קומען אין א פּאָלקאָמען, פלאַגענדען שווייגען...

די פויגעל האָבען לעבעדיג און פרעהליך געסווישטשערט און געזונגען איבער זייערע קעפּ.

גרויסע פלעקען פון דער זונן, וועלכע איז געשטאַנען אין מיטען הימעל און זיך דורכגעשלאָגען דורך די צווייגען פון די בוימער, האָבען געשווינדעלט זייערע אויגען און זיי ניט געלאָזט געהן.

דער אָטהעם פון דעם וואלד איז מיט יעדער מינוט געוואָרען טיעפער און אראָמאטנער. און זיי זיינען געגאַנגען און געשוויגען.

אין אייניגע טעג ארום איז עמידיא אָבגעפאָהרען. אין אייניגע מאָנאַטען ארום האָט עמידיא'ס עלטערער ברודער חתונה געהאַט מיט ראָזען.

און אָפט און פיעל האָט עמידיא געטראַכט אין סעמינאַריע פון זיין נייער קרובה... אָפט, פונקט אין דער צייט, ווען דער גלח האָט ערקלעהרט די „הייליגע שריפטען" צום קלאַס, האָט זיך עמידיא אוועקגעטראָגען מיט אַלע זיינע מחשבות צו ראָזען. אין דער צייט, ווען אַלע תלמידים זיינען געזעסען מיט די אויגען אין די ביכער און אונטערען טיש זיך געשפּיעלט מיט פערשיעדענע זאַכען, איז ער, עמידיא, געזעסען דעם קאָפּ ארונטערגעלאָזט אויף די הענט, די אויגען צוגעשלאָסען און געשאַפען אין זיינע מחשבות פערשיעדענע שמוציגע, אויפרעגענדע בילדער, און אין קלויסטער, אונטער די פרעהליכע אָבקלאַנגען פון דעם אָרגאַן, אונטער דעם טריאומפירענדען געזאַנג פון תהלים און אַנדערע תפילות לכבוד דער „הייליגער ראָזע", האָט זיך זיין נשמה געטראָגען ווייט, ווייט אוועק, אויסער דעם תחום פון דער קירכע.

און מיט'ן פערלויף פון דער צייט, ווען ער האָט זיך פון זיינע חברים אָבגעלערענט שמוציגע ידיעות, אונאַנשטענדיגע ווערטער און אונמאָראַלישע תאוות, דאן האָט ער גאָר אין אַנדער וועלטעל דערזעהן דאָס אמאָליגע בילד אין וואלד, ביים ברונען. און די אונזי־כערהייט, אַז עס זאָל נאָך אמאָל פּאַסירען און די חרטה אויף דעם, וואָס ער האָט ניט גענומען די פרוכט... וועלכע האָט זיך ביי איהם אַזוי געבעטען האָבען איהם פעראורזאַכט שרעקליכע ליידען.

— זאָל עס זיין אמת? — האָט ער זיך אונענדליך געפרעגט — זאָל עס הייסען, אַז ראָזע האָט איהם איין מאָמענט, ווירקליך, ליעב גע־

האט? און ער, ניט פערשטעהענדיג און ניט פיהלענדיג קיין זאך, האט דורכגעלאזט אזא גרויסע פרייד?

און אלץ שארפער, אלץ פלאגענדער איז דיעזער געדאנק געווארען מיט יעדען טאג און איז אלץ מעהר צו איהם צוגעשטאנען.

און אין משך פון דעם לאנגען, צוגעגעסענעם פעריאד, וואס ער האט פערבראכט אין דער סעמינאריע, איז דיעזער געדאנק פערוואנדעלט געווארען פאר איהם אין אן אונהיילבארער קראנקהייט און, זייענדיג ביים פולען זינען, אז עס איז אונהיילבאר, איז ער שטופענוויז געווארען מעלאנכאליש און ניט געוואוסט און ניט פערשטאנען, וואס הייסט אזעלכעם פרייד.

פונדעסטוועגען האט ער פאר דער גאנצער פלאגענדער צייט, וואס ער איז געווען אין שוהלע, דאך טאקע זיך ניט דערוואוסט, וואס מיט ראזען איז אזעלכעם פארגעקומען דארט ביים ברונען, אין יענעם ליכטיגען, סעפטעמבער טאג.

*

* *

דאס פייערל אין צימער האט געציטערט און געפלאטערט, ווי א גוסס. א ווייך בייגאכטיג ווינטעל האט אריינגעבלאזען דורך די שטארען און אונטערגעהויבען די פארהאנגען.

א מיעדע, א שלעפעריגע איז ראזע געזעסען און איהרע אויגען האבען זיך דא צוגעמאכט און דא, ווי איהר קאפ איז נור ארונטער געפאלען אויף דער ברוסט, זיך באלד צוריק אויפגעמאכט.

— איהר זיינט זעהר מיעד? — האט עמידיא געפרעגט אביסעל בע׳צער׳ט.

— איך?... ניין... לחלוטין ניט... — האט ראזע שנעל געענטפערט און זיך אויסגעצויגען, זיצענדיג אויף איהר פלאטץ.

אבער די שטילקייט האט אויף איהר אלץ מעהר געווירקט און זי איינגעשלעפערט. איהר קאפ האט זיך צוגעבויגען צו דער וואנט; איהר האאר זיינען נאך אמאל צופאלען און פערדעקט די אויגען. איהר האלב אויפגעמאכט מויל האט געאטהעמט לאנגזאם. אין דיעזער מינוט איז זי געווען שעהן, נור שעהנער פון אלעס איז אין איהר

געווען די ריטמישע בעוועגונגען פון איהר ברוסט און די סימנים פון איהרע פיס, וועלכע האָבען זיך זעהר בולט דורכגעזעהען דורך דעם דינעם קלייד.

— און וואָס וואָלט געווען, ווען איך זאָל איהר א קוש טאָן?

— האָט עמידיא פּלוצים א טראַכט געטאָן, ניט אַברייסענדיג די אויגען פון דער דרעמלענדער ראָזען.

זאַנפט און אנגענעהם האָבען געקלונגען די מענשליכע קולות אונטער דער בעגלייטונג פון אינסטרומענטען אין דער יוני נאַכט. נאָר צייטענווייז זיינען די אינסטרומענטען שטיל געבליבען און עס האָט זיך צוגעטראָגען בלויז דאָס געזאַנג, וועלכעס האָט געקלונגען, ווי א קירכען־כאָהר.

א פולע לבנה איז געשטאַנען אין הימעל, אָבער וואהרשיינליך זעהר הויך, ווייל דער שוואַכער אָבשיין פון דעם ציטערענדען לעמפּע־לע איז ניט געווען בכח מלחמה צו האַלטען מיט דער לבנה שיין, וועלכע האָט זיך דורגעשניטען דורך די שפּאַלטען פון די לאָדען.

עמידיא האָט זיך אומגעקעהרט מיט'ן פּנים צום טויטענ'ס בעט. מיט שנעלע אויגען איז ער דורכגעלאָפען דעם טויטען קערפּער, וועלכער איז געווען בעדעקט מיט שווארצען, און זיך אָבגעשטעלט אויף דער האַנד, אויף דער געלער אַנגעשוואָלענער אויסגעבויגענער האַנד, וועלכע איז געווען דורכגעוועבט מיט בלויע אָדערען. נאָכהער האָט ער זיך שנעל צוריק אָבגעקעהרט.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט דער קאָפּ פון דער איינגעדרע־מעלטער ראָזען, אָבצייכענדיג אויף דער וואַנט א האַלבען עיגול, אָנ־געהויבען צו בויגען זיך צו עמידיא'ס פּלייצע, און די קרבות פון דעם טהייערען קאָפּ האָט דעם גלח שרעקליך אויפגערעגט און ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהון. און פון די האַלב ארונטערגעלאָזטע ברעמען האָבען ארויסגעקוקט צוויי קליינע שווארץ־אַפּלעך, וועלכע האָבען אויסגעקוקט אויף דעם בלויליכען ווייסעל, ווי א שטיקעל בלויער פלעק אין מילך.

איבערנעהמענדיג די גאַנצע משא פון ראָזע'ס קערפּער צו זיך אויף די אַקסלען, איז עמידיא געבליבען זיצען ווי פערשטאָרבען. פונ'ם פּחד ער זאָל זי ניט אויפוועקען האָט ער איינגעהאַלטען זיין אָטהעם. אָבער שטופּענווייז האָט איהם אן אונרוהיגקייט בעהערשט און איהם

האָט זיך פּלוצים אויסגעוויזען, אַז דאָס קלאַפּען פון זיין הארץ און דאָס ציטערען פון זיינע הענט און שלייפען צוטראָגען זיך מיט אַ שרעקליכען גערויש איבער דעם גאַנצען צימער. אָבער ראָזע איז אַלץ געשלאָפען און דאָס האָט איהם אַביסעל בערוהיגט; און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט ער געפיהלט ווי ער לאָזט זיך אַרונטער אין אַ תהום און ער האָט פאר זיך געזעהן ראָזע׳ס שעהנעם ענטבלויזטען האַלז און איינגעאטהעמט דעם ווארימען אראָמאַט פון איהר קערפּער.

נאָכהער האָט ער אונערוואַרטעט, ניט זייענדיג מעהר אימשטאַנדע איבערצוטראָגען און גובר צו זיין דעם יצר הרע, אַ קוש געטהאָן ראָזע׳ס ליפּען.

אין דעם זעלבען מאָמענט האָט זי זיך מיט שרעק אויפגעכאַפּט, מיט ערשטוינונג פונאַנדער געעפענט די אויגען און איז בלאַס געוואָרען.

נאָכהער האָט זי פונאַנדער גענומען איהרע צולאָזטע האָאַר און געבליבען זיצען מיט בלאָנזענדע אויגען איבער די ציטערענדע שאַטענס.

עמידיא איז אויך געבליבען בעוועגלאָז. ווי פריהער זיינען זיי יעצט ווידער געזעסען מיט צוגעשפּאַרטע קניען און עלענבויגענס. אָבער דאָס מאָל האָבען זיי שוין ביידע געציטערט און שוין געהאַט געוויסענסביסע פאר דער עבירה, וואָס זיי האָבען זיך צוגעגרייט צו בעגעהן.

מיט אַלע זייערע קרעפטען האָבען זיי פּרובירט צו פערטרייבען דעם שרעקליכען געדאַנק, אָבער דאָס איז זיי געלונגען בלויז אויף אַ מינוט און ווייטער זיינען זיי אַלץ געבליבען, ווי פער׳שיכור׳ט...

און אין דער שטילער נאַכט האָבען נאָך אַלץ אָבגעקלונגען די צאַרטע, ריהרענדע ליעדער, וועלכע זיינען לאַנג, לאַנג געבליבען אין דער לופט. פון צייט צו צייט זיינען אַלע שטימען שטילער געוואָרען אויסער איינע, וועלכע האָט זיך געגאָסען איבער די הויכע נאָטען. און אין צווישען פון די ליעדער האָט זיך געהערט דאָס אָבקלאַפּען פון דעם ים אָן דעם זאַמד פון זיין ברעג.

ביידע האָבען זיך איינגעהערט...

מעגליך, אַז דער ווינד האָט זיך געענדערט און געבראַכט מיט

זיך אנדערע ריחות! מעגליך דעם שטארקען פער'שיכור'טען ריח פון די ציטרינען, וואס וואקסען אין א ראלאנדישען טהייל. מעגליך, אז דער ווינט האט געבראכט דעם זיסען ארמאט פון די ראזען אין די אויסגעשטיינערטע גערטנער. מעגליך, אז ער האט געבראכט דעם פייכטען אטהעם פון די רויטליכע, פלארענטישע ליליען, וועלכער האט ערפרישט דעם האלז, ווי ריינע גוטע קוואלען-וואסער!

און ארומגענומען מיט דער שטילקייט פונ'ם צימער, און אליין אויך שטיל, זיינען ראזע און עמידיא געזעסען אויף דעם קופערט.

פאר זייערע אויגען האט דאס פייעריל שנעל אנגעפאנגען צו צאנקען און דאס קנייטעלע האט שוין איינגעזאפט די לעצטע טראפענס פון דעם בוימאויל.

דער פלאם האט מיט אמאל א קנאק געטאן. ביידע האבען א ציטער געטאן און קאנוואולסיוו זיך איינגעקוקט אין דעם אבשטארבענדען ליכט.

דאס לעמפעל איז מיט אמאל פערלאשען געווארען.

און דאן זיינען זיי מיט אן אונבעשרייבליכען הונגער צוגעפאלען איינעם צום אנדערען. מיט ציטערענדע הענט זיך ארומגענומען און זיך איינגעפלאכטען איינער אין צווייטען און, טאפענדיג אין דער מרה שחורה'דיגער פינסטערניש, ווי בלינדע, ווי משוגעים, ווי שטומע, האבען זיך זייערע ליפען געזוכט...



# אונטער'ן רעגען.

ווי אַן אַבגענומענער, אין קוויטיגע טריקאָ, איז לאַזאַר געשטאַ־נען לעבען זיין באַלאַגאַן; און אין זיינע אויגען, וועלכע זיינען גע־ווען אַנגעשטרענגט אויף דעם פערשלאָפענעם דערפעל, איז פערקיהלט געוואָרען אַן אויסדרוק פון אַ הונגעריגער, פערמוטשעטער בהמה.

און אויף דיעזער „בהמה", אויף וועלכער עס איז מעהר ניט גע־בליבען ווי הויט און ביינער, איז געווען עהנליך זיין באַלאַגאַן, וואָס איז געווען בעדעקט מיט אַ לייווענט דורכגעווייקט פון רעגען.

אַ מעת לעת צייט זייט לאַזאַר האָט לעצטע מאָל געגעסען. די קלאָגעדיגע שטיקעלעך ברויט, וואָס זיינען איבער געבליבען, האָט זיין זוהן, אַ קליינע, אומגעלומפערטע בריאה, מיט אַ גלאַט קעפיל, אין דער פריה אויפגעפרעסען.

לאַזאַר'ס מאָגען איז געווען פונקט אַזוי לעדיג, ווי דער באַראַ־באַן, אויף וועלכען ער האָט, ניט מיעדווערענדיג, געקלאַפּט, צוזאַמענ־רופענדיג דאָס „געהערטע פּובליקום" און צייגענדיג איהם פּאַר אַ שיבוש, ניט געשטויגענעם און ניט געפלויגענעם.

יעצט אָבער איז קיינער ניט געווען אַרום און דאָס קינד איז איינס אליין געזעסען אין באַלאַגאַן און אין גאַנצען זיך געטרייסעלט אין אַ פיעבער.

פון דעם מרה שחורה'דיגען הימעל איז געפאַלען אַ דינענקער, אָפּטער, קאַלטער רעגען, וואָס האָט דורך און דורכגענומען די ביינער. די קולות פון דעם באַראַבאַן זיינען לחלוטין פערטויבט געוואָרען אין דעם טרויעריגען הערבסט. בין השמשות; אָבער לאַזאַר, אַ דורך און דורכגענעצטער, האָט, ווי אַן אויטאָמאַט, געהאַלטען אין איין קלאַפּען אויפ'ן באַראַבאַן און זיך איינגעקוקט און זיך צוגעהערט צו דעם דער־פעל, וואָס האָט געהאַלטען אין ווערען דונקעלער און שוואַרצער, צו־

וועט זיך ערגעץ ניט דערהערען א קול פון א פערבלאָנזעטען שיכור.

אָבער קיינער איז ניט געווען.

ערגעץ וואו, גאנץ נאָהענט, איז א הונט דורכגעלאָפען, זיך אויס־געדרעהט דאָן זיך פערקירעוועט הינטער'ן שאַלאַש און דאָרט זיך גע־נומען אָבלעקען א ביין, וואָס ער האָט, גאָט ווייסט וואו געפונען.

און דער באַראַבאַן איז אנשוויגען געוואָרען.

דער ווינט האָט געדרעהט די געלע בלעטלאך... אונטער די דעמבעס.

פון צייט צו צייט האָבען זיך צוגעטראָגען דאָס לעקען און טשמאָקען פון דעם הונט און דאָ סכריפען פון דעם קליינעם אוראַד אין באַלאַגאַן.

עס האָט געהערשט א פאָלקאָמע טרויעריגע שטילקייט.



# סינאָר פּעפּאָ.

.1

אזוי שנעל ווי נאָר איבער דעם צענטראַלען מארק האָבען זיך צו־טראָגען סינא פּעפּא דע סיערי׳ס זיעבען ניסען איינער נאָך דעם צווייטען, אזוי האָבען זיך שוין די איינוואָהנער פון ארום דעם טייך פּעסקארא געזעצט צום אָנבייסען, און באַלד טאַקע האָט דער קלויס־טער גלאָק אָבגעקלונגען צוועלף מאָל, וועלכעס האָט יעדען טאָג ארויס־גערופען א געלעכטער אין אַלע הייזער.

מיט דיעזען מערקווירדיגען סיגנאַל האָט סינאר פּעפּאָ מכבד געווען די פּעסקארצעס פאר א משך פון פיעלע און פיעלע יאָהרען און איבער׳ן גאַנצען לאַנד און אין אַלע סביבות זיינען ארומגעגאַנ־גען שירים ותשבחות איבער זיין ניסען. עד היום זיינען נאָך פאראַן פאמיליעס, וועלכע דערמאָהנען סינאר פּעפּאָ׳ם ניסען און ניט נאָך איין דור וועט איבערגעבען די עראינערונג בירושה צום צווייטען.

.2

פּעפּאָ איז געווען א גראָבער, געזונטער, פעטער, קארנאָסער פּשוט׳ער בשר ודם, מיט א טעמפּען פּנים, מיט אויגען פון א קאַלב, וואָס זויגט ביי דער „מוטער" און מיט אונגעהייער גרויסע הענט און פים.

דורך זיין לאַנגער, גראָבער, פליישיגער נאָז און שרעקליך גרויסע באקען איז ער געווען עהנליך אויף א יום־הונט, אויף וועלכען, ווי די ים פאָהרער דערצעהלען, דאָס פעטס טרייסעלט זיך מיט יעדער קלענסטער בעוועגונג. ער איז אויך געווען עהנליך אויף א ים־הונט מיט

זיין פוילקייט, מיט זיינע לאַנגזאַמע בעוועגונגען, מיט זיין קאָמישען קערפּער און מיט זיין שטאַרקען חשק צו שלאָפען. ער איז נאָך גע־וועז אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס ער האָט ניט געקענט איבערגעהן פונ'ם שאָטען אויף דער זונן אָדער פון דער זונן אין שאָטען, אַז ער זאָל זיך ניט צוניסען. דער רעש פון זיינע ניסען האָט אָבגעהילכט אויף אַ לאַנגען און ברייטען שטח און אזוי ווי דאָס ניסען איז געשעהען אַלס טאָג אין איין צייט, האָט פּעפּאָ טאַקע דערפאַר גדיענט פאַר אַלע פּעסקאַרצעס אָהן אויסנאַהמע אַלס אַ גוטער, ריכטיגער זייגער.

סינאר פּעפּאָ האָט אין שטאָדט געהאַנדעלט מיט פערשיעדענע פּאָרצעלייענע זאַכען און אויסער דעם איז ער געווען דער אייגענטימער פון אַ שטיק ערד אויף דעם רעכטען ברעג, פּונקט אויף יענעם פּלאַטץ, וואו דער טייך ענדערט זיין ריכטונג. דאָס בעסטע שטיק ערד אין דער גאַנצער סביבה און דאָס שעהנסטע גראָז איז זיינס געווען. און אין דעם געדיכטען סאַמעטענעם גראָז, אין די שאָטענס פון די דעמבעס, אין דער מלוכה פון חזיר'שע ניס, האָט ער פון יאָהר צו יאָהר אויפ־געהאָדעוועט אַ חזיר, און יעדען יאַנואַר, עס האָט געמעגט זיין אַ שטורם און אַן איבערקערעניש אין דרויסען, זיינען מאַן און ווייב אוועקגעפאָהרען פון שטאָדט אין זייער גוט אריין, וואו זיי זיינען פער־בליבען אונטער דער השגחה פון דעם הייליגען אנטאָניא ביז דער אויס־געהאָדעוועטער „קרבן" איז געקוילעט און צושניטען געוואָרען אין שטיק שטיקלעך.

איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז פּעפּאַ'ס פּלונית'טע, פּעלאַגעא, איז קראַנק געוואָרען און ער איז געווען געצוואונגען איינער אליין אַוועקצוגעהן צו זיין ביים מקריב זיין דעם קרבן.

מיט אַ מין ווייבער אכזריות פּלעגט פּעפּאָ קוקען אויף לעפּרוציאַן, וועלכער האָט זיך מיט וואונדערבאַרער שנעלקייט אָבגעפערטיגט מיט דעם חזיר; מיט זשעדניקייט זיך צוגעהערט צום שיפּען און קנאַקען פון דעם פייער און מיט גרויס שמחה געטראַכט פון די חזיר'שע הינ־טער חלקים, מיט וועלכע עס שטעהט איהם פאַר גאָר אין גיכען צו האָבען צו טהאָן.

דער היי־יאָהריגער „דבר אחר" איז געווען אַ סך גרעסער און אַ סך פעטער פון אַלע זיינע פריהערדיגע חברים און פּעפּאָ האָט, באמת,

געהאט צער פאר וואָס זיין פעלאַגעא האָט ניט זוכה געווען צו זיין ביי דער גדולה.

פארנאכט צו זיינען געקומען פעפאָ׳ס אַלטע פריינד: מאטעא פוריאלא און ביאדזשיא קאגליא. דאָס איז געווען אַ פּאָרעל אויס־וואורפען. תמיד לוסטיג און לעבעדיג און תמיד געווען מוכן ומזומן יענעם אָבצוטהאָן אַ שפּיצעל. זיי האָבען זיך דערוואוסט, אז פעלאַ־געאַ איז קראַנק און האָט ניט געקענט קומען, נו, זיינען זיי געקומען צו פעפאָ׳ן מיט פולער אמונה צו האָבען אביסעל שפּאַס.

מאטעא פוריאלא — ער האָט אויך געהייסען ציאוואלא — איז געווען אַ מאַן ביי די פופציג, אַ ברענענדיגער יעגער. אַ דאַרער, אַ הויכער מיט ליכטיגע האָאָר, מיט אַ טונקעלען געזיכט און מיט בעשוירענע שיטינענע וואָנצען. זיינע קיילעכדיגע און אימער בע־וועגענדע אויגען האָבען געבליסטשעט, ווי נייע מטבעות. מיט זיין גאַנ־צען קערפּער, וועלכער איז אימער געווען אָנגעצויגען אין איינע און דיזעלבע מלבושים, פון אַ מיתה משונה קאָליר, מיט אַלע זיינע מאַנע־רען און בעוועגונגען האָט ער דערמאָהנט אָן אַ ווינדהונד אין פעלד.

ביאדזשיא קאגליא — ער האָט אויך געהייסען רעסטאבאליטא — איז געווען פון מיטעלער וואוקס. אביסעל יונגער פון זיין חבר. און זיין פּנים האָט תמיד געבליהט און געשיינט, ווי אַ מאַנדעלבוים אום פריהלינג. די בעוועגונגען פון זיינע מוסקולען זיינען געווען צום בעוואונדערען. ער האָט, למשל, געקענט בעוועגען די אויערען, די נאָז, די הויט פון׳ם שטערען און נאַקען. ער האָט געהאט נאָך אַן אויסגעצייכענטע מעלה, דהיינו, וואָס ער האָט געזעהען און וואָס ער האָט גע־הערט, האָט ער באַלד געקענט נאָכמאַכען, אָבער אַזוי קונציג, אַז עס איז געווען אונמעגליך צו דערקענען, אַז דאָס איז נאָכגעמאַכט.

פעפּאָ האָט בעגעגענט זיינע פריינד מיט אַ גרויסע שמחה:

— וואָס פאַר אַ גוט יאָהר האָט אייך אהער געבראַכט? — און באַלד טאַקע, ניט געוואַרט זאָגאַר קיין איין מינוט, האָט ער זיי צוגעפיהרט צום פּלאַטץ, וואו דאָס חזיר׳ל איז זיך געלעגען בשלום.

— נו, ווי געפעהלט „ער״ אייך? אדרבה, זאָגט, האָט איהר שוין געזעהען אַזאַ שעהנעם, אַזאַ פעטען? איהר מעגט איהם אַ טאַפּ טהאָן, נישקשה, ניטאָ וואָס זיך צו שעהמען און איך וועל ניט פאַר־דערען קיין בעצאָהלט פון אייך דערפאַר...

ביידע פריינד האָבען בדרך כבוד לאַנג בעטראַכט דאָס יונגע חזיר׳ל. רעסטאַבילימא האָט, ווי זיין מנהג איז געווען, אויסגע־קנאַקט מיט דער צונג און ציאַוואַלאַ האָט געפרעגט:

— וואָס דענקסט דו מיט איהם צו טהאָן?

— איינזאַלצען... — האָט פּעפּאָ געענטפערט מיט אַ פרעה־ליכער שטימע.

— איינזאַלצען?! — האָט רעסטאַבילימא אויסגעשריען — דיעזען חזיר איינזאַלצען! הער, ציאַוואַלאַ, האָסט דו שוין אַמאָל אין דיין לעבען בעגעגענט אַזאַ שוטה ווי פּעפּאָ... פערביילאָזען אַזאַ גאָלדערנע געלעגענהייט...

פּעפּאָ האָט, ווי אַ צומישטער, געקוקט מיט זיינע קעלבערנע אויגען דאָ אויף דעם און דאָ אויף יענעם.

— דיין אשת חיל, פּעלאַגעאַ, האַלט דיך גאַנץ נשקשה׳דיג אין איהרע לאַפּקעס און יעצט ווען דו ביסט איהר פּטור געוואָרען פאַר וואָס זשע זאָלסט דו זיך ניט וועלען בעדיענען מיט דער געלעגענהייט און הנאה האָבען איין מאָל אין דיין לעבען. אָט פאָלג מיך פערקויף דעם חזיר און מיר וועלען לעבען אַ „חזיר׳שען" טאָג.

— אָבער פּעלאַגעאַ? — האָט פּעפּאָ ארויסגעמורמעלט. ער האָט פאַר איהר געהאַט דאָס גיין יעהריגע קדחת.

— וועסט דו זאָגען, אַז מען האָט איהם צוגע׳גנב׳עט.

פּעפּאָ האָט אַ ציטער געטהאָן.

— העי פּעלאַגעאַ!... העי פּעלאַגעאַ!... — האָבען ביידע פריינד אויסגעשריען אין איין שטימע.

און רעסטאַבילימא האָט אין דעם זעלבען מאָמענט נאָכגעמאַכט ווי פּעפּאָ וויינט און פּעלאַגעאַ דונערט מיט קללות און ער האָט דורכ־געפיהרט אַזאַ קאָמעדיע, וואו פּעפּאָ איז פאַרגעשטעלט געוואָרען אַלס הילפלאָזער, רחמנות׳דיגער איינגעלע.

ציאַוואַלאַ האָט זיך געהאַלטען ביים בויך פון געלעכטער און גע־מאַכט הקפות אַרום דעם חזיר׳ל.

פּעפּאָ האָט זיך צוגיסט, אָבער אַזוי שטאַרק און אַזוי משונה׳דיג, אַז עס האָט אויסגעוויזען ווי אָט אָט וואַרפט ער זיך אַרויף אויף ציאַ־וואַלען.

ווען רעסטאביליטא האָט געענדיגט, איז ציאוואלא פּלוצים געוואָרען מרה שחורה׳דיג און געזאָגט:

— רעסטאבעליטא, וועלען מיר געהן?

— וואָס, און איהר וועט גאָר ניט עסען מיט מיר נאכט־מאָל?

— האָט פּעפּאָ געפרעגט מיט נייגעריגקייט.

— ניין... ניין... — האָט רעסטאביליטא אויסגעשריען. — בלייב דיר דאָ מיט דיין פּעלאגנאַן און מיט׳ן זאלץ פון דיין נאררישען חזיר.

.3

די פריינד זיינען אוועקגעגאנגען פון פּעפּאָ׳ן מיט דעם ברעג.

פון דער ווייטענס האָבען די שיפען מיט זאלץ אָבגעשיינט מיט אלערליי פארבען פון קאָלירטע שטיינער.

די פערגעהענדע זונן האָט מיט גאָלד בעגאָסען דעם גאנצען הימעל און זיך אָבגעשפּיגעלט אין די לויטערע, דורכזיכטיגע וואסערען.

רעסטאביליטא האָט זיך פּלוצים אָבגעשטעלט.

— אויב דו ווילסט, ציאוואלא וועלען מיר ביינאכט „אוועקלאטכענען" דעם חזיר.

— אָבער ווי אזוי?

— לאָז עס שוין איבער אויף מיר.

— מהיכא תיתי, לאָמיר פּרובירען... אָבער וואָס וועט זיין שפּעטער?

רעסטאביליטא האָט זיך ווידער אמאָל אָבגעשטעלט. זיינע אויגלאך האָבען א בליסטשע געטהאָן ווי די גוטע שטיינער. זיין בליהענד פּנים האָט זיך אין גאנצען פערוואנדעלט אין איין פרעהליכער גרימאסע.

— יא, איך זאָג דיר, אז זאָלסט עס לאָזען אויף מיר.

פון דער ווייטען האָט זיך בעוויזען זייערער א פריינד, דאָן־בערגאמינא קאמפּלאָנע און אזוי ווי זיי האָבען איהם דערזעהען, האָבען זיי אָנגעהויבען מאכען גרעסערע שפּאַן.

— פּאַראַן עפּעס נייעס? — האָט קאַמפּלאַנע אַ פרעג געטהאָן, דערזעהענדיג זייערע פרעהליכע פּנים׳ער.

זיי האָבען איהם אין קורצע ווערטער דערצעהלט ביי וואָס זיי האַלטען און רעסטאַבּיליטאַ האָט צוגעגעבען:

—מען דאַרף אָבּאַרבּייטען שפּיציג און קיילעכדיג.. פּעפּאָ איז תמיד געווען אַ בעלן אויסטרינקען אַ כוסה אויף אַ פרעמדענס חשבון. טאָ, הערט זשע: איהר, דאָן בערגאַמינאַ, זייט מכבד דעם גאַנצען עולם מיט אַ גלעזעל משקה און איהר וועט טאַקע בעצאָהלען אויך. פּעפּאָ וועט זיך געוויס ניט לאָזען בעטען... און דאַן, נאָך דעם כיבוד, וועלען מיר שוין אַלעס איבּערבּייטען ווי עס בעדאַרף צו זיין.

דער פּלאַן איז גוט געהייסען געוואָרען און זיי האָבען זיך אַלע צוזאַמען געלאָזט צוריק צו פּעפּאָ׳ן. נאָך פון דער ווייטען האָט צי־אָוואַלאַ אויסגעשריען:

— פּעפּאָ קום אין שענק אַריין. מיר האָבען אַ בעל נדבן, וואָס וועט אונז שטעלען אַ פּאָאַרעל... כע־כע־כע!

פּעפּאָ האָט זיך נאַטירליך ניט געלאָזט בעטען און באַלד זיינען זיי אַלע געגאַנגען, ווי די גענז איינער נאָכ׳ן צווייטען, איבּער דער שמאָלער סטעזשקע, וואָס האָט געפיהרט צום שענק. זיי זיינען אַלע געווען אויפגעלעגט און איינער האָט זיך געסטאַרעוועט איבּערצו־שפּאַסען דעם צווייטען. פון צייט צו צייט האָט זיך צוגעטראָגען אַ מיוקען פון קעטץ, און רעסטאַבּיליטאַ, אַ שלעפּ טהוענדיג פּעפּאָ׳ן ביים אַרבּעל האָט מיט פּחד געזאָגט:

— פּעפּאָ, דאַכט זיך, אַז דיין פּעלאַגעאַ שרייט.... ניין?

אין טראַקטיר, אַרום אַ דעמבענעם טיש, זיינען חברה געוואָרען נאָך מעהר לעבעדיגער, נאָך מעהר שפּאַסהאַפטער און יעדער בעזונדער האָט געזוכט וואָס מעהר דערגזנ׳ען דעם אָרימען פּעפּאָ. און דער היימישער וויין האָט אַלץ מעהר אַנגענעהם געקיצעלט דעם האַלז...

— נאָך אַ גראַפין... נאָך איינעם... — האָט דאָן בערגאַמינאַ אַלע מאָל אַ געשריי געטהאָן און אַרונטערגעלאָזט אַ זעץ אין טיש.

פּעפּאָ איז געוואָרען גאַנץ נישקשה׳דיג פּערלעקט און מיט פּער־טומאַניטע פון גליק אויגען און מיט אַ שווערער, פּלאָנטערענדע צונג האָט ער דערצעהלט דאָן בערגאַמינאַ פון דעם חזיר׳ל און די גאַנצע צייט ניט אַרויסגעלאָזט יענעמ׳ס אַרבּעל פון זיינע פינגער.

עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאכט. די לבנה איז שוין פערגאנגען, ווען די „פריינד" זיינען ארוים פון שענק. פּעפּאָ איז געפאלען פון די פיס און ביים ברעג איז ער טאקע שיעור ניט אריינגעפאלען אין וואסער. רעסטאבילימא האָט דאן געמאכט א פאָרשלאָג:

— חברה, לאָמיר מקיים זיין א מצוה, לאָמיר דעם שלים מזל אָבפיהרען א היים.

און זיי זיינען מיט איהם געגאנגען, האלטענדיג איהם ביי די אקסלען, צווישען רייהען אָטאָפאָליעס. פּעפּאָ האָט געהאלטען אין איין באלאבאָטשען מיט דעם צונג און אָנגענומען די שאָטענס פון די בוימער פאר מענשען.

— הא, וויפיעל מאָנאכען... וויפיעל...

ציאוואלא האָט אונטערגעהאָלפען:

— זיי קומען אין נאָמען פון דעם הייליגען אנטאָניא.

און פּעפּאָ האָט פּלוצים געזאָגט מיט בענקעניש: „אָבער, לעקרוציא... לעקרוציא, זיעבען מאָס זאלץ וועט ניט זיין גענוג פאר דעם חזיר׳ל... וואָס וועלען מיר אָנהויבען טהאָן?

קומענדיג גאנץ נאָהענט צום הויז, האָבען די פריינד פּלוצים איבערגעלאָזט פּעפּאָ׳ן. מיט שווערקייט האָט ער ארויפגעקלעטערט די טרעפּ, ניט אויפהערענדיג צו זאָרגען זיך, אז עס וועט ניט זיין גענוג זאלץ. נאכהער האָט ער זיך אַוועקגעוואָרפען אויפ׳ן בעט, וואו ער איז געבליבען ליגען בעוועגלאָז און די טהיר איז געבליבען אָפען.

ציאוואלא און רעסטאבילימא, וועלכע האָבען זיך פון פריהער צו געגרייט מיט אלע נויטהיגע אינסטרומענטען, האָבען זיך באלד גענומען צו דער ארבייט. דער הימעל איז געווען אָנגעשפּיגעוועט מיט פינקלענדע שטערען און א קיהל ווינטעל האָט פון מאָל צו מאָל פערבלאָזען.

מיט שטילע, לאנגזאמע טריט האָבען זיי זיך גערוקט, איינהערענדיג און צוקוקענדיג זיך אין אלע זייטען און ציאוואלא האָט אין די זען פאל ארויסגעצייגט אלע זיינע מעלות פון א ספּריטנעם יעגער.

רעסטאבילימא האָט זיך קוים איינגעהאלטען ניט אויסצושיסען אין א פרעהליכען געלעכטער, אלס ער האָט געזעהען די אָפענע טהיר. אין הויז האָט געהערשט א פאָלקאָמע שטילקייט. פערדאנקענדיג די

שיין, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגען דורך די שויבען, האָט מען גע־קענט זעהען די אונדייטליכע סימנים פון דעם חזיר. מיט דער גרעס־טער פּאָרזיכטיגקייט האָבען די גנבים אויפגעהויבען די שווערע „משא” און זי ארויסגעטראָגען אין דרויסען. לאַנג און אָנשטרענגענד האָבען זיי זיך צוגעהערט אין אַלע זייטען. ערגעץ וואו האָט א האָהן א קרעה געטהאָן און באַלד האָבען זיך פון אַלע זייטען אָבגערופען אַנ־דערע.

דאָן האָבען זיך די שווינדלער מיט דער משא אויף די פּלייצעס געלאָזט אין וועג אריין, נאָר אַזוי ווי די גנבה איז געווען זעהר א שווערע, האָבען זיי זיך קוים, קוים דערשלעפּט ביז צו בערגאמינאַ'ס הויז.

## 4.

אויפ'ן צווייטען אין דער פריה איז פּעפּאָ אויפגעשטאַנען א ניכ־טערער. און אַזוי ווי די גאַנצע נאַכט האָט זיך איהם גע'חלום'ט דאָס געקוילעטע חזיר'ל איז דאָס ערשטע, וואָס ער האָט געטהאָן איז גע־ווען צו געהן צום קעמעריל. אום גוט צו זעהען האָט ער זיך אויסגע־ווישט די אויגען, אָבער צו זיין גרויסען בעדויערען, האָט ער גאָר ניט געהאַט, וואָס צו זעהען.

עס איז איהם געוואָרען זיעבען לעבער אין הארצען. ער איז שנעל ארויס פונ'ם קעמערעל און, דערזעהענדיג די אָפענע טהיר אין הויף אריין, האָט ער א שרעקליכען געשריי געטהאָן, ארונטערגעלאָפען די טרעפּ, צוזאמענגערופען די פּויערים און ביי זיי געפרעגט וועגען דעם חזיר'ל. זיין שטימע איז געוואָרען אַלץ שטארקער, אַלץ העכער און זי האָט דערגרייכט די אויערען פון ציאוואלא און רעסטאביליטאַן.

זיי זיינען צוגעקומען צו פּעפּאָ'ס הויז פּאַלקאָם רוהיג, פערטיג נאָך פון פריהער אָבצושפּיעלען א קאָמעדיע. ווען פּעפּאָ האָט זיי דער־זעהן, האָט ער זיך מיט א רחמנות פּנים צוכליפּעט, ווי א פרוי:

— הא, ווי אונגליקליך איך בין... מען האָט דאָך ביי מיר צוגע'גנב'עט דאָס חזיר'ל... איך בין אַן אונגליקליכער, אַן אונגליק־ליכער... וואָס זאָל איך טהאָן?

רעסטאביליטא האָט א ווײלע מיט א געלעכטעריל, מיט האַלב־

צוגעמאכטע אויגען געקוקט אויף פעפאָ. נאכהער האָט ער אָנגעבויגען דעם קאָפּ אויף א זייט און זיך גוט איינגעקוקט צו שפּיעלט זיך די קאָמישע ראָלע גוט.

— אויסגעצייכענט! — האָט ער ענדליך געזאָגט — דו וועסט דיין ראָלע שפּיעלען וואָס מען דאַרף גאָר ניט בעסער.

פעפּאָ, ניט פערשטעהענדיג קיין זאַך, האָט אויפגעהויבען אויף איהם זיין נאַסע אויגען.

— אָט אַזוי! — האָט ציאוואלא צוגעגעבען — אָט אַזוי דאַרף מען טאַקע טהאָן!

— אָבער באמת, זאָג איך דיר, אַז איך האָב דיך גאָר קיין מאָל ניט גערעכענט פאַר אזא פלאפלער — האָט רעסטאַביליטא ווידער אויסגעשריען — איך גראַטוליר דיך. עס איז אויסגעצייכענט...

— וואָס רעדסט דו דאָרט אַזעלכעס? — האָט דער אונגליקליכער געמורמעלט — מען האָט דאָך ביי מיר צוגע'גנב'עט דעם חזיר!... ווי אַזוי וועל איך מיך, אונגליקליכער, צוריק קעהרען אהיים?...

— גוט, גוט, גוט! — האָט רעסטאַביליטא געהאַלטען אין איין איבערשרייען — אָבער פּרוביר נור צו שרייען נאָך העכער. פּרוביר נור אויסרייסען נאָך עטליכע האָאר פון קאָפּ... זיי נאָר נאָך מעהר פערצווייפעלט... אָט אַזוי... אָט אַזוי... יעצט ביסט דו א מאַלאָ־דעץ!

און פעפּאָ האָט אַלץ געקלאָגט:

—אָבער איך זאָג דיר בנאמנות... אַך, וואָס זאָל איך טהאָן? וואָס זאָל איך טהאָן?

— נאָך שטאַרקער.... קיינער זאָל ניט קענען זיין בכח דיך איינצוהאַלטען. וואָס מעהר דו וועסט וויינען אַלץ גיכער וועט מען דיר גלויבען...

— זאָל איך שטאַרבען דאָ אויפ'ן פּלאַטץ אויב איך זאָג א ליגען! — האָט פעפּאָ געשריען אויסער זיך פון כעס און צער. — וואָס איך זאָג אייך איז אמת.

— אָרעם קינד... אונשולדיג פויגעלע... — האָט ציאוואלא געזאָגט מיט א גלעכטער — רעסטאַביליטא, לאָמיר איהם אריינ־לעגען א פינגער אין מויל אריין. דוכט זיך, אַז עס האָבען זיך ביי איהם נאָך ניט דורכגעשניטען קיין צעהנדעלעך. הער, דו שוטה בן פיק האָלץ,

ווי אַזוי קענען מיר דיר גלויבען, אַז ערשט נעכטען אבענד האָבען מיר געזעהען דיין חזיר'ל ליגען אָט דאָ אויף דיעזען פּלאַטץ? פּיעלייכט האָט איהם דער הייליגער אַנטאָניא געשענקט אַ פּאָאַר פליעגעלעך און ער איז פּשוט אװעקגעפלויגען.

— צום טייוועל מיט דיין אַנטאָניא... **איך זאָג אייך** דעם ריינעם אמת...

— אָבער עס איז דאָך אונמעגליך.

— אמת!

— ניט אַזוי...

— יאַ אַזוי...

— ניט אַזוי...

— אַזוי... אַזוי... עס איז יאַ אַזוי... **איך בין פערלאָרען...** אַך, וואָס זאָל איך טהאָן?... און פּעפּאָ האָט דאָ אָנגעהויבען אַזוי צושרייען, אַזוי צו וויינען און זיך אָנטהאָן מעשים, אַז ציאַוואַלאַ האָט רחמנות בעקומען אויף איהם.

— זאָל זיין געגנוג... מיר פאַנגען דיר שוין אָן צו גלויבען... יעצט, ווען דאָס אַלעס, וואָס האָסט געזאָגט איז אמת, וועלען מיר זעהן מיט עפּעס צו העלפען...

— אָבער ווי אַזוי? — האָט דער אונגליקליכער געפרעגט מיט אַן אויפגעוואַכטער האָפנונג און כמעט מיט אַ שמייכעל.

— אָט וואָס — האָט רעסטאַבּיליטאַ פאַרגעשלאָגען — דער גנב האָט געמוזט זיין איינער, וואָס וואָהנט גאַנץ נאָהענט אַהער... ער איז דאָך טאַקע, נאָך אַלעמען, ניט געקומען אומיסטען צו פאָהרען פון אינדיע נאָך דיין חזיר'ל... ניט אמת, פּעפּאָטשקע?

— אמת, אמת — האָט פּעפּאָ צוגעגעבען, אויסווישענדיג די לעצטע טרעהרען.

— הער זשע וואָס! — האָט רעסטאַבּיליטאַ איבערגע'חזר'ט מיט התלהבות פון פּעפּאָ'ס אויפמערקזאַמקייט — אויב טאַקע יאַ אַזוי, אויב, אַז דער גנב איז טאַקע ניט געקומען אונמיסטען פון אינ־דיע נאָך דיין חזיר'ל, טאָ האָט איהם געוויס איינער פון דיינע שכנים אוועקגע'גנב'עט. נו, וואָס האָסט דו עפּעס וועגען דעם צו זאָגען?

— אמת, דו ביסט גערעכט.

— וואָס זשע דאַרפען מיר, אין אַזאַ פאַל, טהאָן? דאַרפען

מיר צוזאמענרופען אלע גוים און דורך א כישוף אויסגעפינען דעם גנב. און אז מיר וועלען געפינען דעם גנב, וועלען מיר געפינען דעם חזיר.

פעפא'ס אויגען האבען געפלאמט מיט פרייד.

— וואס עס איז דיר בעקאנט — האט רעסטאבּיליטא געזאגט,

— זיינען פאראן דריי מינים כישוף. א ווייסער, א רויטער און א שווארצער. דו מוזט אויך וויסען, אז אין אונזער סביבה וואהנען דריי פרויען, יעדע איינע פון וועלכע צייכענט זיך אויס בלויז אין איין מין כישוף. ראזע שיאוואנא, ראזאריא פאירא און שעניליא. דער אויסוואהל איז פאר דיר.

נאך אייניגע מינוטען בעדענקען זיך, האט פעפא אויסגעקליבען ראזאריא פאירא.

— אויסגעצייכענט! — האט רעסטאבּיליטא אויסגעשריען. — איך מיט ציאוואלא געהען מיר אוועק צו איהר און מיר וועלען זיין צוריק ביי דיר נאך פאר אנבייסען.

און ביידע פריינד האבען זיך שנעל אוועקגעלאזט אין דארף אריין. זיי זיינען צו ערשט אוועק צו פאצענטרא, זייערען א גוטען פריינד און אן אפּטהעקער און אנגעקויפט ביי איהם פערשיעדענע אונשעדליכע זיסע זאכען און איהם געבעטען, אז ער זאל אלעם פער־פערטיגען אין פילען די גרויס פון א ניסעל. נאכהער איז רעסטאבּי־ליטא אוועק ערגעץ און האט זיך באלד צוריקגעקעהרט מיט א קאנ־ווערט אין וועלכער עס איז געווען טרוקענע צואה פון א הונד. פון דעם לעצטען מאטעריאל האט דער אפּטהעקער געצוואונגענערהייד געמאכט נאך צוויי פילען, וועלכע זיינען געווען עהנליך אויף די פריהערדיגע. אבער אום זיי צו דערקענען האט מען אויף זיי געמאכט קליינע סימנים.

נאך דיעזער מעכאנאציע זיינען זיי אוועק צוריק צו פעפאן, וועלכער האט זיי שוין ערוואַרטעט מיט א קלאפּענדען הארץ און מיט דער נשמה אויף דער שפּיץ נאז. דערזעהענדיג פון ווייטען דעם דארען ציאוואלא, האט פעפא אויסגעשריען:

— נו, וואס הערט זיך?

— אלעס אויסגעצייכענט! — האט רעסטאבּיליטא געענט־פערט אין א רוהיגען טאן, אנצייגענדיג אויף דעם קעסטעלע, אין

וועלכען עס זיינען געווען די מופת'דיגע פילען. — אָבער, הער, נאָך אַ זאַך, היינט איז דער טאָג פון דעם הייליגען אַנטאָניאָ. היים זשע אויפקאָרקעווען אַ פעסעל גוטען וויין און זיי מכבד אַלע גוים און נאָכהער, ווען זיי וועלען אויסטרינקען אַביסעל משקה, וועל איך זאָגען און טהאָן אַלעס, וואָס איך דאַרף זאָגען און טהאָן.

.5

אין פערלויף פון צוויי שטונדען זיינען אַלע גוים פון דער סביבה געווען פערזאַמעלט אויף דער איינלאַדונג פון פעפּאָ. ווערענד זיי האָבען געוואַרט ביז מען וועט זיי מכבד זיין מיט דער משקה, האָבען זיי זיך דערווייל אויסגעלעגט אויפ'ן שטרוי און אויסגעצויגען זייערע אוראַדישע, אויסגעקרומטע פון שווערער אַרבייט פיס.

ציאַוואַלאַ און רעסטאַבּיליטאַ האָבען זיך ניט געלאָזט וואַר־טען. האַלטענדיג אין איין האַנד דאָס קעסטעלע מיט די פילען, האָט רעסטאַבּיליטאַ געהייסען די גוים זיך אויסשטעלען אין אַ פּינקטליכען ראָד און נאָכהער, מיט מאַניערען, וועלכע זיינען פּאַסענד אין אַזאַ פאַל, האָט ער געהאַלטען אַ קורצע רעדע:

— גוטע מענשען און ליעבע פריינד! איך בין פאָלקאָם זיכער, אַז ניט איינער פון אייך ווייסט די אמת'ע אורזאַכע וואָרום סינאָר פעפּאָ דע סעיר, האָט אייך איינגעלאַדען אַהער.

שטימען פון פערוואונדערונג און שטוינונג האָבען זיך געטראָגען צווישען די פערזאַמעלטע פּויערים און די פרייד פון דעם געדאַנק, אַז זיי וועלען מאַכען אַ גוטע כוסה איז שנעל פערוואָלקענט געוואָרען פון דער אונוויסענדער אונרוהיגקייט.

דער רעדנער האָט פאָרטגעזעצט:

—כדי אויסצומיידען אונפערשטענדליכעס, וועל איך אייך דער־צעהלען דעם תוך פון דער זאַך.

די פּויערים האָבען זיך צוגערוקט נעהענטער.

—עס האַנדעלט זיך אין דעם, אַז לעצטע נאַכט האָט מען ביי פעפּאָן צוגע'גנב'עט אַ חזיר. ווער דער גנב איז — ווייסט מען נאָך פאָרלויפיג ניט, אָבער קיין ספק, אַז ער געפינט זיך דאָ צווישען אונז.

קיינער פון אייך וועט דאָך ניט דענקען, אז אימיצער איז אומיסטען געקומען פון אינדיע כדי צו מאַכען די גנבה.

ביים וואָרט „אינדיע” האָט זיך פעפּאָ שרעקליך צוניסט. אויס־וואַרטענדיג ביז דער „ניסער” האָט זיך בערוהיגט, האָט רעסטאַבי־ליטאַ פאָרטגעזעצט מיט דער זעלבער ערנסטקייט:

— כדי אויסצוגעפינען דעם גנב, האָט פעפּאָ בעשלאָסען אייך מכבד צו זיין מיט וויין און צוקערקעלעך. אָבער איך בעוואָהרען אייך פריהער, אז אזוי שנעל ווי דער גנב וועט נעהמען די צוקערקע אין מויל אריין, וועט איהם אזוי ביטער ווערען, אז ער וועט מוזען אַלעס אויס־שפּייען. ווילט איהר זיך יעצט אונטערוואַרפען דער פּראָבע? אָדער מעגליך, אז דער גנב וועט זיך בעדענקען און וועט אַוועקגעהן צום גלח זיך מתודה זיין. טהוט וואָס איהר ווילט.

— מיר ווילען עסען און טרינקען! — האָבען אַלע אין איין שטימע אויסגעשריען.

די מאַסע איז מיט אַמאָל געוואָרען אויפגערעגט. יעדער, וואָס איז אונטערגעגאַנגען אויף די פּראָבע, האָט אָנגעהויבען קוקען אויפן חבר און צו דער זעלבער צייט אומיסטען ארויסגעצייגט זיין פרעהליכ־קייט.

— שטעלט אייך איינער הינטער'ן צווייטען! — האָט ציאוואלא בעפוילען — יעדער מוז זיין אויפ'ן אויג.

אויסשטעלענדיג אַלע, האָט רעסטאַביליטאַ אָנגעפאַנגען אויס־טהיילען דעם „כיבוד”. צוקומענדיג צו פעפּאָן, האָט ער אונבעמערקט ארויסגענומען די פּיל מיט'ן סימן... זי דערלאַנגט דעם אונגליקלי־כען און געגאַנגען ווייטער גלייך ווי גאָר ניט איז געשעהן.

פעפּאָ, וועלכער איז די גאַנצע צייט געווען געשפּאַנט צו בע־מערקען דעם גנב, האָט אויף שנעל אריינגעכאַפּט די פּיל אין מויל אריין און זי מיט אַמאָל צוקייט. פּלוצים האָט זיך זיין אויבערשט האַלב מויל ארויפגעצויגען ביז צו די אויגען, די ווינקלען פון די ליפּען האָ־בען זיך צושפּאַרט, די שלייפען און די הויט פון דער נאָז האָבען זיך בעדעקט מיט צאָהלרייכע פאַלדען, דאָס גאַנצע פּנים האָט אויסגע־דריקט אַ גרימאַסע פון שרעק און עקעל, אַ ציטער איז אריבער איבער זיין גאַנצען לייב, אַ גודנעסט איז איהם ארויף פונ'ם מאָגען ביז'ן גאָר־

געל און דער אונגליקליכער פעפּאַ איז געווען געצוואונגען אַלעם ארוים־צושפּייען פון דעם מויל.

— האָרך נור, פעפּאַ, וואָס איז דאָרט אזעלכעס מיט דיר ? — האָט טאַלעסיר, אַן אַלטער קאַלדראָוואַטער פּאַסטוך, אויסגעשריען.

רעסטאַביליטא, וועלכער האָט נאָך ניט געהאַט צוטהיילט יעדען איינעם זיין חלק, האָט זיך שנעל אומגעקוקט אויף דעם געשריי. דער־זעהענדיג די ליידען פון פעפּאַן, האָט ער געזאָגט מיט אַ גוטען איי־דעלען טאָן:

— וואהרשיינליך איז דיין צוקערקע ניט געווען גוט געמאַכט. נאַ דיר אַ צווייטע — און ער האָט איהם דערלאַנגט די צווייטע פּיל מיט'ן סימן.

דער אונגליקליכער, פיהלענדיג אויף זיך דעם פּאַסטוך'ס אָנגע־שטרענגטען און פערדעכטיגען קוק, האָט אָנגעווענדעט אַלע כחות, אום איבער צוטראָגען דאָס ביטערקייט, ער האָט שוין די פּיל ניט צוביסען און ניט ארונטערגעשלונגען. זאָנדערן זי געהאַלטען צווי־שען די צייהן. אָבער פון דער ווארעמקייט פון דעם אָטהעם און פון דעם שפּייעכטס איז די פּיל צוגאַנגען געוואָרען און פעפּאַ'ס ליידען זיינען געוואָרען נאָך ערגער פון פריהער. די ווינקלען פון די ליפּען האָבען זיך נאָך מעהר צושפּארט, די גאַנצע נאָז און די אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרעהרען, וועלכע האָבען אין ריטשקעווייז גערו־נען אויף דעם אויבערשטען מלבוש. ניט זייענדיג מעהר אין כח אויסצור־האַלטען, האָט פעפּאַ ווידער אויסגעשפּיגען די צוקערקע.

— וואָס איז ווידער מיט דיר ? — האָט טאַלעסיר נאָך אַמאָל אויסגעשריען.

אַלע פּויערים האָבען באַלד ארומגערינגעלט פעפּאַן, אייניגע מיט אַ געלעכטער, אַנדערע מיט כעס. זייענדיג אויפגערעגט פאַר וואָס מען האָט זיי אומזיסט אומנישט פערדעכטיגט, האָבען זיי אָנ־געפילט די לופט מיט ציגישע קללות.

— מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָסט דו אונז געבראַכט אהער, דו הינטישער זוהן ? און ארויף צו וואַרפען דיין שולד אויף פרעמדע קעפּ ? דו וועסט זיין דער גנב און מיר זאָלען זיין פעראַנטוואָרטליך ? אַ, דו גנב, דו פאַדליעץ, דו כלב שבכלבים ! מאַכען פון אונז דאָס געלעכטער ! ... מיר וועלען דיר צייגען ווי אַזוי צו לאַכען פון אונז —

און צוברעכענדיג אַלעס, וואָס איז געווען ארום זיי, אין פּיץ־פּיצע־לעך, זיינען זיי אוועקגעגאנגען, און לאנג לאנג איז נאָך זייער תוכחה געשטאנען אונטער די אָטאָפּאַליעס.

עס זיינען בלויז געבליבען ציאוואלא, רעסטאביליטא און פּעפּאָ. דער לעצטער איז געשטאנען אין געהאקטע וואונדען פון וועהטאָג און שאנדע, מיט א מויל פול מיט פּאסקודסטווע, ווי א גולם.

רעסטאביליטא האָט פון אונטער זיינע אראָבגעלאָזענע ברעמען געקוקט אויף דעם שלים מזל און מיט פאַרוואורף געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און ציאוואלא האָט מיט א טאָן דורכגעוועבט מיט שפּאָס, גע־זאָגט:

— אָבער זאָג כאָטש נאָך אַלעמען, פאר וויפיעל האָסט דו פער־קויפט דעם חזיר? אָט דאָס הייסט א מאַלאָדיעץ!... א ספּריטנער יונגאטש!...



# טאַטאַ.

מיט'ן שמוציגען פּנים, מיט די שווארצע, הארטע האָר, מיט די שארפע לויפענדע אויגען — איז ער מערקווירדיג עהנליך געוועזען אויף א בערעלע, וועלכעס איז ארויסגעקראָכען פון עפּעס א שרעקליכער מאיעילער העהל.

אין דער ווארימער צייט פון יאהר איז ער תמיד אומגעלאָפען איבער די פעלדער; גע'גנב'עט פרוכטען, אבגעגעסען די וויינפּערלעך פון פרעמדע פּלויטען און די קערעלאך געווארפען אין די יאשצערי־צעס, וועלכע האָבען זיך געצערטעלט אויף דער זונן, און נאָך יעדען איינפאל זיינעם האָט ער ארויסגעלאָזט קורצע, הייזעריגע קולות, וואָס האָבען דערמאָהנט אָן דעם בילען פון א הונט אויף א קייט אָדער אָן דעם אָבגעריסענעם קוויטשען פון א קינד בשעת מען וויקעלט עס איבער.

דער אָרימער טאָטאָ איז געווען שטום. גזלנים האָבען איהם די צונג אויסגעשניטען.

ער האָט דאמאָלסט געפאשעט קיה. ער האָט זיי אָבגעפיהרט אין די פעטע פעלדער, וועלכע זיינען געווען געדיכט בעוואקסען מיט פער־שיעדענע גראָזען. דאָרט האָט ער געשפּיעלט אויף זיין פייפעלע און געקוקט אויף די וואָלקענס, וועלכע האָבען געהאנגען איבער דער מאַ־טע בערג, אָדער אויף די ווילדע קאטשקעס, וואָס האָבען זיך געשראָקען פון דעם אָנקומענדען שטורם־רעגען.

אין איינעם פון די שטיקענדע זומער טעג, ווען א סיראקקא זיד־אסט ווינד) האָט גרויזאם געטרייסעלט די דעמבעס און דער בארג מאיעילא איז מעלאנכאָליש געלעגען בעהאַלטען אונטער די פּיאָלע־כּצווע פארעס, איז דער גזלן מאָר געקומען מיט זיינע צוויי חברים און געוואָלט אוועקפיהרען איינע פון די בעסטע קיה. ווען דער קליינער

פאסטוך האָט אָנגעהויבען שרייען און רופען צו הילף, האָבען איהם די רוצחים אָבגעשניטען א שטיקעל צונג און מאָר האָט געזאָגט:

— יעצט,מאהם, קענסט דו גהן דערצעהלען.

כמעט א בעוואוסטלאָזער, פערגאָסען מיט בלוט, ווארפענדיג, פון פחד, מיט די הענט, איז טאָטאָ געקומען צולויפען אהיים. — נור טאקע דורך א נס איז ער געבליבען לעבען — און זייט דאן האָט ער ניט פערגעסען מאָרען.

איין מאָל האָט ער איהם דערזעהן אין גאס. סאָלדאטען האָבען איהם געפיהרט א געקאָוועטען. האָט ער איהם געוואָרפען א שטיין אין זייט און איז אַנטלאָפען מיט א געלעכטער.

אין א צייט ארום נאָך דער שרעקליכער פאסירונג האָט ער פער־לאָזט זיין אַלטע מוטער אין איהר געלען שטיבעל, אונטער דעם צו־וואקסענעם דעמב און אָנגעהויבען ארומוואנדערען, תמיד א שמור־ציגער, א באָרפיסער, א הונגעריגער, אַן אָבגעריסענער... קליינע אינגלאך פלעגען איהם תמיד פערפאָלגען און דאָס האָט איהם שרעק־ליך געערגערט. ער האָט ליעב בעקומען צו מוטשען אנדערע, און אָפט מאָל אויסציהענדיג זיך אויף דער באַקענדער זונן, פלעגט ער פער־ברענגען די צייט דער מיט, וואס ער האָט לאנגזאם געמאטערט און געמוטשעט א יאשצעריצע אָדער א שעהן, קאָלירענדיג באַביטשקע־לע.

ווען די אינגלאך פלעגען איהם צופיעל מרגז זיין, דאן פלעגט ער אָנהויבען ריטשען, ווי א ווילדער חזיר, וואס ווערט פערפאָלגט פון הינט. איין מאָל האָט ער אונברחמנות'דיג אָנגעשלאָגען איינעם פון זיינע פערפאָלגער און זייט דאן האָבען זיי איהם געלאָזט צו רוה.

בלויז איין נינא, די גוטע, שעהנע, טהייערע נינא, האָט איהם ליעב געהאט. דאָס איז געווען א קליינינקע, דארינקע, מיידעלע, מיט א קלייענדיג פנים'ל, מיט גרויסע אויגען און מיט א געדיכטע סטורטע ליכטיגע האָאָר.

צום ערשטען מאָל האָבען זיי זיך בעגעגענט אונטער דעם בארג סאן־פאָקקאָ.

נינא איז געזעסען אין א ווינקעלע און מיט זשעדניקייט געגע־סען א שטיקעל ברויט. טאָטאָ האָט מיט טרויעריגע אויגען געקוקט

אויף דער „רייכער" מיידעלע און זיך ניט אויפגעהערט צו בעלע־קען.

— פילייכט ווילסט דו א שטיקעל ברויט? — האט נינא געפרעגט מיט א דינענקען קול׳כעל און אויפגעהויבען אויף איהם איהרע גרויסע אויגען, וועלכע זיינען געווען ליכטיג, ווי דער הימעל אין סעפטעמ־בער. — אויב דו ווילסט קען איך דיר געבען א שטיקעל.

מיט א שמייכעלע איז טאטא צוגעגאנגען נעהענטער און גענומען א שטיקעל ברויט.

די גאנצע צייט פון דעם עסען האבען זיי ביידע געשוויגען. קיין איין פיפס ניט געטהאן, זאנדערן זיך איינינע מאל בעגעגענט מיט די אויגען און זיך איבערגעביטען מיט א שמייכעלע.

— פון וואנען ביסט דו? — האט נינא ארויסגעמורמעלט.

טאטא האט איהר מיט צייכענס געגעבען צו פערשטעהן, אז ער קען ניט רעדען און, ברייט פונאנדערעפענדיג דאס מויל, האט ער איהר געוויזען דעם שווארצען שטיק צונג. זי האט זיך מיט שרעק אבגעקעהרט פון איהם.

דאס האט דעם ארימען, אונגליקליכען אינגעל געריהרט ביז צו טרעהרען און ער האט זיך שטארק צוגעריהרט צו איהר האנד, ווי וועלען איהר זאגען:

— טהו עס ניט... געה ניט אוועק פון מיר... זיי א גוּ־טינקע....

אבער פון זיין האלז האבען זיך אנשטאט ווערטער ארויסגעריסען בלויז זאנדערבארע, הייזעריגע קולות, וועלכע האבען געצוואונגען נינא׳ן אויפצושפרינגען פונ׳ם פלאטץ.

— זיי געזונד! — האט זי אויסגעשריען, אוועקלויפענדיג.

אבער זיי האבען זיך נאכדעם נאך איינינע מאל בעגעגענט א[illegible] זיינען אזוי ביסלעכווייז צוגעשטאנען איינער צום צווייטען, ווי [illegible] ברודער און א שוועסטער.

זיי האבען זיך געזעצט אויף דער זונן איינער לעבען צווייטען. טאטא האט ארונטער געלאזט זיין גרויסען, דונקעלען קאפ אויף נינא׳כ קניען און גליקליך צוגעשלאסען די אויגען, אלס דאס מיידעלע האט מיט איהרע קליינע הענטעלעך איבערגעקלויבען זיינע האאר און איהב

צום הונדערטען מאָל דערצעהלט איינע און די זעלבע מעשה פון א כישוף מאכער און א קעניג׳ס א טאָכטער:

„עס האָט אמאָל געלעבט א קעניג און ער האָט געהאַט דריי טעכטער. די אינגסטע האָט מען גערופען סטעלינא. זי האָט געהאַט גאָלדענע כוואַליעס האָאר, דימענטענע אויגען און יעדער איינער, וואָס האָט זי בעגעגענט, האָט געזאָגט: אָט געהט די „מאַדאָנע" און מען איז פאר איהר געפאלען מיט׳ן פנים צו דער ערד.

נור איין מאָל, ווען זי האָט שפאצירט אין גאָרטען און אויפ־געקליבען, האָט זי דערזעהען אויף א בוים א שעהנעם, גרינעם פאָ־פוגאי" . . .

טאָטאָ פלעגט אונטער דער צאַרטער, לאַסטשענדער שטימע פער־וויעגט און אנשלאָפען ווערען, און אין שלאָף חלום׳ען פון דער שעהנער סטעלינא... און נינא פלעגט אזוי פאַרטזעצען איהר מעשה אלץ לאַנגזאמער, אלץ שטילער... און ענדליך — אין גאַנצען אנשווייגען ווערען.

און די גוטע זונן האָט ליעבליך איינגעהילט די אָבגעריסענע, אונגליקליכע, רחמנות׳דיגע קינדער אין איהרע בריהענדע שטראַה־לען....

*

* *

אזוי האָבען זיי געלעבט לאַנג, לאַנג; געטהיילט צווישען זיך אי לייד, אי פרייד, אי די נדבות פון גוטע מענשען; פערבראַכט די נעכט אויף הארטע שטיינער; אויף גאַנצע טעג זיך ארייננגעגנב׳עט אין וויין־גערטנער און סעדער און געווען אונטער דער מורא ניט צו כאַפען א קויל אין זייט...

ווי עס האָט געשיינט איז טאָטאָ געווען פאָלקאָם גליקליך.

אָפט, פלעגט זיך מאכען, האָט ער א כאַפּ געטהאָן דאָס מיידעלע, וועלכעס האָט ניט פערדעכטיגט קיין זאַך, עס ארויפגעזעצט ריי־טענדיג צו זיך אויף די אקסלען און מיט ווילדער שנעלקייט, זיך גע־לאָזט איבער׳ן פעלד, געשפרונגען איבער גריבער, איבער קאַנאַוועס, איבער קוסטען און פעניעס, אזוי לאַנג ביז ער האָט זיך ניט פערסאָ־

פּעט און זיך ניט אָבגעשטעלט, רויט, ווי א פייער, אונטער א בוים אָדער אין מיטען טשערעט און אויסגעשאָסען אין א לאנגען, בילענ־דען געלעכטער. נאָך איהם האָט נינא אָנגעהויבען צו לאכען. נור, בע־מערקענדיג דעם שווארצען שטיק צונג ארומטאנצען אין טאַטאַ׳ס מויל בשעת לאכען, איז זי געבליבען שטעהן און א געפיהל פון אבשטוי־סענהייט האָט זי בעהערשט.

אָפט מאָל פלעגט עס טאַטאַ בעמערקען און דאן איז ער געבליבען א גאנצען טאָג א מרה שחורה׳דיגער....

*
* *

אָבער ווי ליעב און אנגענעהם דער אָקטאָבער איז!

קלאָהר און דייטליך מאָהלען זיך די פינסטערע בערג אין דער דורכזיכטיגער ליליען לופט.

ניא איז אנשלאָפען געוואָרען אויפ׳ן היי, און אין שלאָף האָט זי האלב פונאנדערגעעפענט איהר קליין מויל. טאַטאַ האָט זיך ארונטערגעזעצט און מיט אָנשטרענגקייט געקוקט אויף איהר.

דער אונגליקליכער האָט געטראכט. גאָט ווייסט פון וואָס ער האָט געטראכט. פיעלייכט פון סטעלינאן? פיעלייכט פון דעם רוצח מאָר? אָדער פיעלייכט גאָר פון דעם קליינעם געלען שטיבעלע, אונטער דעם צו וואקסענעם דעמב, וואו עס האָט געוואָהנט אן אלטעטשקע איינע אליין און מיט אונגעדולד געוואַרט אויף איהר זוהן? ווער ווייסט? ווער קען זאָגען?

דער אראָמאַט פון דעם היי האָט טאַטען ווי פערשיכור׳ט. עפּעס ווי א פייער, ווי א דראָזש, ווי א ציטער זיינען דורכגעלאָפען אין זיינע בליטען. זיך אויפגעהויבען צום געהירען און דאָרט ארויסגערופען גע־שטאַלטען, בילדער און מאָמענטאַלע ערשיינונגען.

האָט איהר אמאָל בעאָבאכטעט ווי א שטרוי ווערט פער־ברענט?

דאָס פייער בעריהרט קוים די שטרוי און שוין איז דאָ דער פלאַם. עס ברענט, עס בויגט זיך, עס קנאַקט, עס טראסקעט און מאָמענטאַל — שוין פערלאָשען, און עס איז גאָר ניט געבליבען אויסער א קופּע אַש. און אומזיסט זוכט אייער אויג דאָן דעם פלאַם...

אביסעל פערוואָרפען דעם קאָפּ א הינטער האָט נינא שטיל און

רוהיג געאַטהעמט. טאַטאַ האָט אין אָנפאַנג גענומען אַ סטעבעלקע שטרוי און זי איבערגעפיהרט אויף נינאַ'ס האַלז. נינאַ האָט, ניט אויפמאַכענדיג די אויגען, געמאַכט אַ בעוועגונג ווי אַרונטערצוטרייבען „דאָס פליגעלע" און האָט ליכט אָבגעזיפצט. טאַטאַ האָט זיך אַ ציה געטהאָן צוריק און זיך צולאַכט, פערשטעלענדיג דאָס מויל מיט'ן פויסט. נאַכהער האָט ער זיך אויפגעהויבען און איז אין דער שטיל אַוועקגעלאָפען; אַנגעריסען ווייסע בלימעלאַך, זיי צו וואַרפען אַרום נינאַן און זיך אַרונטערגעבויגען צו איהר אַזוי נאָהענט, אַזוי נאָהענט, אַז דער וואַרימער אָטהעם פון דעם מיידעלע האָט ליכט בע־ריהרט זיינע באַקען. דאַן האָט ער זיך נאָך נעהענטער און נאָך נעהענ־טער אַרונטערגעבויגען פונקט ווי אַ צויבער קראַפט וואָלט איהם גע־צויגען. נאַכהער האָט ער צוגעשלאָסען די אויגען און אַ קוש געטאָן נינאַ'ס ליפען. פון דער בעריהרונג האָט זיך נינאַ אויפגעכאַפט מיט אַ געשריי, נור דערזעהענדיג טאַטאַן מיט אַן אָנגעצינדענעם פּנים און צוגעמאַכטע אויגען, האָט זי אויסגעשאָסען אַ געלעכטער.

— שוטה'לע! — האָט זי אויסגעשריען מיט איהר דינינקען, צאַרטען קול'כעל, וועלכעם האָט מאַנכע מאָל געקלונגען, ווי אַ מאַנ־דאָלין.

און נאָכדעם זיינען זיי נאָך לאַנג דאָרט פערבליבען און זיך מיט געלעכטערס געוואָלאָיטשעט אין היי...

* *
*

אין איינעם אַ נאָוועמבער זונטאַג בייטאָג זיינען זיי געזעסען צוזאַמען אונטער אַן אָראָבגעהאַנגענעם שפּיץ פון דעם באַרג סאַן פּאקקאַ.

פון דער קלאָהרער, לויטערער הויכקייט האָט די זונן געוואָרפען אַ שוואַכע, צאַרטע שיין אויף די הייזער און אין דער גילדערנער לופט האָבען זיך אָבגעשטעלט דאָס קלינגען פון די גלעקער און דער רויש פון מענשען, וואָס איז געווען ענליך אויף אַ פּאַסיקע ביהנען.

טאַטאַ און נינאַ זיינען געווען איינע אליין. פון איין זייט האָבען

זיי געהאַט די פּוסטע גאַס, פון דער צווייטער — די שווייגענדע פעלדער.

— אַט קומט שוין אָן דער ווינטער... — האָט נינא זיך אָב־געראפּט, בעקוקענדיג פערזאָרגט איהרע נאַקעטע פיס און אָבגעטראָ־גענע שמאַטעס—באַלד וועט אויספאַלען א שנעע און אַלעס וועט ווערען ווייס. און מיר האָבען גאָר ניט. ניט קיין היים, ניט קיין קלייד, ניט קיין ווארעמקייט. הער, טאַטאַ, איז דיין מאַמע געשטאָרבען?

דער שטומער האָט ארונטערגעזונקען דעם קאָפּ, אָבער אין איינ־גע סעקונדען ארום האָט ער איהם צוריק אויפגעהויבען און מיט ברע־נענדע אויגען אָנגעצייגט אויף דעם האָריזאָנט.

— זי איז ניט געשטאָרבען? זי וואָרט? — טאַטאַ האָט געשאָ־קעלט מיט'ן קאָפּ אַלס א סימן פון בעשטעטיגונג און נאָכהער האָט ער מיט אַלערליי צייכענס זיך געסטאַרעוועט איבערצוגעבען:

— קום אין מיין היים. מיין היים איז דאָרטען, אונטען, ביי די פיס פון דעם באַרג... דאָרטען איז פאַראַן אי מילך, אי ווארעמקייט אי ברויט...

*

* *

און זיי זיינען געגאַנגען. געגאַנגען און זיך אָבגעשטעלט אין יע־דען דאָרף און דערפעל. געגאַנגען און אָפט געליטען פון הונגער און קעלט. גענעכטיגט אונטער'ן פרייען הימעל אָדער ביי דער טהיר פון א שטאַהל, פון א כליעוו. מעהר געליטען האָט נינא. איהר הויט האָט בעקומען עפּעס א מין ליליען קאָליר, איהרע אויגען — איינגעפאַלען, איהרע ליפּען — בלייך און בלאַס און די צובלוטיגטע פיס — געשוואָ־לען. דעם אָרימען טאַטאַ'ס האַרץ האָט זיך אין שטיקלאַך צוריסען, ווען ער האָט געקוקט אויף נינאַן. ער האָט זי געצוואונגען אָנצוטהון זיין אַלטען צוריסענעם רעקעל און די גרעסטע טהייל פון וועג האָט ער דאָס אונגליקליכע מיידעלע געטראָגען אויף די פּלייצעס.

איין מאָל אין אַן אבענד האָבען זיי זיך געפונען אויף אַן אבסאָלוט פוסטען פּלאַטץ, וואו מען האָט ניט געזעהען קיין לעבעדיגע זעעלע. א ווייסער שנעע, אויף אַן אייל די טיעף, האָט בעדעקט די גאַנצע

ערד און האָט נאָך פאָרטגעזעצט צו פאַלען אין גרויסע שטיקער, וועל־כע דער ווינד האָט געבלאָזען און געדרעהט אין א וויכער. נינא, ניט אויפהערענדיג צו ציטערען אין א פיעבער, האָט זיך ווי שלענגעל ארומגעוויקעלט ארום טאָטען און איהרע שטילע זיפצען און קרעכצען האָבען ווי מעסער זיך געשניטען אין דעם פערמוטשעטען, אָרימען, אונגליקליכען איינגעלם ברוסט. אָבער ער איז אַלץ געגאַנגען. געגאַנגען און מיט גוואַלד אָבגעשטויסען די מיעדקייט און געפיהלט לעבען זיין האַרץ נינא׳ס הערצעל קלאַפּען.

פּלוצים האָט עס אויפגעהערט קלאַפּען... די הענטעלאַך האָבען נאָך אַלץ זיך ארומגעהאַלטען ארום זיין האַלז, אָבוואָהל זיי האָבען איהם שוין יעצט געדריקט, ווי קאַלטער שטאָהל, און דעם מיידעל׳ס קעפּעלע האָט ארונטערגעהאַנגען אויף איין זייט.

טאַטאָ האָט א געשריי געטהאָן ווי אַן אָדער זאָל אין איהם האָבען געפּלאַצט, אָבער ער האָט נאָך פעסטער צוגעדריקט צו זיך דעם בע־וועגלאָזען קערפּער און געשפּאַנט אַלץ ווייטער און ווייטער איבער דעם גרענצלאָזען שטח, אונטער די וויכערנדע שטיקער שנעע, אין דעם שרעקליכען שטורם, וואָס האָט געשריען און געוואָיעט, ווי א צורייצ־טער, הונגעריגער וואָלף.

ער האָט געשפּאַנט אַלץ ווייטער און ווייטער, געשפּאַנט אַזוי לאַנג ביז זיינע מוסקולען זיינען פערשטאַרצט געוואָרען, ביז דאָס בלוט אין זיינע אָדערען איז פערקיהלט געוואָרען.

און דאַן איז ער אַנידערגעפאַלען. אָהן א סימן פון כח איז ער געבליבען ליגען, אָבער אַלץ ניט ארויסגעלאָזט פון זיינע אָרעמס נינא׳ס קאַלטען, פערשטיינערטען קערפּער, וועלכער איז געווען איינגעטשעפּעט אין זיין האַלז...

און דער שנעע האָט זיי פערשאָטען...



# עפיסקאָפּאַ.

איהר זאָגט איהר ווילט וויסען? — וואָס ווילט איהר וויסען? וואָס מוז איך אייך דערצעהלען? וואָס? אַלסדינג? אַזוי, איך מוז אייך דערצעהלען פון אָנפאַנג אָן!

אַלסדינג פון אָנפאַנג אָן! ווי קען איך עס? איך געדענק שוין ניט. איך פערזיכער אייך, אז איך הויב ניט אָן צו געדענקען. ווי זאָל איך יעצט טהאָן, מיין גנעדיגער הערר, אדרבא, זאָגט, ווי זאָל איך יעצט טהאָן?

הא, יא, עס איז געווען אזוי — אָבער ווארט, איך בעט אייך, האָט אביסעלע געדולד, ווייל איך קען ניט געפינען די ווערטער אָנצו־פאַנגען. ווען אַלעס זאָל מיר אפילו ליגען אין זכרון, וואָלט איך עס אויך, נאָך אַלעמען, ניט געקענט און ניט געוואוסט ווי אַזוי צו דער־צעהלען. נאָך ווען איך האָב געלעבט צווישען מענשען, בין איך געווען אַ שוויינער, אַן אונפעהיגער צום רעדען, זאָגאר ווען איך בין תמיד געווען אָנגעטרונקען, איז מיין צונג געווען צוגעקלעפּט צום גומען.

ניין, ניין, ניט תמיד. מיט איהם און בלויז מיט איהם האָב איך יא גערעדט. אמאָל אין די זומער־נעכט הינטער דער שטאָדט, ווייט אַרום דער סביבה אָדער זאָגאר אין די פאָלקס גערטנער, אין די טומעלדיגע, רוישיגע פּאַרקס. ער פלעגט אריינלייגען זיין קליין, אָהן ממשות'דיג הענטעל, וועלכעס איך האָב קוים געפיהלט, אין מיינער, און אזוי פלעגען מיר שפּאַציערען און דיסקוטירען איבער פערשיעדענע זאַכען.

עלף יאָהר — איהר הערט? — עלף יאָהר איז ער אַלט געווען און ער האָט ארגומענטירט, ווי אַ מאַן. ער האָט געזונקען אין מרה שחורה, געלעבט מיט געפיהל, ווי אַ דערוואַקסענער מענש. ער האָט אויסגעצייגט ווי דאָס לעבען וואָלט איהם שוין געווען פאָלקאָם בע־

קאנט — פול מיט לעבען — און אז ער האָט געליטען, תמיד געליטען און איבערגעלעבט עגמת־נפש. זיינע ליפּען זיינען שוין געוועזען צוגעוואוינט צו ביטערע ווערטער; ווערטער, וועלכע טוען פיעל שלעכטס, טהוען פיעל וועה און זיינען קיינמאָל פערגעסענד!

זיינען דען פאַראַן מענשען, וועלכע פערגעסען ניט קיין מאָל קיין זאַך? ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, ווייס איך יעצט גאָר ניט, איך געדענק ניט קיין זאַך. — האַ, דאָס איז ניט אמת!

איך געדענק אלצדינג, אַלצדינג, אַלצדינג! איהר הערט איך דערמאָהן זיך זיינע ווערטער, זיינע מאַנערען, זיינע מינעס, זיין קוק, זיינע טרעהרען, זיינע זיפצען, זיין געשריי, זיין וויינען, אַלעס, אַלעס ביז אין דער קלענסטער קליינינגקייט, א יעדע זאַך פון דער שעה אָן, וואָס ער איז געבוירען געוואָרען, ביז דער שעה, וואָס ער איז געשטאָרבען.

ער איז טויט. זעכצעהן טאָג יעצט זייט ער איז געשטאָרבען. און איך, איך לעב נאָך! איך האָב געדאַרפט שטאַרבען, און איך וועל גאָר אין גיכען שטאַרבען. עס וועט זיין בעסער אַזוי. מיין קינד, מיין שייפעלע, וויל מיך, זיין פּאַסטוך, האָבען לעבען זיך. ער קומט א יעדע נאַכט, זעצט זיך אַוועק און קוקט אויף מיר. ער געהט באָרפוס, מיין אָרימער ציראַן! איך מוז צולעגען מיינע אויערען אום צו הערען זיינע טריט. אַזוי ווי עס הויבט נאָר אָן נאַכט צו ווערען, זיץ איך שוין מיט אונגעדולד אויף דער וואַך, און אַזוי שנעל, ווי ער פאַנגט אָן בעטרעטען מיין הויז, פיהל איך, ווי ער וואָלט אָנגעפאַנגען צו שפּאַנען אויף מיין הארצען, אָבער מילד, צאַרט, אַזוי צאַרט, אז איך פיהל ניט דעם קלענסטען וועהטאָג. גרינג, לייכט, ווי א פעדער — אָרימע נשמה!

יעצט געהט ער יעדע נאַכט באָרפוס, אָבער איהר מעגט מיר גלויבען, אַז ווען ער האָט געלעבט, איז ער קיין מאָל ניט געגאַנגען באָרפוס, קיין מאָל, איהר מעגט עס מיר גלויבען אויף מיין הייליג וואָרט.

איך וויל אייך עפּעס זאָגען, אָבער די פּאָרזיכטיגסטע אויפמערקזאַמקייט פון אייער זייט. ווען אימיצער א טהייערער, א געליעבטער צו אייך זאָל שטאַרבען, פערגעסט ניט, אַז ער וויל, אַז ער נויטהיגט זיך צו האָבען א יעדע זאַך אין זיין טרונע. טהוט איהם דעריבער

אליין אָן מיט אייערע אייגענע הענד, אויב איהר קענט; טהוט איהם אָן פּאָלקאָם פּונקט ווי איהר זאָלט איהם ערוואַרטען צוריקצוקומען צום לעבען, אויפצושטעהען תחית המתים און פאַרטזעצען דאָס לע־בען. דער, וועלכער געהט אוועק פון דער וועלט, זאָל ניט האָבען קיין גויטה פאַר קיין זאַך — פאַר קיין זאַך. געדענקט עס!

גוט, קוקט אויף דיעזע קליינע שיכעלאַך — האָט איהר קינדער? ניין. דאן קענט איהר ניט וויסען, קענט איהר ניט פערשטעהן, וואָס אָט דיעזע קליינע פּאָאַר שיכעלאַך, וועלכע האָבען געהאַלטען אין זיך זיינע פיסעלאַך, וועלכע האַלטען און ציינען די פאָרמע פון זיינע פיסעלאַך, בעדייטען פאַר מיר. קיינער וואָלט עס אייך געקענט ער־קלעהרען, קיין פאָטער וואָלט עס אייך געקענט דערצעהלען, קיי־נער.

אין דעם מאָמענט, ווען זיי האָבען איבערגעטרעטען דעם צימער, ווען זיי זיינען געקומען מיך נעהמען, זיינען דען אַלע זיינע קליידער ניט געווען אויף דעם בענקעל, לעבען בעט? ווארום האָב איך דאמאָלס געטראַכט בלויז פון זיינע שיכעלאַך? ווארום האָב איך אזוי נייגעריג געזוכט אונטער דעם בעט און בשעת מעשה געפיהלט, אז אויב איך וועל זיי דאַרט ניט געפינען, וועט מיין הארץ פּלאַצען? ווארום האָב איך זיי אזוי געהאַלטען פּונקט ווי א טהייל פון זיין לעבען וואָלט געווען איבערגעלאָזען אין זיי? הא, איהר קענט עס ניט פערשטעהן!

ווינטער־צייט האָט דאָס אָרימע קינד געליטען פון וויעטער־באַלען. אזוי שרעקליך געליטען, אז זיינע פיסעלאך זיינען געווען אין וואונדען, איין בלוטיגע וואונד און אין די מאָרגענס, ווען ער האָט בע־דאַרפט געהן אין סקוהל, בין איך געווען דער איינציגער, וואָס פלעגט איהם אָנטהאָן די שיכעלאך. קיין אַנדערער, ווי איך אליין. איך האָב שוין געוואוסט ווי אזוי! דאן פלעג איך זיך ארונטערבוי־גען זיי צו פערשנורעווען, און ווען איך האָב דערפיהלט אויף מיינע אקסלען זיינע הענטעלאך, אָנפאַנגענדיג צו ציטערען, ווי אין א פיעבער, האָב איך שוין געוואוסט, אז איך מוז טהון מיין ארבייט גאָר פּאוואָליע און פּאָרזיכטיג. עס האָט איהם נעבעך וועה געטהאָן, מיין אָרעם שייפעלע — ניין, איהר קענט עס ניט פערשטעהן.

ווען ער איז געשטאָרבען, האָט ער מעהר ניט געהאַט ווי בלויז

די איינציגע פּאָר. איך האָב זיי צוגענומען פון איהם, און זיי האָבען איהם בעערדיגט א באָרפיסען, עפּעס ווי א קליין אָרעם קינד. איז דאָס מעגליך, אז קיינער האָט איהם ניט ליעב געהאַט אויסער זיין פאָטער?

און יעצט, נעהם איך יעדע נאכט די צוויי קליינע שיכעלאך און שטעל זיי אוועק לעבען דער שוועל איינס לעבען צווייטען. איך גרייט זיי אָן פאר איהם. אָבער צו זעהט ער זיי, ווען ער געהט דורך? פּיעלייכט זעהט ער זיי יא, נור ער ריהרט זיך ניט צו צו זיי. פּיעלייכט ווייסט ער, אז איך וואָלט משוגע געוואָרען, ווען איך זאָל זיי אויף דעם צווייטען מאָרגען ניט געפונען שטעהן איינס לעבען צווייטען, ווי איך האָב זיי אוועקגעשטעלט.

דענקט איהר מיך פאר משוגע? ניין? און מיר האָט זיך אויס־געוויזען, אז יא. ניין, מיין הערר, איך בין נאָך ניט משוגע. וואָס איך דערצעהל אייך איז אמת, אלעס אמת. דער טויטער קומט, יא, טויטע קומען צוריק פון זייערע קברים. פּיעלייכט וועט „יענער" אויך קומען... אוי, ווי שרעקליך, ווי שרעקליך עס איז!

זעהט, איך האָב גאנצע נעכט געפּלאָטערט, ווי איך פּלאָטער יעצט. עס האָט מיר געקלאַפּט א צאָהן אָן א צאָהן. איך האָב געפּיהלט, אז דער פּחד צושרויפט און צורודערט מיינע ביינער, איך האָב גע־פיהלט, ווען דער מאָרגען איז געקומען, אז מיינע האָאר שטעהען, ווי נאָדלען אויף מיין קאָפּ. איז מיין האָאר ניט ווייס? אין גאנצען ווייס, ניט אמת? זאָגט!

איך דאנק אייך, מיין הערר. איהר זעהט, איך פּלאָטער שוין יעצט ניט. וויפיעל יאָהר וואָלט איהר מיר געגעבען, קוקענדיג אויף מיר? איהר ווייסט, איך מוז שטאַרבען און וואָס שנעלער עס וועט גע־שעהען, דעסטאָ בעסער וועט זיין.

יא, יא, איך בין רוהיג, פאָלקאָם רוהיג און איך וועל אייך דער־צעהלען פון אָנפאנג אָן, ווי איהר ווילט, אלעס בסדר. מיין שכל האָט מיר נאָך ניט אָבגענומען, גלויבט מיר.

עס איז געשעהן אזוי. עס איז געווען אין א הויז אין דעם נייעם טהייל פון שטאָדט, א מין איינפאכער רעסטאָראן, מיט צוועלף אָדער מיט דרייצעהן יאָהר צוריק. מיר זיינען געווען צוואנציג פּערזאָן, אלע קלויערקס, אייניגע יונגע און אייניגע אלטע. ווען עס פּלעגט קו־

מען אַבענד, האָבען מיר אַלע צוזאַמען געהאַט אונזער מאָהלצייט אין איין שטונדע און ביי איין טיש. מיר זיינען געווען ניט מעהר ניט ווענינער בעקאַנט איינער מיט דעם צווייטען, אָבוואָהל מיר האָבען ניט געאַרבייט אין איין קאָנטאָר. עס איז געווען דאָרט, וואו איך האָב זיך בעקאָנט געמאַכט מיט וואַנצערען, גווילא וואַנצער, מיט אַ יאָהר צוועלף צוריק.

האָט איהר געזעהען דעם טויטען קערפּער? האָט עס אייך ניט אויסגעצייגט, ווי עפּעס אויסערגעוועהנליכעס וואָלט געווען אין פּנים און אין די אויגען? הא, יאָ, איך פערגעס, די אויגען זיינען דאָך געווען צוגעשלאָסען — אָבער ניט ביידע. ניין, ניט ביידע. איך ווייס עס גוט. איך מוז שטאַרבען אפילו בלויז צו בעפרייען מיינע פינגער פון דעם פיהלונג, וואָס האָבען צוגעמאַכט דאָס אויגען־דעקעל. איך פיהל עס אָט דאָ אויף מיין פינגער. זעהט מיין האַנד, איז עס ניט אַ האַנד, וועלכע האָט שוין אָנגעפאַנגען אָפּצושטאַרבען? קוקט אויף איהר.

יאַ, עס איז אמת. ניטאָ קיין נוצען צו דענקען וועגען דעם. ענטשולדיגט מיר. ניין, איך וויל קומען צוריק צום ענין, וואו זשע האָב איך זיך אָבגעשטעלט? אין אָנפאַנג איז עס געגאַנגען אזוי גוט, און נאכהער האָב איך זיך אין גאַנצען פערלאָרען. עס איז קיין צווייפעל, אז דאָס איז איבער דעם, וואָס איך פאַסט. קיין אַנדער זאַך, ניין. ווייל עס איז שוין צוויי טעג, אז איך האָב גאַר ניט געהאַט אין מיין מויל.

איך געדענק, אז פריהער, ווען מיין מאָגען איז געווען ליידיג, האָב איך געפיהלט ווי צום ברעכען — עפּעס אַ מין זאָנדערבאַרעס געפיהל! דער קאָפּ האָט זיך פערדרעהט און עס האָבען מיר געשלאָגען אנגסטען נור אויף חלשות. אין די אויגען האָט מיר שרעקליך געשווינדעלט.

הא, איך האָב עס! איך האָב מיך שוין דערמאָהנט. איהר זיינט גערעכט, איך האָב אייך דערצעהלט, אז דאָס איז געווען דאָרט, וואו איך האָב זיך בעקאַנט מיט וואַנצערען. ער איז געווען דער אויבערהאַרר איבער אַלע, אַ יעדען האָט ער געפיהרט ביי דער נאָז, אַ יעדען דערקוטשעט און ניט געלאָזט קיינעם איהם ווידערשפּרעכען. זיין וואָרט האָט געמוזט אָנערקענט ווערען אַלס בעשטימטער פאַקט. תמיד גערעדט הויך און צייטענווייז האָבען זיינע ווערטער אָבגעקלונגען שרעקליך. עס איז ניט אַוועקגעגאַנגען איין אַבענד, עס זאָל ניט

גאַרקומען עפּעס אַ צאַנקעריי, אַ קריגעריי. מיר האָבען איהם געהאַסט און מורא געהאַט פאַר איהם ווי פאַר אַ טיראַן. אַלע האָבען גערעדט פון איהם צו שלעכטען, איהם געשאָלטען, אָבער אַזוי ווי מען האָט נאָר דערפיהלט זיין אָטהעם איז יעדער, ווי שטום געוואָרען. אין די אויגען האָט איהם אַ יעדער גע־חנפ׳עט און זיך געשמייכעלט צו איהם. איך זאָל אייך דערצעהלען וועגען איהם? גלויבט מיר, אַז איך וויים אַליין ניט.

ביים טיש פלעגט מיר אויסקומען צו זיצען מיט איהם כמעט פנים אל פנים; און אונווילענדיג האָב איך צייטענווייז געקוקט אויף איהם. אין יענע מאָמענטען האָב איך געפיהלט אַזעלכעס, וואָס איך בין ניט אימשטאַנד ארויסצוגעבען אין ווערטער — דאָס איז געווען אַ צוזאַמענמישונג פון אבשטויסענהייט און צוציהונגס־קראַפט, עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט ניט קיין בעשטימטען נאָמען. דאָס איז געווען אַ שלימטהעטיגער, אַ זעהר שלימטהעטיגער מאַגניטיזמוס, וועלכען דער שטאַרקער, בלוטיגער, ברוטאַלער מאַן האָט אויסגענוצט אויף מיר, דעם שוואַכען און צו יענער צייט קרענקליכען; און בערויב־טען פון אַ ווילען קראַפט.

איין אַבענד, בעת דער עולם האָט געגעסען דאָס אַבענד־עסען, האָט צווישען וואַנצערען און איינעם אַ אינגלעטטי אויסגעבראָכען עפּעס ווי אַ צאַנקעריי. ווי זיין מנהג איז געווען, האָט וואַנצער אָנגעפאַנ־גען צו שרייען און איז געוואָרען מלא רציחה. אינגלעטטי, וועלכער האָט גראַדע יענעם אַבענד איבערגעכאַפּט די מאָס אין טרינקען וויין, האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען. איך האָב געשוויגען, ניט געוואַגט אויפצוהויבען די אויגען, וועלכע איך האָב די גאַנצע צייט געהאַלטען אין מיין טעלער. איך האָב דאַמאָלס געפיהלט אַ צוזאַמענשרימפּונג אין מיין מאָגען. פּלוצלונג האָט וואַנצער געכאַפּט אַ גלאָז פון טיש און עס געוואָרפען אין זיין געגנער. דאָס גלאָז האָט פערלוירען די ריכטיגע ציעל און עס האָט זיך צובראָכען אויף מיין שטערען. אָט אָט וואו איהר זעהט דעם צייכען. דאָס בלוט האָט פערגאָסען מיין פנים און איך בין געפאַלען בעוואוסטלאָז. ווען איך בין געקומען צו זיך, איז מיין קאָפּ געווען פערבאַנדאַזשירט. וואַנצער איז געזעסען לעבען מיר אַ טרויעריגער, און ער האָט זיך אין איניגע ווערטער ענט־שולדיגט פאַר מיר. ער האָט מיך גענומען צוריק אין הויז אריין. דער

דאָקטאָר איז נאָכגעגאַנגען. ער האָט געהאָלפען דעם דאָקטאָר אַ צוויי־טען מאָל איבערבינדען מיין וואונד און איז געזעסען מיט מיר ביז שפּעט אין דער נאַכט. אויף מאָרגען איז ער ווידער געקומען געוואָהר ווערען און אַזוי נאָך אַ פּאָאָר מאָל און נאָך אַ פּאָאָר מאָל, ביז ער איז געוואָרען מיינער אַן אָפּטער בעזוכער, און דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון מיין שקלאַפערײַ.

איך האָב נאָכהער קיין אַנדער שטעלונג אין בעצוג צו איהם ניט געהאַט ווי אַלס אַ הונד, וואָס האָט מורא. ווען ער פלעגט אַריינקומען צו מיר אין צימער, האָט זיך זאַגאַר אין דער לופט גע־פיהלט, אַז אַ הערשער איז אַריינגעקומען. ער האָט געעפענט אַלע שופלאָדען, זיך געקאַמט זיין האָאַר מיט מיין קאַם, געוואַשען זיי־נע הענט אין מיין וואַש־שיסעל, געדרויכערט מיין ליולקע, געדרויעט זיך צווישען מיינע פּאַפּיערען, געלעזען מיינע בריעף און צוגענומען זאַ־כן, וועלכע ער האָט געוואָלט. זיין טיראַנײַ איז מיט יעדען טאָג געוואָ־רען אונערטרעגליכער, און מיט יעדען טאָג איז מיין נשמה געוואָרען ערניעדעריגטער און שפּל'דיגער. איך האָב מעהר ניט פערמאָגט קיין סימן פון אַן אייגענעם ווילען. איך האָב איינפאַך צוגעשטימט צו יע־דער זאַך אָהן דעם מינדעסטען פּראָטעסט. מיט איין קלאַפּ האָט ער ביי מיר אוועקגערויבט אַלע איידעלע מענשליכע געפיהלען.

דאָך האָב איך מיין שכל ניט פערלאָרען. ניין, מיין זינען האָט מיר געדיענט ביי יעדער זאַך, וואָס איך האָב געטהאָן. איך האָב גע־וואוסט אַ יעדע זאַך, איך האָב געפיהלט, אַז איך בין זעהר אָבגע־שוואַכט, אַז איך בין עניעדעריגט און אַז עס איז פאַר מיר אונמעגליך, אַבסאָלוט אונמעגליך זיך צו בעפרייען פון דער הערשאַפט פון דיע־זען שרעקליכען מאַן. איך קען אייך ניט ערקלערען אין ווערטער די טיעפע, דונקעלע געפיהלען, וועלכע דער מוט אויף מיין שטערען האָט אין מיר ערוועקט. און איך קען אייך ניט איבערגעבען אין ווערטער די גרויסע אונרוהע, וואָס האָט מיך בעהערשט איין טאָג, ווען מיין פּייני־גער האָט גענומען מיין קאָפּ צווישען זיינע הענט און עקזאַמענירט די וואונד, וועלכע איז נאָך דאַן געווען פריש און מיט היטץ. ער איז עטליכע מאָל איבערגעגאַנגען מיט זיינע פינגער איבער איהר און האָט געזאָגט:

— עס איז שוין כמעט פאָלקאָם פערוואַקסען. אין אַ מאָנאַט

ארום וועט מען שוין גאָר ניט אָנזעהען. דו מעגסט שוין דאנקען גאָט.

און מיר האָט זיך אויסגעוויזען פונקט פערקעהרט. מיר האָט זיך אויסגעצייגט, אז פון יענעם מאָמענט אָן טראָג איך אויף זיך ניט קיין שניט פון גלאָז, זאָנדערן א בעדזשׁ פון שקלאַפעריי, א קין'ס צייכען, וועלכען איך וועל טראָגען מיין גאנצען לעבען.

איך האָב איהם נאָכגעפאָלגט איבעראל און אומעטום, וואו ער האָט נאָר געוואָלט; איך האָב געווארט אויף איהם שטונדען לאנג אויף די גאסען, ביי די ארייגגאנגען און לעבען די טהירען; איך פלעג איבערזיצען נעכט-ווייז, איבערשרייבענדיג פאר איהם זיינע פאַ־פּיערען; איך פלעג הונדערט מאָל צוטראָגען זיינע בריעף פון איין עק רוים ביז דעם צווייטען, געקלעטערט די טרעפּ ארויף דעם בארג פּיעטע; איך פלעג ארומלויפען, ווי א פער'סמ'טע מויז, קוים דעם אָטֿ־העם געקענט אָבכאַפּען, פון איין בעל הלואה'ניק צום צווייטען, אום צו קריגען פאר איהם דאָס געלד וועלכעס ער האָט בעדארפט: איך פלעג מיך איבערמאַטערען אויף די פיס הינטער זיין בענקעל אין א געמבלינג הויז, ביז איך האָב געפיהלט, אז איך פאַל אנידער, איך שטארב און דער געדיכטער רויך פון די ליולקעס און סיגארען האָט מיך געשטיקט און געוואָרגען, און ווען איך האָב שוין ניט געקענט אויסהאלטען און איך האָב אָנגעהויבען הוסטען, האָט עס איהם אזוי אויפגעבראכט, אז ער האָט געהאט צו מיר טענות, דאָס איך בין שולדיג אין זיין שלים־מזל, דאָס איך און נור איך בין דער גאנצער חייב, פארוואָס ער פערשפּיעלט, און נאָך אזעלכע פעלע. איז ווען מיר האָבען פערלאָזט דאָס געמבלינג־הויז, פלעגט ער מיך ארומ־שלעפּען נאָך זיך, ווי א שמאטע איבער די ענגע, שמוציגסטע און עקעלדיגע געסלאָך, מיך זידלען, שעלטען און מיך שווער פּייניגען. ביז א שאָטען פון אימיצען האָט זיך בעוויזען און דאן האָבען מיר זיך איבערגעבעטען ביי א גלעזעל שנאפּס.

הא, ננעדיגער הערר, ווער וועט מיר ענטדעקען דיעזע געהיימניס איידער איך שטאַרב? צו זיינען דען פאראנען מענשען אויף דיעזער ערד, וועלכע, ווען זיי באגעגענען זיך מיט אנדערע מענשען טהוען זיי מיט די אנדערע, וואָס זיי ווילען, מאכען זיי פאר זייערע שקלאַ־פען? צו איז דען פאראן א מיטעל אוועקצונעהמען פון א מענשען זיין אייגענעם ווילען, פונקט ווי מען זאָל פון זיין האנד אוועקנעהמען

א סטעבליע שטרוי? איז דאס מעגליך, גנעדיגער הערר? און ווארום איז דאס אזוי?

אין דער אנוועזענהייט פון מיין תליון האב איך קיין מאל ניט געקענט רעגיערען מיין אייגענעם ווילען, און דאך האט מיין פער־שטאנד אנגעהאלטען. מיין מח איז געווען פול מיט פערשיעדענע גע־דאנקען און איך האב פיעלעס פערשטאנען. דאס איינציגע, וואס איך האב פערשטאנען מעהר פון אלעס איז געווען דאס, אז איך בין אונ־היילבאר פערלארען.

א מורא, א שרעקליכע מורא האט זיך געמאכט איהר נעסט אין די טיעפעניש פון מיין נשמה, און פון דעם אבענד אן, וואס איך בין פערוואונדעט געווארען, האב איך בעקומען א פחד פאר בלוט. די פערשיעדענע פאסירונגען פון דעם טאג, האבען אוועקגערויבט מיין שלאף פון דער נאכט. איך האב ניט געקענט צושליסען די אויגען, וויל באלד האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איך זעה בלוט. מאנכע מאל ווען עס פלעגט מיר אויסקומען דורכצוגעהען מיט וואנצערען, צוריקקעהרענדיג זיך פון זיין געמבלען, שפעט ביי־נאכט אין א פינס־טערען קארידאר, האב איך געפיהלט א שרעקליכען דראזש אין מיינע ביינער און איידער איך האב אנגעצונדען א שוועבעלע, וועלכעס, ווי אויף להכעיס, האט זיך ניט געוואלט אזוי גיך אנרייבען, האב איך גע־פיהלט, אז די האאר שטעלען זיך מיר קאפויר. דער איינציגער גע־דאנק, וואס האט אין אזעלכע מאמענטען פערנומען מיינע געהירען איז געווען, אז ווען ניט איז א ביי־נאכט, וועט מיך דער שרעקליכער מאן ערמארדען.

דאס האט ניט פאסירט. וואס האט יא פאסירט, אין געגענטהייל, איז געווען דאס, וואס האט ניט געקענט פאסירען. איך האב גע־גלויבט, אז מיין זיכערער גורל איז צו פאלען טויט פון זיין האנד ווען ניט איז א ביי־נאכט, און גראדע אין געגענטהייל... אבער הערט אויס. ווען וואנצער זאל ניט געווען אריינגעקומען יענע נאכט אין ציראן'ס צימער זוכען, ווען איך זאל ניט געווען זעהן דאס מעסער אויפ'ן טיש, און וואנצער זאל ניט געווען אריינקומען צו מיר אונ־ערווארטעט און מיר געבען דעם שרעקליכען שטויס, ווען — — —

הא, אמת. איהר זייט גערעכט. מיר זיינען ערשט ביים אנפאנג און איך רעד שוין פון דער ענדע. איהר קענט ניט פערשטעהען, ווען

איך זאָל אייך ניט דערצעהלען די גאַנצע געשיכטע. אָבער איך בין מיעד. איך הויב אָן ווערען צומישט. איך האָב אייך מעהר ניט וואָס צו דערצעהלען, הערר. איך בין ווי וואהנזיניג. איך בין ווי א בלאָז אָנגעפילט מיט לופט. איך האָב ניט מעהר וואָס צו דערצעהלען. אמן, אמן.

איך קען שוין אָנגעהן ווייטער. איך דאנק אייך. איהר זייט זעהר א גוטער. איהר האָט מיטלייד מיט מיר. קיין מענש אויף דער וועלט האָט מיט מיר קיין מאָל קיין מיטלייד געהאַט. איך פיהל בעסער און קען אָנגעהן ווייטער. איך געה אייך יעצט דערצעהלען פון איהר, פון גינעווורא.

נאָך דעם עקסידענט מיט דעם גלאָז, האָבען אייניגע פון אונזערע קאמעראדען פערלאָזט דאָס הויז; אנדערע האָבען ערקלעהרט, אז זיי וועלען בלייבען, אויב גוויליא וואנצער וועט מעהר ניט קומען אין הויז אריין. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אז די פרוי פון דעם הויז האָט געגעבען וואנצערען א ווארנונג, אז ער זאָל זיך זוכען אַן אנדער פּלאַטץ. ער האָט די וועלט איבערגעקעהרט; געשריען און געשאָלטען יעדען איינעם, ווי זיין מאָדע איז געווען און ענדליך האָט ער פערלאָזט דאָס הויז. און יענע נאַכט, אזוי ווי איך האָב געדיינקט, ארויסצוגעהן אַביסעל, האָט ער מיך געבעטען איך זאָל געהן מיט איהם, ער איז איינפאַך צוגעשטאַנען צו מיר, אז איך זאָל איהם נאָכפאָלגען.

א לאנגע צייט האָבען מיר ארומגעוואנדערט פון איין רעסטאָראַן אין צווייטען אָהן א שום פּעולה. די ערגסטע מעלאַנכאָליע איבערצולעבען איז געווען פאַר מיר די שטונדע פון עסען, וועלכע איז געוועהנליך א שטונדע פון רוה און צייטענווייז א שטונדע פון פערגעסענהייט פאַר מיעדע און פערמאַטערטע מענשען. איך האָב קוים געקענט עסען אָבוואָהל איך האָב אָנגעווענדעט אַלע כחות. עס האָט מיך געעקעלט און נאָך מעהר און נאָך שטאַרקער האָט מיך געעקעלט דאָס קלאַפּען פון די באַקען פון מיינע חברים־עסערס. זיי האָבען געהאַט אַזעלכע שטאַרקע באַקען, אז זיי זיינען געווען אימשטאַנדע איבערצוקייען אפילו אייזען, אפילו שטאָהל. ביסלעכווייז האָט זיך אין מיר אָנגעצונדען א דורשט, יענער מין דורשט, וועלכער, ווען ער צינדעט זיך איין מאָל אָן, דויערט ער שוין ביז אין טויט אריין.

איין אבענד האט מיך וואנצער געלאזט פריי. און אויף דעם צוויי־טען טאג האט ער מיר געזאגט, אז ער האט אויסגעפונען אן אויסגע־צייכענט פלאטץ, א פלאטץ פון פערגניגען, וואהין ער וויל, אז איך זאל אויך מיטגעהן מיט איהם.

— יעצט האב איך געפאקט דאס בעשערטע פלאטץ. דו וועסט זעהען וואס פאר א פערגניגען דו וועסט האבען — האט ער צו מיר געזאגט.

אין אמת'ן, איז דער נייער פלאטץ טאקע געווען בעסער פאר דעם אלטען. די בעדיענגונגען זיינען מיר געווען געפעהלען. אייניגע פון מיינע מיט־קלווירקס זיינען אויך געווען דארט און פיעלע אנדערע זיינען מיר אויך ניט געווען פרעמד און איך בין געבליבען דארט. און חוץ אלעמען ווייסט איהר דאך שוין, אז עס וואלט געווען אונמעגליך פאר מיר ניט צו בלייבען.

דעם ערשטען אבענד, ווען מען האט דערלאנגט דעם סוף צום טיש, האבען א צוויי, דריי פון די בארדערס געפרעגט, יעדער איינער מיט א בעזונדערען אינטערעס: „און גינעוורא? וואו איז גינעוורא?" מען האט געזאגט, אז גינעוורא איז קראנק. דאן האבען אלע זיך שטארק נאכגעפרעגט איבער איהר קראנקהייט און אויף יעדען איינעמס גע־זיכט האט זיך אבגעשטעמפעלט אן אונרוהיגקייט. א מין אונבעקוועמ־ליכקייט. די גאנצע צייט איז פון קיינעם'ס ליפען ניט ארונטערגע־גאנגען דער נאמען פון דעם אבוועזענעם מיידעל. דער געשפרעך איז געווען א געמישטער, א צוויי־דייטיגער און פערשיעדענע מיינונגען און פערשיעדענע פיהלונגס־שטרעבונגען זיינען אויסגעשפראכען און אויסגעדריקט געווארען. איך בין געזעסען און געוואנדערט אלע מיינע כחות צו כאפען די ווערטער, וועלכע זיינען געפלויגען פון איין עק טיש צום צווייטען. אקעגען מיר איז געזעסען א יונגער מאן, — פון יענער קלאסע מענשען, וועלכע הערען קיינעם ניט און טהוען וואס זיי ווילען, — און האט גערעדט לאנגזאם און מיט אן איבעריגער ווארימקייט פון גינעווראס מויל, און בשעת מעשה געקוקט אויף מיר, ווייל ער האט בעמערקט, אז איך שענק איהם די גרעסטע אויפמערק־זאמקייט. איך גערענק אז אין יענע מאמענטען האט זיך אין מיין מח געהאלטען דאס בילד פון דעם אבוועזענעם מיידעל און נאכהער, ווען איך האב זיך בעקאנט מיט גינעוורא, האב איך זיך איבערצייגט,

אז דאָס בילד אין מיין פאָרשטעלונגס־קראַפט איז געווען אַ ריכטיגס. איך וועל קיין מאָל ניט פערגעסען די בעדייטענדע בעוועגונג און די מינע פון וואַנצערען אין יענער צייט און דעם אויסדרוק, וואָס זיינע ליפּען האָבען דאַן געשאפּען. און איך געדענק אויך, אַז ווען איך בין ארויסגעגאַנגען, האָב איך שוין דערפיהלט אַ וואונש צו זעהען דאָס אונבעקאנטע פּרויענצימער. אַן אונרוהיגקייט און אַ זאָנדערבארע, כמעט נביאה׳שע בעגייסטערונג.

ארויסגעגאַנגען זיינען מיר צוזאַמען: איך, וואַנצער און זיינער אַ פריינד מיט׳ן נאָמען דאַבערטי. דערזעלבער, וועלכער האָט גערעדט מיט ווארימקייט פון גינעווראַס מויל. וועהרענד מיר זיינען געגאַנגען, האָבען יענע צוויי גערעדט צווישען זיך וועגען פערשיעדענע לוסטיג־קייטען און פון צייט צו צייט אויסגעשאָסען אַ געלעכטער. איך בין אָבגעשטאַנען אויף אַ פּאָאַר טריט הינטער זיי, און אַ מעלאַנכאָליע, אַ וועהטאַגליכע מעלאַנכאָליע ארומגענומען מיט טרויעריגע געפיהלען, האָט אָנגעפיהלט מיין צו־וועהטאָגט און ביטער הארץ. עס איז שוין זייט דאַן אריבער צוועלף יאָהר און עס דוכט זיך מיר, אַז אַט שטעהט די נאַכט פאַר מיר. אַזוי בולט איז זי נאָך ביז יעצט אין מיין זכרון. קיין זאַך ניט פערגעסען. קיין איין פּינטעלע זאָגאַר ניט און איך ווייס יעצט, ווי איך האָב דאַן געפיהלט, אַז אין יענער נאַכט איז מיין גורל בעשלאָסען געוואָרען. ווער האָט מיר געשיקט דיעזע ווארנונג?

איז דאָס מעגליך? איז דאָס מעגליך? אַן איינפאַכער פּרויענ־צימערס נאָמען פון דריי זילבען זאָל עפענען פאַר מיר אַן אונפער־מיידליכען תהום? איז דאָס מעגליך?

פאַראויס זעהן, פאָרגעפיהל, פאָרשטעלונגס קראַפט, פּראָפעצייען — דאָס זיינען בלויז ווערטער, ניט מעהר ווי בלויז ווערטער! איך האָב דורכגעלעזען אַ מאַסע ביכער. ניין, ניין, ניט אַזוי פּאַסירען זאַכען. האָט איהר ווען ניט איז עקזאַמענירט אייך זעלבסט? האָט איהר ווען ניט איז געוואַכט אייער נשמה?

איהר ליידעט. צייגען אייך אייערע ליידען דען ניט אויס ניי, גלייך ווי זיי זיינען קיין מאָל ניט געפיהלט געווען? איהר פרעהט זיך. צייגט אייך אייער פריד דען ניט אויס ניי, גלייך ווי זי איז קיין מאָל ניט געפיהלט געווען? שרעק, פּחד, אילוזיען. אַ יעדע זאַך איז שוין געווען געפיהלט, אַ יעדע זאַך האָט שוין פּאַסירט. אייער נשמה איז

א צוזאמענשטעלונג פון טויזענד, פון הונדערט טויזענד קליינע חלקים פון פערשיעדענע נשמות, וועלכע האבען אבגעלעבט א גאנץ לעבען, וועלכע האבען געשאפען מערקווירדיגע ערשיינונגען און וועלכע זיינען אליין געווען די עדות פון די מערקווירדיגע ערשיינונגען. פארשטעהט איהר צו וואס איך וויל צוקומען? הערט מיך אויס, ווייל אלעס, וואס איך דערצעהל אייך איז אן אמת, אן אמת, וועלכער איז ענטדעקט געווארען פון איינעם, וואס האט פערבראכט יאהרען און יאהרען אין שטודירען זיך זעלבסט, פון איינעם, וואס האט פערבראכט יאהרען און יאהרען איינזאם. געלעבט צווישען מענשען, און דאך פערבראכט איינזאם. הערט זאט אויס, ווייל דאס איז א מעהר וויכטיגער אמת ווי די פאקטען, וועלכע איהר ווילט זעהר ויסען. ווען —

אן אנדערס מאל, זאגט איהר? מארגען? ווארום מארגען? וואס, איהר ווילט ניט איך זאל אייך ערקלעהרען מיין גערדאנק? פאקטען, פאקטען, אימער און תמיד נור פאקטען! אבער פערגעסט ניט, מיין הערר, אז פאקטען זיינען גאר ניט, גאר ניט און בעווייזען גאר ניט. עס איז פאראן, מיין הערר, אויף דיעזער וועלט עפעס, וועלכעס האט א סך מעהר די ווערטה ווי זאגאר די בעסטע פאקטען.

גוט, דא האט איהר אן אנדער רעטעניש! ווארום איז די ריכטיגע גינעווורא געווען עהנליך שטריך פאר שטריך צו דעם בילד, וועלכעס האט אויפגעפלאמט אין מיין מח, ווען איך האב געהערט רעדען פון איהר דאס ערשטע מאל? אבער מיר וועלען דאס איבערלאזען — נאכדעם ווי זי איז געווען אבוועזענד פיער טעג, איז זי וויעדער ערשיענען, דערלאנגענדיג צום טיש די זופ, פון וועלכער עס האט געזעצט א פארע און זיך געלעגט אויף איהר געזיכט. יא, מיין הערר, זי איז געווען א דיענסט און זי האט בעדיענט דעם טיש פון די קלוירקס.

האט איהר זי געזעהען? האט איהר זי געקענט? האט איהר אמאל גערעדט צו איהר? האט זי אמאל צו זיך גערעדט? אויב יא, דאן איז ביי מיר קיין צווייפעל, אז איהר האט אויך געפיהלט א פלעצליכען קיצעל איבער'ן גאנצען קערפער, ווען עס איז אייך אויסגעקומען בעריהרען איהר האנד.

אלע מענער האבען זי געוואלט. אלע מענער ווילען זי. אלע מענער האבען געהאט שטארק חשק צו איהר. וואנצער איז טויט.

אָבער זי וועט האָבען אַן אַנדער ליעבי־האָבער. זי וועט נאָך האָבען הונדערט אַנדערע ליעבהאָבערס. זי וועט זיי האָבען ביז זי וועט גרוי און אַלט ווערען. זי וועט זיי ניט פערליערען ביז די צייהן וועלען פון איהר מויל ארויספאלען. ווען זי געהט פערביי די גאס, וועט דער פרינץ זיין קאָפּ פון דעם עקיפּאזש ארויסשטעלען, דער אָבגעריסענער, אָבגעשליסענער בעטלער וועט זיך אויף זיין שטעקען אָנשפּארען און איהר נאָכקוקען. אַן אונבעשרייבליכע בעגייסטערונג קען מען מערקען אין אַלעמענס אויגען און איך אליין בין אַן עדות דערצו.

דאָך איז זי אומגעביטען, זעהר אומגעביטען. דאן איז זי אַלט געוועזען בלויז צוואַנציג יאָהר. איך האָב שוין פיעלע מאָל פּרובירט זי צו זעהען פּונקט אַזוי, ווי איך האָב זי געזעהן דאָס ערשטע מאָל, אָבער יעדעס מאָל אָהן ערפאָלג. אַ געהיימניס, אַ טיעפע געהיימניס ליגט אין דעם בעהאַלטען. האָט איהר עס ווען ניט איז אין אייער לעבען בעמערקט? אַ מענש אַ בהמה, אַ חיה, אַ פלאַנצונג אָדער אַזוי אַ זאַך, האָט איין מאָל זיין אמת ריכטיגע אויסזעהען און דאָס זעהט איהר אין אייער ערשטען מאָמענטאַלען בליק אויף דעם. עס שיינט ווי עס גיט אייך אַוועק זיין „ריינקייט”, און באלד נאָך דעם איז עס אין אייערע אויגען שוין ניט מעהר דאָס, וואָס איהר האָט גע־מערקט אין אייער ערשטען מאָמענט. עס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש, אייערע געהירען, אייערע נערווען האָבען עס טראַנספאָרמירט, פער־פאַלשעוועט. און צום טייוועל מיט׳ן אמת!

איך בין געוועזען אַ שרעקליכער שונא יעדען איינעם, וואָס האָט געוואַגט אַ קוק טהאָן אויף איהר. פערשטעהט איהר מיך? ניין, געוויס קענט איהר מיך ניט פערשטעהען. איהר דענקט, אַז איך פלוידער, אַז איך בין צומישט, אַז איך שפּרעך זיך זעלבסט וויעדער, דאָס איז גאָר ניט. לאָמיר זיך צוריקקעהרען צו פאַקטען.

אַ צימער בעלייכטעט פון גאַז, און אָנגעהייצט אַזוי שטאַרק, דאָס די הויט טריקענט אַוש. אַ ריח, אַ טשאַד פון פלייש. אַ געמישטער אָבקלאַנג פון קולות און העכער פון אַלע קולות הערט זיך די שטרענגע שטימע פון וואַנצערען, וועלכער גיט ארויס יעדעס וואָרט מיט אַ פירכטליכען אקצענט, פון צייט צו צייט אַ אונטערברעכונג, אַ שטיל־שווייגעניש, וועלכע איז פאַר מיר אַ פּחד. אַ האַנד בעריהרט מיך. נעהמט אַוועק דעם טעלער, וואָס שטעהט פאַר מיר, שטעלט אַוועק

א צווייטען. א לאַסטשענדער שוידער לויפט דורך דעם קערפּער. אזא מין שוידער לויפט דורך יעדענס קערפּער. דאָס איז אויגענשיינליך. די וואַרימקייט אין צימער ווערט שטאַרקער. די אויערען פלאַמען, די אויגען בליצען. א געמיינער, כמעט בעסטיאַלער אויסדרוק ער־שיינט אויף די געזיכטער פון די יעניגע, וועלכע האָבען זיך אַנגעפּרע־סען און אַנגעזויפט, וועלכע האָבען ערפילט זייער איינציגע פפליכט פון עקזיסטענץ. זייער עפענטליכע שמוציגקייט איז אזא קלאַפּ פאַר מיר, אזא גרויזאַמער קלאַפּ, אז איך פיהל נאָר צו חלש'ען. איך האַלט זיך אָן שטאַרק אָן מיין בענקעל. איך צושפּרייט מיינע עלענבויגענס אום צו מאַכען מעהר פּלאַטץ צווישען זיך און מיינע שכנים. עס הערט זיך איינעמ'ס א קול:

— עפּיסקאַפּאַ האָט בויך־וועהטאָג — אַן אַנדערער שרייט אויס:

—ניין, דאָס ארבייטען אין איהם די געפיהלען. האָט איהר דען ניט געזעהען ווי אזוי ער האָט אויסגעקוקט, ווען גינעווראַ האָט איבערגע־ביטען זיין טעלער?

איך פּרוביר צו לאַכען. איך הויב אויף מיינע אויגען און בעגע־גען זיך מיט גינעווראַ'ס שאַרפען צוויי־דייטיגען בליק.

זי פערלאָזט דאָס צימער. פיליפּאַ דאַבערטי מאַכט ראַן א שפּאַטישען פאָרשלאָג:

— פריינדע, עס קען אַנדערש ניט זיין. איינער פון אונז מוז חתונה האָבען מיט איהר. דאָס וועט זיין א גרויסע טובה פאַר די אַנדערע.

דאָס זיינען ניט געווען פּונקט זיינע ווערטער. ער האָט זיך אויס־געשפּראָכען ציניש. ער האָט אָנגערופען ביים נאָמען די זאַך און די ראָלע, וואָס די אַנדערע וועלען שפּיעלען.

— א גורל, א גורל. מיר מוזען יעצט אויסקלייבען דעם מאַן!

— עפּיסקאַפּאַ! — שרייט וואַנצער — עפּיסקאַפּאַ און קאָמ־פּאַניע!

דער טומעל, דאָס גערויש ווערט שטאַרקער און שטאַרקער. גי־נעווראַ קומט ווידער אריין. קענטיג, אז זי האָט געהערט אַלעס. אויף איהרע ליפּען גליטשט זיך א שמייכעלע, וועלכעס מאַכט זי פיהלבאַר.

— פרעג זי, עפּיסקאַפּאַ! — שרייט וואַנצער. צוויי פון די קעסט־לייטע געהען צו צו איהר בעטען אין מיין נאָמען איהר האַנד.

— איך וועל זיך בערענקען וועגען דעם — ענטפערט זי מיט איהר געוועהנליכען שמייכעל.

און איך בעגעגען ווידער איהר בליק.

אין אמת׳ן ווייס איך ניט צו בין איך טאקע דער יעניגער עפיס־קאַפּאַ פון וועמען זיי ריידען, צו מיינען זיי מיך, צו וועמען זיי שטע־הען צו, אז ער זאָל חתונה האָבען מיט איהר און איך בין ניט אימ־שטאנד פאַרצושטעלען זיך מיין אויסזעהען אין יענעם מאָמענט.

א חלום, א חלום, דיעזער גאנצער פעריאָד פון מיין לעבען ציינט זיך מיר אויס ניט מעהר ווי א חלום. איהר קענט אין קיין פאַל ניט פערשטעהן, אין קיין פאַל זיך ניט פאַרשטעלען די געפיהלען, וועלכע האָבען מיך דאן ארומגענומען. עס האָט זיך מיר אויסגעציינט אז איך לעב איבער אין א חלום דאָס, וואָס איך האָב שוין אמאָל איבערגעלעבט, אז איך ווידערהאָל א סעריע מיט פאַסירונגען, וועל־כע האָבען שוין פּאַסירט. ווען? דאָס ווייסט קיינער ניט. מייסטענ־טהיילס בין איך ניט געווען זיכער, אז דאָס בין איך אליין. אָפּטמאָל פלעגט זיך מיר אויסצייגען, אז איך האָב פערלאָרען מיין פערזענליכ־קייט. וואָס פאַר א געהיימנים די נערוון פון א מענשען זיינען!

אויף איין מאָל אין אבענד האָט גינעווּרא גענומען אבשיעד פון אונז. זי האָט ערקלעהרט, אז זי וויל מעהר ניט בלייבען אלס דיענסט און זי האָט אונז פערלאָזט. זי האָט נאכהער געזאָגט, אז זי פיהלט ניט גוט, און אז זי געהט קיין טיוואָלי צו פערבלייבען דאָרט אייניגע מאָנאטען מיט איהר שוועסטער. אין מאָמענט פון אבשיעד, האָט יע־דער איהר געדריקט די האנד און זי האָט יעדען געזאָגט מיט א שמייכעלע:

— צום ווידערזעהען, צום ווידערזעהען.

צו מיר האָט זי געזאָגט מיט אן אנדער מין שמייכעל:

— מיר זיינען פערלאָבט, הערר עפיסקאַפּאַ, פערגעסט עס ניט.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב זי בעריהרט, דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב אריינגעקוקט אין איהרע אויגען מיט דער אבזיכט אריינצודרינגען אין איהר הארצען. אָבער זי איז געבליבען פאַר מיר א רעטעניש.

צום נעכסטען אבענד איז דאָס אבענד־עסען געווען א מין טרויע־

ריגע פֿאַרשטעלונג. יעדער איינער האָט זיך געפֿיהלט ענטוישט. און וואנצער האָט בעשטעטיגט, אז דאבערטים אידעע איז געווען ניט קיין שלעכטע.

אויף דעם קוקענדיג האָבען זיך נאָך אייניגע וואָס האָבען דאָרט געגעסען קעסט אומגעקעהרט צו מיר און געטריבען שפּאַס און געזאָגט גראָבע און נאַררישע וויטצען.

די געזעלשאַפֿט פֿון די אונענטוויקעלטע מוחות איז מיר געוואָרען איבערדריסיג און עקעלהאַפֿט, דאָך האָב איך ניט געמאַכט קיין פּערזוך אָבצושטעהן פֿון זיי. איך האָב פֿאַרטגעזעצט צו בעזוכען אָפֿט דאָס הויז, וואו צווישען שפּאַט און געלעכטער האָב איך אויך געפֿונען שפּייז פֿיר מיינע זיסע פֿאַנטאַזיעס. וועהרענד וואַכען און וואָכען, ניט קוקענדיג אויף דעם ערגסטען סאָרט פֿון מאַטעריעלע איינפֿלו־סונגען, ניט קוקענדיג אויף מיין געמאַטערטען, געפּלאַגטען, שקלאַ־פֿישען לעבען, האָב איך דאָך געפֿיהלט דעם טעם פֿון די העכסטע דע־ליקאַטנע און שטאַרקסטע שטופֿען פֿון דער ליעבע. צו דער עלטער פֿון אכט און צוואַנציג יאָהר, האָט א מיין אונערוואַרטעטע, פֿערשפּעטיגטע יוגענד פֿערבליהט אין מיין נשמה מיט איהר גאַנצער הייסקייט, מיט איהר גאַנצער שעהנקייט, מיט איהר גאַנצער צאַרטקייט, מיט אלע טרעהרען פֿון יוגענד.

הא, מיין הערר, שטעלט אייך פֿאַר דיעזען וואונדער אין אזא פּערזאָן ווי איך בין געווען, — אַלט, מאַראַליש געבראָכען, אָבגעלעבט און אָבגעשטאָרבען. מאַהלט פֿאַר אייך א בלום, וואָס שפּראָצט אונ־ערוואַרטעט ארויס פֿון שוין אַן אָבגעשטאָרבענעם צווייגעל.

אַן אַנדערע אונערוואַרטעטע, פֿלעצליכע פּאַסירונג איז געשעהן. וואנצער האָט זיך אין פּערלויף פֿון אייניגע טעג געצייגט צו מיר שרעק־ליכער און גרויזאַמער ווי געוועהנליך. ער האָט די לעצטע פֿינף זעכס נעכט פֿערבראַכט אין א געמבלינג הויז. איין אין דער פֿריה איז ער אריינגעקומען צו מיר אין צימער בלאַס ווי דער טויט. ער האָט זיך אוועקגעוואָרפֿען אין שטוהל. עטליכע מאָל האָט ער געמאַכט א פּער־זוך עפּעס צו זאָגען אָבער פּלוצים בעשלאָסען צו שווייגען און אזוי האָט ער פֿערלאָזט מיין צימער ניט אויסרעדענדיג קיין וואָרט, ניט ענטפֿערענדיג אויף מיין פֿראַגע און ניט קוקענדיג זאָגאַר אויף מיר.

איך האָב איהם מעהר יענעם טאָג ניט געזעהען, איך האָב איהם ניט געזעהען אבענד צום עסען, איך האָב איהם ניט געזעהען אויף דעם צווייטען טאָג. זיצענדיג דעם צווייטען אבענד ביים עסען, איז קוועסטארי אריינגעקומען. ער איז געווען וואנצער'ס א קאָלעגע.

— האָט איהר געהערט די נייעס? האָט ער געפרעגט — וואנ־צער איז דאָך אנטלאָפען.

אין אָנפאנג האָב איך ניט פערשטאנען אָדער בעסער געזאָגט, ניט געקענט גלויבען, און פיהלען האָב איך בשעת מעשה געפיהלט, אז מיין הארץ האָט א ווילדען שפּרונג געטהאָן. פראגען האָבען זיך גע־הערט פון אלע זייטען:

— וואָס האָט איהר געזאָגט? ווער איז אנטלאָפען?

— וואנצער, גוויליא וואנצער.

איך קען יעצט ניט זאָגען, וואָס איך האָב דאן געפיהלט. איין זאך בין איך אָבער זיכער, אז מיין ערשטע בעוועגונג איז געווען א פרייע און א פרעהליכע. איך האָב אָנגעווענדעט אלע מיינע קרעפטען צו דער־שטיקען עס, אז קיינער זאָל עס ניט בעמערקען. יעדער איינער האָט אָבגעזאָגט אויף איהם די תוכחה.

— און דו — האָט דער ראש פון זיי אויסגעשריען — און דו האָסט גאָר ניט וואָס צו זאָגען? האָט וואנצער ניט געמאכט פון דיר א שקלאַף? איז קיין צווייפעל, אז דו האָסט איהם צוגעטראָגען די זאכען זיינע צום באהן־הויף?

און אנאנדערער האָט געזאָגט:

— דו ביסט פון א גנב געשטעמפּעלט געוואָרען אויף דעם שטע־רען. דו וועסט זיין רייך.

אויף אזא אופן האָבען זיי געהאַלטען אין איין בעליידיגען מיך נור דערפאר אום צו האָבען פערגניגען, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אז איך בין א פייגלינג.

איך האָב זיך אויפגעהויבען. איך בין ארויסגעגאנגען. איך האָב שפּאציערט אין די גאסען זוכענדיג גליק. פריי, פריי! איך בין ענדליך געוואָרען פריי!

עס איז געווען א שטילע, כמעט ווארימע מערץ־נאכט. איך האָב צוגעשפּאצירט צו די „פיער פאָנטאנען". איך האָב געזעהן ברייטע אָפּע־נע רוימען. איך האָב געהאט א גרויסען חשק מיט איין אָטהעם אריינ־

צוברעכנגען אין זיך די גאנצע לופט, צו קוקען צו די שטערען, צו־צוהע־רען זיך צום מורמלען פון דעם וואסער, צו שאפען עפעס פּאָעטישעס, צו טרוימען פון דער צוקונפט.

— פריי, פריי! — האָב איך אייניגע מאָל איבערגע׳חזר׳ט די ווערטער צו זיך אליין. — איך בין א פרייער מענש! — איך בין געווען ווי בעטויבט. איך האָב ניט געקענט רעגיערען, קאָנצענטרירען מיין צושטאנד. איך האָב געפיהלט נארישע בענקענישען. איך האָב געוואָלט קענען טהאָן טויזענדע זאכען אויף איין מאָל, אום צו קענען בעשטעטיגען מיין פרייהייט. איך בין פערבייגעגאנגען א קאפע הויז. די צארטע טענער פון אן אָרקעסטער האָבען זיך צוגעטראָגען צו מיינע אויערען און זיך צוגאָסען אין מיין הארצען. איך בין אריינגעגאנגען. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז יעדער קוקט אויף מיר. איך האָב זיך געהייסען געבען קאָניאק. דער קעלנער האָט צוגעבראכט די פלאַש, אָבער איך האָב איהם זי געהייסען לאָזען אויפ׳ן טיש און אויסגע־טרונקען דריי גלעזלאך איינס נאָכ׳ן אנדערען.

עס איז מיר געוואָרען היים און אויסער דעם איז טאקע אין קאפע הויז אליין אויך געווען דושנע. איך האָב געוואָלט ארונטערנעמען די הוט און דאָ האָב איך זיך דערמאָהנט אָן דעם צייכען אויף מיין שטע־רען, עס האָט זיך אין מיר ערוועקט די עראינערונג פון דער גרויזאמער פראזע: „דיין שטערען איז געשטעמפּעלט פון א גנב". פאַרשטע־לענדיג זיך, אז יעדער איינער קוקט אויף מיין שטערען און זעהט דעם שניט, האָב איך זיך געטראַכט: „וואָס דענקען זיי? זיי וועלען פיע־לייכט גלויבען, אז דאָס איז א וואונד, וואָס איך האָב בעקומען אין א דועל", און איך, וועלכער וואָלט אין מיין לעבען קיין מאָל די דרייסט ניט געהאַט זאָגאר צו דענקען פון א דועל, האָב שטארק הנאה געהאַט פון דעם געדאנק, וועלכער האָט צו יענער צייט פערנומען מיינע גע־הירען.

ווען אימיצער זאָל זיך געווען אנידערזעצען לעבען מיר און פער־פיהרען א געשפּרעך, וואָלט איך, זיכער, געווען געהאַט א גרונד איהם צו דערצעהלען מכח דועל. עס האָט זיך אָבער אזעלכער ניט געפונען. אין א ווייל ארום האָט זיך עפּעס א מאן אוועקגעזעצט אקעגען מיר, אויף דעם צווייטען זייט טיש. ער האָט זיך אויף מיר ניט אומגעקוקט, ניט געפרעגט זאָגאר קיין ערלויבניש. ער האָט קיין אויפמערקזאמקייט

ניט געשענקט, בשעת אוועקזעצען זיך, צו האלט איך ניט די פיס אויף דעם בענקעל. דאס איז געווען א גראבקייט. ניט אמת?

איך בין ארויסגעגאנגען און אנגעפאנגען וואנדערען וואהין די אויגען האבען געטראגען.

דאס שכרות איז מיט אמאל אוועק. איך האב דערפיהלט, אז איך בין אונגליקליך, טיעף אונגליקליך, אבער וויסען גוט ווארום איך זאל אזוי פיהלען האב איך ניט געוואוסט. ביסלעכווייז איז דער אונ־בעשטימטער צושטאנד פערוואנדעלט געווארען אין אן אונרוהיגקייט. די אונרוהיגקייט האט געוואקסען און ערוועקט אין מיר צווייפלונג און פאראויסזעצונגען: „און טאמער איז ער גאר בעהאלטען ערגעץ וואו אין רוים? טאמער שליאיעט ער זיך ארום איבער די גאסען אן איבערגעטהאנענער? טאמער ווארט ער מיך אב לעבען דער טהיר אום צו רעדען מיט מיר? טאמער ווארט ער אויף מיר אויף די שטי־גען אין דער פינסטער?" עס האט מיך אנגעכאפט א פחד. איך האב מיך עטליכע מאל אומגעקוקט אום זיך איבערצוצייגען צו פערפאלגט מען מיך ניט. איך בין אריין אין אן אנדער קאפע הויז, וואו אין א „עיר מקלט".

עס איז געווען שפעט, זעהר שפעט, ווען איך האב בעשלאסען צו געהן אהיים. א יעדע ערשיינונג, דער מינדעסטער שארך האט מיך איבערגעשראקען. אויף די שטיגען, אין שאטען, איז אימיצער גע־לעגען אויסגעצויגען נאר ווי א טויטער.

— א, ווארום איז ער ניט בעגאנגען זעלבסטמארד? — האב איך זיך געטראכט — ווארום האט ער ניט געהאט די דרייסט צו מאכען אן ענדע פון זיין לעבען? דאס איז דאך געווען דאס איינציגע, וואס ער האט בעדארפט טהאן.

און איך בין דאן געווען איבערצייגט ביי זיך, אז די בשורה איבער זיין טויט וואלט מיך א סך מעהר בערוהיגט איידער די נאכריכט, אז ער איז פערשוואונדען. איך בין געשלאפען ווייניג און אונרוהיג. ערשט צו אין דער פריה צו, ווען איך האב אויפגעמאכט די לאדען פון די פענסטער, האב איך דערפיהלט אין זיך אן ערלייכטערונג. איך האב געפיהלט עפעס אזעלכעס, וואס איהר זיינט ניט אימשטאנ־דע צו בעגרייפען, ווייל איהר זיינט קיין מאל ניט געווען אין דעם מעמד פון א שקלאף.

אין פּלאַטץ, וואו איך האָב געאַרבייט האָב איך זיך דערוואוסט אייניגע איינצעלהייטען מכח וואַנצער'ס פערשווינדען. עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז די ביכער זיינען געווען שרעקליך פערנאַכלעסיגט און אַז ער האָט אויסגעבראַכט אַ גרויסע סומע געלד פון דער קאַסע, וואו ער האָט עטליכע יאָהר געאַרבייט. עס איז ארוים אַ בעפעהל צו אַרעסטירען איהם, אָבער קיין ערפאָלג. אייניגע האָבען זאָגאַר פערזיכערט, אַז ער קען זיך, יאַקבי, רעכענען אויסער געפאַהר.

דאַן, זייענדיג זיכער אין מיין פרייהייט, האָב איך אָנגעפאַנגען צו לעבען בלויז מיט מיין ליעבע, מיט מיין געהיימניס. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך בין אין אַ צושטאַנד פון אַ קראַנקען, וואָס הויבט אָן געזונד צו ווערען. איך האָב געפיהלט ווי עפּעס אַ שווערער שטיין וואָלט זיך אַרונטערגעקאַטשעט פון מיין ברוסט און איך האָב געוויינט ווי אַ קינד.... די לעצטע טעג פון מערץ און די ערשטע טעג פון אַפּריל האָבען מיר געשאַפען אַזוי פיעל פרייד און אַזוי פיעל צער, דאָס בלויז די עראינערונג פון זיי, זאָגאַר יעצט, מאַכט מיך צופריעדען, וואָס איך בין געבאָרען געוואָרען.

צוליעב דער איינציגער עראינערונג, מיין העךר, בין איך מוחל ציראַן'ס מוטער, דער פרוי, וועלכע האָט מיר אַזוי פיעל שלעכטעס געטהאָן. איהר קענט עס ניט פערשטעהן, מיין העךר! איהר קענט ניט פערשטעהן וואָס הייסט פאַר אַ מענשען, וועלכער איז ערניעדעריגט, ערביטערט און בעטריעבט פון ליידען און אונרעכט, צו ענטדעקען אין זיך אַבעהאַלטענעם קוואַל פון גוטע, נאָבעלע, צאַרטע מדות. ניין, איהר קענט עס ניט פערשטעהן. און מעגליך, אַז איהר קענט זאַגאַר ניט גלויבען דאָס, וואָס איך זאָג. און דיך זאָג איך עס. פאַר אייניגע מינוטען, זאָל מיר גאָט מוחל זיין, האָב איך געפיהלט אין זיך אַ טהייל פון יעזוס קריסטוס. איהר פערשטעהט? איך בין דאַן געוועזען דער ניכטסווירדיגסטער און צו דער זעלבער צייט דער בעסטער פון אַלע מענשען.

וואַרט, לאָזט מיך אַביסעל וויינען. זעהט איהר ווי די טרעהרען לויפען? אין פערלויף פון אַזוי פיעל געפלאַגטע, געמאַטערטע יאָהרען האָב איך מיך אויסגעלערענט אַזוי וויינען: אָהן יאָמער, אָהן כליפּען, אָהן שלוכצען, אָהן יעכצען, אום קיינער זאָל מיך ניט הערען, אום ניט ערביטערען דאָס וועזען, וועלכעס ליעבט מיך, אום ניט אויפרעגען

די פּערזאָן, וועלכע בעהאַנדעלט מיך טיראַניש. אַזוי וויינען קענען ניט קיין סך אויף דער וועלט. לאָז זיך כאָטש דאָס איינע איינפּרעסען אין אייער זכרון. מיין העררע! און ווען איך וועל שטאַרבען, וועט איהר זאָגען, אַז דער אָרעמער דזשאַוואַני עפּיסקאָפּאָ האָט, לכל הפּחות, געקענט אַבוויינען אין דער שטיל זיין גאַנצען לעבען.

ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט, אַז אין יענעם זונטאָג אין דער פריה האָב איך זיך געפונען אין טראַמוויי אויף דער גאַס טיוואָלי? באמת זאָג איך אייך, אַז איך געדענק עס זעהר שוואַך. איז דאָס ניט געווען אַן אָנפאַנג פון וואַהנזינען? בין איך דאַן פיעלייכט געווען אין אַ צו־שטאַנד פון נאַכטוואַנדלער? איך זאָג אייך דעם אמת, אַז איך וויים אַליין ניט.

איך בין געגאַנגען צו דער אונוויסענהייט און זיך איבערגעגעבען צו דער מאַכט פון אונוויסענהייט. דאָס געפיהל פון ווירקליכקייט האָט מיך ווידער אַמאָל פערלאָזט. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ בעזונדער מין אַטמאָספערע, וועלכע טהיילט מיך אָב פון דער אויסערליכע וועלט. עס איז ניט געווען אַזעלכעס, וואָס בלויז דאָס אויג קען זעהען, זאָנדערען איך האָב עס געפיהלט דורך און דורך מיין גאַנצען קערפּער און מיין גאַנצער נשמה. איך קען עס אייך ניט אויסדריקען אין ווערטער. דער שטח, למשל, דער שטח, וועלכען איך בין פערבייגפאָהרען האָט זיך מיר געדוכט אונענדליך דערווייטערט, אָבגעטהיילט פון מיר מיט אַ מאָסלאָזער גרענעץ.

ווי וואָלט איהר זיך, למשל, פאָרגעשטעלט אַזאַ אויסערגעוועהנ־ליכען מעמד פון פערשטאַנד? עס מוז ביי אייך אַלעס, וואָס איך דערצעהל אייך, אויסצייגען לעפּיש, אונמעגליך און אוננאַטירליך, אָבער טהוט נאָר אַ דענק, אַז ביז היינטיגען טאָג לעב איך אַזאַ אונ־אָרענטליכען, אונרוהיגען לעבען! מען האָט מיך „מכבד" געווען מיט פערשיעדענע נעמען פון משוגעת, דאָך האָט מיך קיינער ניט געקענט אויסהיילען. איך בין אויף מיין גאַנצען לעבען פערבליבען אויפ'ן ברעג פון משוגעת ערוואַרטענדיג פון מינוט צו מינוט אַ קאָפּ דרע־העניש און צו פערלירען דאָס בעוואוסטזיין פּונקט ווי איינער, וואָס בויגט זיך אַרונטער אין אַ שרעקליכע טיעפעניש.

ווי דענקט איהר, וועל איך נאָך פערליערען מיין שכל איידער איך

וועל צושליסען מיינע אויגען? איז פאַראַן אַזאַ סימן אויף מיין פּנים? אין מיינע ווערטער? האָט איהר עפּעס בעמערקט? ענטפערט מיר, מיין טהייערער, ענטפערט מיר אָפענטליך, איך בעט אייך!

און פיעלייכט איז מיר נאָך ניט בעשערט צו שטאַרבען! פיעלייכט איז מיר נאָך בעשערט אָבצואוואַגלען אַ משוגענער, אין משוגעים הויז!

ניין, איך בין מודה ומתודה, אַז דאָס שרעקט מיך ניט. איהר ווייסט דאָך אָבער, אַז „זיי״... וועלען קומען ביינאַכט... און... ביינאַכט... וועט ציראַן זיך געווייס בעגעגענען... מיט „יענעם״... איך ווייס עס... איך זעה עס פאַראויס... און... וואָס וועט זיין דאַן? — אַן אויסברוך פון משוגעת, אַ וואַהנזיניגע ווילדקייט... אין דער פינסטער.... מיין גאָט, מיין גאָט, איז ניט אָט דאָ מיין סוף?....

האַללוצינאַציע? יאַ, ווירקליך אַזוי. באמת אַזוי. האַ, יאַ, יאַ, איהר זיינט פאָלקאָם גערעכט. עס וועט זיין געננוג איין ליכט אום איך זאָל זיין רוהיג, וואָרעם איך פלעג אימער שלאָפען זעהר געשמאַק. יאַ, יאַ, געננוג איין ליכט, פשוט איין ליכט. איך דאַנק אייך, מיין טהייערער...

אויף וואָס זשע האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט? האַ, יאַ, אויף טיוואַלי...

...אַ שאַרפער ריח פון די שוועפעליגע וואַסערען. איבעראַל און אומעטום אוילבירטען, אוילבירטען, גערטנער אוילבירטען, און אין זיך דאָס זאָנדערבאַרע, פריהערדיגע געפיהל, וועלכעס פערשווינדעט שטופענווייז פונקט ווי דער ווינט וואָלט עס אוועקגעבלאָזען. איך קריך אַראָב. מאַסען מענשען אויף די וועגען. די פלאַמען פינקלען פון דער זונן. גלעקער קלינגען. איך ווייס, אַז איך וועל „זי״ בעגעגענען.

— אַ, הערר עפּיסקאַפּאַ! פון וואַנען האָט איהר זיך גענומען אַהער?

דאָס איז געוועזען גינעווראַ׳ס שטימע. און אָט שטעהט פאַר מיר גינעווראַ מיט אויסגעשטרעקטע הענט אַ צומישטע.

„וואָס זיינט איהר אַזוי בלאַס? קראַנק? —

זי קוקט אויף מיר און שמייכעלט, וואַרטענדיג צו וועל איך ניט אָנפאַנגען רעדען. איז עס מעגליך, אַז דאָס איז די זעלבע גינעווראַ,

וועלכעס האָט בעדיענט די טישען אין אַ צימער פול מיט רויך. איז עס מעגליך, אַז דאָס איז זי? איך מורמעל ענדליך ארוים אייניגע ווערטער. זי שטעהט אַליין צו מיר צו מיט איינע און די זעלבע פראגען:

— ווי קומט איהר אַהער? וואָס פאַר אַן איבערראשונג!

— כדי איך זאָל אייך קענען זעהען — ענטפער איך.

— הייסט עס, אַז איהר געדענקט, אַז מיר זיינען פערלאָבט? —

זי לאַכט און זעצט פאָר:

— אָט דאָס איז מיין שוועסטער. קומט מיט אונז אין קירכע. איהר וועט דאָך מיט אונז פערברענגען היינטיגען טאָג. ניט אמת? איהר וועט זיך פיהרען ווי אַ חתן. איך האָף, אַז איהר זיינט איינשטימיג....

אַ פרעהליכע, אַ רעדעוודיגע, פול מיט אַלעם אונערוואַרטעטעס, פול מיט נייעם געשמאַק. אָנגעטהאָן איינפאַך, אָהן פליטערלאַך, אָבער נעט, שעהן כמעט עלעגאַנט. זי צופרעגט זיך ביי מיר וועגען פריינד:

— און יענער וואנצער!

זי האָט זיך וועגען דעם אַלעם צופעליג דערוואוסט פון די צייטונגען.

— איהר זיינט געוועזן זעהר בעפריינדעט, ניט אמת?

איך ענטפער ניט. אַ קורץ שטילשווייגען. זי צייגט אוים צו זיין פערטראַכט. מיר געהען אריין אין קירכע, וועלכע איז בעפוצט מיט „געהייליגטע" פאַלמען צווייגען. (עס איז דאַן געוועזן דער זונטאָג פאַר פסח). זי לאָזט זיך אַרונטער אויף די קניען לעבען איהר שוועסטער און עפענט דאָס „סידור'על". איך שטעה הינטער איהר און קוק אויף איהר האַלז. איך דערזעה אויף איהם אַ קליינעם פלעק און אַן אונאויסדריקליכער פיבער געהט דורך מיין לייב. צו דערזעלבער צייט קעהרט זי אום איהר קאָפּ און וואַרפט אויף מיר אַ גנבה'ישען פלאַמענדען בליק.

די עראינערונגען פון דער פערגאַנגענהייט צושווימען זיך, די אונרוהיגקייט פאַר דער צוקונפט שטאַרבט אָב. בלויז די געגענוואַרטיגע שטונדע עקזיסטירט פאַר מיר. בלויז דיעזעס פרויענצימער עקזיסטירט פאַר מיר און קיין אנדער זאַך אין דער וועלט. אָהן איהר איז מיר ליעבער דער טויט.

ביים ארויסגעהן פון דער קירכע האָט זי מיר, שווייגענד, דער־

לאנגט א צווייגעל. איך קוק אויף איהר און שווייג אויך, און עס דוכט זיך מיר, אז זי האָט שוין אַלעס איבערגעלעזען אין מיין קוק. מיר נעהמען די ריכטונג צו איהר שוועסטער'ס הויז. מען לאדעט מיך איין אריינצוגעהן. אויפן וועג צום גאניק, זאָגט מיר גינעווורא:

— קומט אהער, קומט האָבען אביסעל פערגניגען פון דער זונן.

מיר זיינען אויפ'ן גאניק. איינער לעבען צווייטען. די זונען־שטראהלען בעגיסען אונז. איבער אונזערע קעפּ טראָגט זיך דער אָב־קלאנג פון די גלעקער. זי זאָגט אין דער שטיל, גלייך ווי צו זיך אליין:

— ווער וואָלט עס געקענט דענקען!

אן אונבעגרענעצטע איינגענהמקייט צוגיסט זיך אין מיין הארצען. איך קען מיך ניט איינהאלטען. איך פרעג זי מיט א פערענדערטער שטימע:

— הייסט עס, אז מיר זיינען פ ע ר ל אָ ב ט?

זי שווייגט א מינוט. נאכהער ענטפערט זי שטיל, אביסעלע פערשעהמט, ארונטערלאָזענדיג די אויגען:

— איהר ווילט? נון, זעהר גוט.

מען רופט אונז פון אינוועניג. דאָרט זיינען איהר שוואָגער, עט־ליכע אנדערע פערוואנדטע און אויך קינדער. איך שפּיעל, ווירקליך, די ראָלע פון א חתן! ביים טיש זיץ איך לעבען גינעווראן. פלוצים נעהמען מיר זיך אָן ביי די הענט אונטערען טיש, און פון גרויס שמחה פיהל איך אקאָרשט משוגע צו ווערען. דער שוואָגער, די שוועס־טער, אַלע אַנוועזענדע קרובים קוקען אויף מיר מיט נייגעריגקייט, פראגענד.

— ווי אזוי איז דאָס וואָס קיינער האָט דערפון גאָר ניט גע־וואוסט?

— ווי אזוי האָסט דו אונז די גאַנצע צייט גאָר ניט געזאָגט קיין וואָרט דערפון, גינעווורא?

מיר לאכען, און מיר פיהלען אליין אויך עפּעס ווי פערלוירען, ניט קענענדיג זיך ערקלעהרען ווי פלוצים, אונערוואַרטעט דאָס איז געשעהן. און אזוי לייכט פונקט ווי אין א חלום...

יא, עס איז לעכערליך, אונגלויבליך לעכערליך, אָבער דאָס האָט פּאסירט אין דיעזער וועלט מיט א מאַן און א פרוי פון דיעזער וועלט;

מיט מיר דזשאוואנע עפיסקאָפּא און מיט דער נאָך געזונטער גינעווראַ קאַנאַלע. און פּונקט אַזוי, אפילו אויף קיין האָר ניט געריהרט, ווי איך האָב אייך דערצעהלט.

א, מיין הערר, איהר מעגט לאַכען, אויב איהר ווילט. איך וועל מיך ניט בעלעדיגען. א טראַגישער פּאַרס... וואו האָב איך וועגען דעם געלעזען? אין דער אמת'ן איז ניטאָ קיין מעהר לעכערליכעס, מעהר שענדליכעס, מעהר גרויזאַמעס.

איך בין געגאַנגען צו איהר מוטער, אין הויז פון איהר מוטער. אין איינעם פון די אַלטע הייזלאַך אויף מאָנטאַנאַרסקי גאַס, מיט שמאָלע, נאַסע, גליטשיגע טרעפּ, וואָהין עס האָט אריינגעדרונגען, דורך די שפּאַלטען און שפּאַרונעס, א שוואַכע, גרינבליכע כמעט קבר'דיגע שיין. דאָס קען מען ניט פערגעסען. אַלעס לעבט אין מיין זכרון! אויף יעדער טרעפּ, וואָס איך האָב ארויפגעטרעטען, בין איך געבליבען שטעהן, ווארעם עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז יעדע מינוט קען איך פערלירען דאָס גלייכגעוויכט און ארונטערפאַלען. עס האָט זיך מיר געדוכט ווי איך שפּאַן אויף שווימענדע שטיקער אייז. איך בין געגאַנגען העכער און העכער און די טרעפּ, האָבען זיך מיר אויסגעצייגט, דוו'ך דער אויסערגעוועהנליכער שיין, וואָס האָט זיי בעלייכט, מעהר און מעהר פאַנטאַסטישער, פערהילט אין עפּעס א געהיימער, שלימער שטילקייט, אין וועלכער עס זיינען אָבגעשטאָרבען די שטימען, וואָס האָבען זיך געטראָגען פון ווייטען. פּלוצים האָב איך דערהערט ווי אויף דער אויבערשטער עטאַזש האָט זיך א טהיר גע־עפענט מיט רעש. און אַלע טרעפּ זיינען בעשאָטען געוואָרען מיט קללות און חרמות, וועלכע האָבען זיך געטראָגען פון א פרויען־מויל. שפּעטער האָט זיך די טהיר צוגעמאַכט מיט אזא קראַפט, אז דאָס גאַנצע הויז האָט א טרייסעל געטהאָן פון אויבען ביז אראָפּ. איך האָב זיך דערשראָקען; איך האָב א ציטער געטהאָן און בין געבליבען שטעהן אין פערלעגענהייט. עפּעס א מאַנספּאַרשוין האָט זיך ארונ־טערגעלאָזט. עס האָט אויסגעוויזען ווי ער גליטשט זיך ביי דער וואַנט, ווי א שאָטען. זיין פּנים איז געווען כמעט אין גאַנצען פער־דעקט מיט א גרויען קאַפּעליוש. ער האָט עפּעס געמורמעלט און גע־וואָרטשעט. מיר האָבען זיך אָנגעשלאָגען איינער אָן דעם צווייטען. ער האָט דאן ארויפגערוקט דעם קאַפּעלוש און איך האָב געקענט בעמער־

קען אַ פּאָאַר דונקעלע ברילען, וועלכע זיינען געזעסען אויף זיין רויטען פּנים, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ שטיק רויהע פלייש.

ער האָט געמיינט, אַז ער האָט זיך בעגעגענט מיט איינעם פון זיינע בעקאַנטע און ער האָט אויסגערופען:

— פּיעטראָ! — און ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און מיר גלייך אין פּנים אריינגעאָטהעמט מיט אַ ריח פון וויין. ער האָט אָבער באַלד איינגעזעהען, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות און ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט ווייטער. איך האָב דאַן פאָרטגעזעצט מיין וועג ארויף. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נור איך בין געווען עפּעס ווי זיכער, אַז איך וועל מיך בעגעגענען מיט אימיצען פון זייער פאַמיליע. איך בין ער־שיענען פאַר אַ טהיר, אויף וועלכער איך האָב איבערגעלעזען: „עמי־ליאַ קאַנאַלע, מעקלערקע פון „מאָנטע די פּיעטאַ" מיט דער ערלויבניש פון דער קאַראַלישער פּאָליציי". אום צו מאַכען אַ סוף פון מיין אונ־רוהיגקייט, האָב איך אַ ציה געטהאָן דאָס גלעקעל, אָבער אַזאַ שטאַר־קען ציה געטהאָן, אַז דאָס גלעקעל האָט אָבגעקלונגען זעהר הויך. עס האָט זיך דערהערט אַ ברוגז'דיגע שטימע, די זעלבע, וואָס האָט פריהער אָבגעהילכט אויף די טרעפּ מיט קללות. די טהיר האָט זיך גע־עפענט, און איך, אַ דערשראָקענער, אַ פערלוירענער, ניט זעהענדיג גאָר ניט, ניט ערוואַרטענדיג קיינע פראַגעס האָב אָנגעפאַנגען רעדען, פערסאָפּענדיג זיך און שלינגענדיג די ווערטער.

— איך בין עפּיסקאָפּאַ... דזשאַוואַני עפּיסקאָפּאַ... אַ דיע־נער... איך בין געקומען... פערשטעהט איהר מיך... צוליעב אייער טאָכטער... פערשטעהט איהר מיך.... ענטשולדיגט... איך בעט אייך.... אַ צושטאַרקען ציה געטהאָן דאָס גלעקעל.

פאַר מיר איז געשטאַנען גינעווראַ'ס מוטער, נאָך אַ שעהנע, בלי־הענדע פרוי; אַ טיפּישע מעקלערקע מיט אַ גאָלדענע בראָש, מיט גאָל־ד'ענע אויערינגלאַך מיט גאָלדענע רינגען אויף אַלע פינגער. און איך האָב שעמעוודיג געמאַכט דעם פאָרשלאַג. — איהר געדענקט? דעם בעוואוסטען פאָרשלאַג פון פיליפּאָ דאַבערטי!

אַ, מיין הערר, איהר מעגט לאַכען אויב איהר ווילט. איך וועל מיך ניט בעלעדיגען.

מוז איך דערצעהלען אַלע איינצעלהייטען, טאָג נאָך טאָג, שטונ־דע נאָך שטונדע? ווילט איהר וויסען אַלע קליינינקע סצענקעלאַך,

אלע אונוויכטיגע פאסירונגען, מיין גאנץ לעבען פון יענער צייט אָן, אזא זאָנדערבארע, אזא זינלאָזע, אזא לעכערליכע און אונגליקליכע, דורך און דורך ביז דער גרויסער פאסירונג? ווילט איהר לאכען? ווילט איהר וויינען? איך קען אייך דערצעהלען אין גאנצען. איך לעז מיין פערגאנגענהייט פונקט ווי פון אן אָפענעם בוך. אזא אויסערגעוועהנליכער זכרון קען נאָר זיין ביי אזעלכע, וואָס שטעהען שוין נאָהענט צום סוף... אָבער איך בין מיעד. איך בין אָבגעשוואכט. און איהר דארפט שוין, דוכט זיך, אויך פיהלען אביסעל מיעד. בעסער צו פערקורצען די מעשה. איך וועל זיין קורץ. — איך האָב געקראָגען א צושטימונג אָהן מיה.

ווי עס האָט געשיינט האָט די מעקלערקע שוין געהאט א ידיעה מכח מיין שטעלע, מכח מיין געהאלט און געזעלשאפטליכען צו־שטאנד. זי האָט געהאט א קלינגענדע שטימע, בעשטימטע בעוועגונגען, א בייזען, כמעט ווילדען קוק, וועלכער איז צייטענווייז געווען לאָס־טשענד און דערמאָהנט אן גינעווראַ׳ס קוק. זי האָט מיט מיר גערעדט, שטעהענדיג גאַנץ נאָהענט לעבען מיר און דאָ האָט זי מיך אָנגעריהרט, דאָ האָט זי מיר א לייכטען קלאפּ געטהאָן, דאָ האָט זי געדרעהט א קנעפעל פון מיין מלבוש, דאָ האָט זי אָבגעטרעסעלט דעם שטויב פון מיין פלייצע, דאָ האָט זי ארונטערגענומען א האָאר אָדער א שטיקעל בוימוואָלע פון מיינע בגדים. איך האָב געפיהלט אין מיין גאנצען קער־פּער א מין נערוועזע אונרוהיגקייט אלע מאָל, ווען די פרוי, וועלכע האָט אין מיין געגענוואָרט אָנגעשטעלט די פויסטען צו איהר מאַן, האָט זיך צו מיר געריהרט.

און איהר מאַן איז געווען יענער, וועלכען איך האָב געהאט בעגעגענט אויף די טרעפּ. א מאַן מיט גרינע ברילען. אן אונגליקליכער, רחמנות׳דיגער אידיאָט. פּראָפעסיאָנעל איז ער געווען א דרוקער. זיינע קראנקע אויגען האָבען איהם געשטערט צו ארבייטען און ער האָט גע־לעבט פון דעם, וואָס זיין פרוי, זיין זוהן און זיין שנור האָבען איהם געגעבען. זיי האָבען איהם אָבער אלע בעהאנדעלט שרעקליך שלעכט, זיי האָבען איהם געמוטשעט און געפּייניגט, ווי איינעם, וואָס איז אָנגעוואָרפען. דער אלטער האָט געהאט א פערברעכערישען יצר הרע צום גלעזעל משקה. אין דער היים האָט איהם קיינער ניט געגע־בען קיין פּרוטה אויף א „טרונק“. פערשטעהט זיך, אז כדי צו פער־

דיענען עטוואס פאר וואס צו קויפען א גלזעל וויין האט ער געמוזט ארבייטען בסוד. ווער ווייסט אויף וואס פאר א גאסען און וואס פאר א קעלערס און פאר וואס פאר מענשען עפעס ניעדעריגע, שמוציגע ארבייט טאג נאך טאג. ווען ער האט געכאפט די געלעגענהייט האט ער עפעס ארויסגעטאשטשעט פון דער היים און עס פערקויפט און פאר דעם געלד זיך אנגעשיכור'ט, געשטילט דעם אונערטרעגליכען דורשט. קיינע קללות, קיינע חרמות, קיינע שלעק האבען איהם געקענט צוריק האלטען פון זיין טהאט. איין מאל, אמווייניגסטען, איין וואך האט איהם דאס ווייב ארויסגעטריבען פון הויז, און ער האט פאר צוויי־דריי טעג ניט געהאט די דרייסט צוריק צו קו־מען, אנקלאפען? אין טהיר. וואהין איז ער אוועק־געגאנגען? וואו איז ער געשלאפען? ווי אזוי האט ער גע־לעבט?... איך בין איהם געפעהלען געווארען פון דעם ערשטען טאג אן, וואס איך האב זיך מיט איהם בעקאנט. די גאנצע צייט וואס איך האב גערעדט מיט מיין צוקינפטיגער שוויגער, איז ער געשטאנען אומגעקעהרט צו מיר; אויף זיין פנים האט געבלאנזשעט א שמייכעל, א פערקיהלטער שמייכעל. פון וועלכען די ארונטערגעהאנגענע אונ־טערשטע ליפ האט לייכט געציטערט. ווען איך האב מיך אויפגעהויבען אוועקצוגעהן, האט ער מיר געזאגט מיט א שטילער שטימע, וועלכע איז געווען דורכגעוועבט מיט א בעהאלטענער מורא:

—איך וועל מיך אויך דורכגעהן.

מיר זיינען ארויסגעגאנגען צוזאמען. ער האט זיך קוים געהאלטען אויף די פיס. בעמערקענדיג ווי ער וואקעלט זיך, ארונטער געהענדיג די טרעפ, האב איך איהם געזאגט:

— ווילט איהר זיך אנשפארען?

ער האט אנגענומען מיין פארשלאג און האט זיך אנגעשפארט אויף מיין האנד. ווען מיר זיינען שוין געווען אין גאס האט ער נאך אלץ געהאלטען מיין האנד, וועלכע איך האב פרובירט צו בעפרייען. אייניגע מינוטען האט ער געשוויגען, נור אזוי זיך צוגעבויגען צו מיר, אז די ברעגעס פון זיין קאפעליוש האבען זיך פערטשעפעט אן מיין פנים. ער האט ניט אויפגעהערט צו שמייכלען און דער שמייכעל איז בעגלייט געווארען פון א מין כריפען. וואהרשיינליך האט ער גע־וואלט איבערהאקען די שטילקייט.

איך ערינער מיך, אז עס איז געווען בין השמשות און א מיל־דער, צארטער אבענד האט זיך אנגערוקט. די גאסען זיינען געווען פול מיט מענשען. צוויי מוזיקאנטען האבען געשפיעלט אויף א פלייט און א גיטארע אן אריע פון „נארמא״ פאר א קאפע־הויז. איך ערינער מיך נאך איין זאך אז פערביי אונז איז דורכגעפאהרען א קארעטע מיט א פערוואונדעטען, בעגלייטעט פון צוויי פאליציאנטען.

—איך בין צופריעדען. איהר ווייסט? — האט ער ענדליך זיך אבגערופען, דריקענדיג מיין האנד. — איך בין העכסט צופריעדען. וואס פאר אן אויסגעצייכענטער זוהן דו ועסט זיין. ווייסט? איך בין שוין פערליעבט אין דיר!

ער האט די ווערטער אויסגעשפראכען מיט אזא אויפרעגונג ווי ער וואלט געהאט בלויז איין געדאנק, איין ווילען נאר ער שעהמט זיך עס צו זאגען. שפעטער האט ער אנגעהויבען לאכען, ווי א האלב משוגע׳נער. עס האט ווידער געהערשט א שטיל שווייגען, נאכהער האט ער ווידער זיך אבגערופען.

— איך בין צופריעדען — ער האט זיך ווידער צולאכט, אבער דאס מאל שוין מיט א דראזש. איך האב מיך אנגעשטויסען, אז מסתם ליידעט ער פון א נערוועזע אויפרעגונג, וועלכע איז איהם גע־קומען פון זיינע ליידען. מיר זיינען ערשיענען פאר א פענסטער פער־האנגען מיט רויטע פארהענגלאך.

— לאמיר אויסטרינקען צו גלעזלאך צוזאמען! — האט ער זיך פלוצים אבגערופען מיט א שנעלער שטימע. — און ער האט זיך אבגעשטעלט, אנהאלטענדיג מיך פאר דער טהיר, וועלכע איז געווען ווי בעגאסען מיט א רויטע ליכטיגקייט און געווארפען אזעלכע פלע־קען אויף דעם טראטואר. איך האב דערפיהלט ווי ער ציטערט און א דאנק דעם ליכט האב איך געקענט בעטראכטען זיינע ארימע ענט־צינדענע אויגען, וועלכע זיינען געווען פערשטעלט מיט די ברילען.

— גוט, לאמיר אריינגעהן — האב איך געענטפערט. מיר זיינען אריין אין־שענק. עס איז דארט ניט געווען קיין סך מענשען. די וואס זיינען יא געווען, זיינען געזעסען אלע צוזאמען און געשפיעלט אין קארטען. מיר האבען זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעל.

—א קווארט רויטען — האט קאנאלע בעפוילען.

ער האט אנגעגאסען אין די גלעזלאך, און זיין האנד האט געצי־

טערט, ווי ביי א פאראליזירטען. ער האט „ארייגעגאסען” דאס גלע־
זעל ווײן אויגענבליקליך, אבגעווישט זיך די ליפען און אנגעגאסען א
צווייטעס. נאכהער האט ער זיך צולאכט און אוועקגעשטעלט די פלאש
צוריק אויפ'ן טיש.

— גאנצע דריי טעג ניט געטרונקען — האט ער זיך נאאיוו
מודה געווען.

— דריי טעג?

— יא, גאנצע דריי טעג. איך האב ניט געהאט קיין געלד. אין
דער היים גיט מיר קיינער ניט קיין פרוטה. פערשטעהסט? פער־
שטעהסט? ארבייטען קען איך ניט מעהר איבער די אויגען. זעהסט
די אויגען... זוהן מיינער? גיב א קוק.

ער האט אונטערגעהויבען די ברילען און מיר האט זיך אויסגע־
וויזען ווי ער האט אונטערגעהויבען א מאסקע אויף אזוי פיעל האט
זיך געענדערט דער אויסדרוק פון זיין פנים. די אויגען דעקלאך זיינען
געווען אין וואונדען, אהן וויעס, אנגעשוואלען און צוזאמענגעוואקסען
און פון די צויאטרעטע וואונדען האט אונאויפהערליך גערונען מא־
טעריע צוזאמענגעמישט מיט טרעהרען. און פון דער מיטען פון דיעזע
מכות האבען זיך ארויסגעזעהען צוויי אויגעלאך, וועלכע האבען אויס־
געדריקט צער און רחמנות. עס האט מיך אנגעכאפט א פחד און א מיט־
לייד, קוקענדיג אויף די שרעקליכע קלאגעדיגע אויגען. איך האב איהם
געפרעגט:

— טהוען זיי וועה? שטארק וועה?

— הא, שטעל דיר פאר, זוהן מיינער! שטעל דיר פאר נאדלען,
שפילקעס, שפענדלאך, שטיקלאך גלאז, שטעכעניש. ווען די אלע זא־
כען זאלען זיין אין מיינע אויגען וואלט עס קיין ממשות געהאט, זוהן
מיינער, אין פערגלייך מיט דעם ועהטאג וואס איך לייד.

מעגליך, אז ער האט אביסעל איבערטריבען זיינע לײדען, ווייל
ער האט געזעהען, אז איך האב מיטלייד מיט איהם, מיטלייד פון א
מענשען ווער ווייסט פאר וויפיעל יאהרען! ווער ווייסט וויפיעל יאהר
ער האט ניט געהערט קיין מיטליידס ווארט! מעגליך, אז ער האט אבי־
סעל איבערטריבען זיינע לײדען, כדי צו ערוועקען אין מיר נאך מעהר
רחמנות צו איהם.

— אזוי טהוט אייך וועה? — האב איך געפרעגט.

—יא, פונקט אזוי — האָט ער געענטפערט און מיט גרוים פאַר־זיכטיגקייט אָבגעווישט די אויגען מיט אַ שטיקעל שמאַטע, וואָס האָט ניט געהאַט קיין בעשטימטע פאָרמע און קיין בעשטימטען קאָליר. נאָכהער האָט ער צוריק ארונטערגעלאָזט די ברילען און אריינגעגאָסען דאָס צווייטע גלעזעל אין איין אויגען בליק. איך האָב אויך אויסגע־טרונקען. ער האָט זיך צוגעריהרט צו דער פלאַש און געזאָגט:

— עס איז מיר ניט קיין אנדער זאַך ניט געבליבען אויף דער וועלט, זוהן מיינער.

איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהם. עס איז ווירקליך ניט געווען קיין זאַך אין איהם וואָס האָט געקענט דערמאָהנען אָן גינעווראָן. ניט קיין איין שטריך, ניט קיין איין בעוועגונג, ניט קיין איין מאַנערע, גאָר ניט...

— ער איז ניט איהר פאָטער — האָב איך זיך געטראַכט.

דער אַלטער האָט געענדיגט די ערשטע פלאַש און געאָרדערט אַ צווייטע, נאָכהער האָט ער אָנגעפאנגען צו רעדען מיט אַ קוויטש:

— איך בין זעהר צופריעדען, וואָס דו האָסט חתונה מיט גי־נעווראָן, און דו מעגסט אויך זיין צופריעדען . . . קאַנאַליע — פערשטעהסט דו מיך, איז אַ גרויסער יחוס! ווען מיר זאָלען ניט זיין מיוחסים... וואָלט יעצט...

ער האָט אויפגעהויבען דאָס גלעזעל און אויף זיינע ליפען האָט זיך בעוויזען אַ צוויי דייטענדער שמייכעל, וועלכער האָט מיך בע־אונרוהיגט.

—אַך, גינעווראַ.... — האָט ער פאָרטגעזעצט — גינעווראַ וואָלט געווען געקענט זיין אַן אוצר פאַר אונז, ווען מיר זאָלען נאָר געווען וועלען. דו פערשטעהסט? דיר מעג מען דאָס זאָגען. ניט איי־נער, ניט צוויי, נאָר צעהן... הונדערט האָבען זיך געשדכנ׳ט און נאָך וואָס פאַר שידוכים, זוהן מיינער!

איך האָב געפיהלט, אַז איך בין אי גרין אי געל געוואָרען.

— למשל אזא חתן׳דעל, ווי קניאז אלטאני... וויפיעל מיינסט דו דולט ער מיר אָן אַ קאָפּ? וויפיעל געהט ער מיר נאָך? צוריק מיט עטליכע חדשים, נאָך איידער גינעווראַ איז אָבגעפאָהרען קיין טיוואָלי, האָט ער מיך געשיקט רופען צו זיך אין פּאַלאַץ אריין. פערשטעהסט? איידער וואָס ווען האָט ער פערשפּראָכען גאַנצע דריי

טויזענדער. היינט נאָכהער אַ בעזונדער הויז פאַר איהר. און נאָך און נאָך... אָבער ניין, ניין, עמיליא פלעגט תמיד זאָגען:

— עס טויג ניט, עס טויג ניט. מיר האָבען חתונה געמאַכט די ערשטע, מיר ווע‏לען אויך חתונה מאַכען די צווייטע. מיט אַ פּראָפּע־סיאָנעלען יונגען מאַן, אַ מאַן וואָס וועט האָבען אַ גוטע שטעלע, אַ גוטען געהאַלט... מיר ווע‏לען געפינען אַזעלכען. — זעהסט דו? זעהסט דו? אָט ביסט דו געקומען. דו הייסט עפּיסקאָפּאַ, אמת? וואָס פאַר אַ נאָמען! הייסט עס מאַדאַם עפּיסקאָפּאַ... מאַדאַם עפּיסקאָפּאַ....

ער איז געוואָרען רעדעוודיג און אָנגעהויבען צו לאַכען.

— וואו האָסט דו זי בעגעגענט? ווי אַזוי האָסט דו זיך מיט איהר בעקאַנט? דאָרט, אמת? אין דער רעסטאָראַציע? דערצעהל זשע מיר, דערצעהל אַלעס, איך הער זיך צו.

אין דיעזער מינוט איז אריינגעקומען אַ מאַן פון אַ זאָנדער־באַרען, אַבשטויסענדען אויסזעהען. ער איז געווען עהנליך אויף אַ קאַמער־דיענער אָדער אַ פאַרוקמאַכער. אַ בלאַסער, מיט רויטליכע פּריסטשעס אויפ׳ן פּנים. ער האָט זיך בעגריסט מיט קאַנאַלע.

— גוטען אָבענד, באַטיסטאַ!

באַטיסטאַ האָט איהם צוגערופען און מכבד געווען מיט אַ גלעזעל וויין.

— טרינקט טהעאָדאָרא, פאַר אונזער געזונד. אָט דאָס איז מיין צוקינפטיגער איידעם, גינעווראַ׳ס חתן.

דער אונבעקאַנטער האָט עפּעס אָבגעמורמעלט, קוקענדיג מיט זיינע גרויע אויגען אויף מיר. איך האָב אַ פלאַטער געטהאָן, פּונקט ווי איך זאָל מיך אָנריהרען אָן עפּעס גאָר קאַלטעס. ער האָט ארויסגעמור־מעלט:

— הייסט עס, העדר....

— יאַ, יאַ — האָט דער אַלטער בעל דברן, איהם איבערגעשלאָ־גען — העדר עפּיסקאָפּאַ.

— האַ, העדר עפּיסקאָפּאַ. זעהר איינגענעהם צו בעקענען זיך מיט אייך. מזל טוב אייך!

איך האָב מיין מויל ניט געעפענט. באַטיסטאַ האָט אַ לאַך גע־טהאָן, אָרונטערלאָזענדיג דעם קאָפּ אויף דער ברוסט און ער האָט

דאָס מאָל אויסגעקוקט טייווליש. אין אייניגע מינוטען ארום האָט זיך דער גאסט געזעגענט מיט אונז.

— זייט געזונד, באטיסטא. אלעס בעסטע אייך, הערר עפּיס־קאָפּא.

ער האָט מיר אויסגעשטרעקט זיין האנד און איך האָב שוין גע־מוזט אויסשטרעקען מיינע צו איהם.

ווען יענער איז אוועקגעגאנגען, האָט מיר באטיסטא געזאָגט מיט א שטילער שטימע:

— ווייסט דו ווער דאָס איז? טהעאָדאָרא... דעם אלטען מאר־קיז אגוטיס „פּליעגעל אדיוטאנט". שוין א יאָהר צייט, אז ער שטעהט צו מיר צו מכח גינעווראן. פערשטעהסט? דער אלטער ווייסט גאָר ניט וואָס צו טהאָן. ער רוהט ניט, ער וויינט, ער קאָכט זיך ווי א קליין קינד, ער טופּעט מיט די פיס... עס ווילט זיך איהם זעהר האָבען גינעוו־ראן. דאָס איז דערזעלבער מאַרקיז אגוטי, וועלכער האָט געצוואונגען, אז מען זאָל איהם צובינדען צו אן אייזערנעם בעט און בעפוילען זיינע פּרויען זיי זאָלען איהם שמייסען ביז אין בלוט... נאכהער איז די זאך פאָרגעקומען אין געריכט... אך, אך, אך, אָרימער טהעאָדאָרא, ער איז נעבעך געבליבען מיט א נאָז! האָסט דו געזעהען מיט וואָס פאר א נאָז ער איז געבליבען? ער האָט עס ניט ערוואַרטעט, ניט ער־וואַרטעט... אָרימער טהעאָדאָרא!

ער האָט פאָרטגעזעצט צו לאַכען מיט א נאררישען געלעכטער, ווייל איך האָב געמיינט, אז איך שטאַרב אוועק פון בענקעניש.

פּלוצים האָט ער זיך אָבגעשטעלט און זיך צולאָזט מיט קללות. פון אונטער די ברילען האָבען געריגען איבער די באַקען צוויי ריטש־קעס מוטנע טרעהרען.

— אָ, דיעזע אויגען! ווי זיי טהוען מיר וועה, ווען איך טרינק!

און ער האָט ווידער אונטערגעהויבען די גרינע ברילען און איך האָב ווידער דערזעהן דאָס אוראָדישע געזיכט, וועלכעס האָט אויס־געצייגט ווי מען האָט דערפון אָבגעשונדען די הויט. רויט, ווי די הינטער חלקים פון די מאַלפּעס, איהר ווייסט, אָט יענע מאַלפּעס, וואָס מען זעהט אין א טהיער־גאָרטען...

— איך דאַרף אַוועק געהען. שוין צייט — האָב איך געזאָגט.

— גוט, לאָמיר געהען. וואַרט...

און ער האָט שפּאַסהאַפט אָנגעפאַנגען צו רויען זיך אין זיינע קעשענעס ווי וועלען געפינען געלד. איך האָב בעצאָהלט. מיר האָבען זיך אויפגעהויבען און אַרויסגעגאַנגען. ער האָט ווידער אונטערגערוקט זיין האַנד צו מיינער. עס האָט געשיינט, אַז ער האָט שוין גאָר קיין חשק ניט צו שיידען זיך מיט מיר. און ער האָט געהאַלטען אין איין לאַכען, ווי אַ האַלב וואַהנזיניגער. און מיר האָט זיך געדוכט, אַז ער קעהרט זיך צוריק אום צו זיין פריהערדיגען נערוועזען צושטאַנד און אַז ער וויל ווידער עפּעס זאָגען, נאָר ער שעהמט זיך.

— וואָס פאַר אַן אויסגעצייכענטער אַבענד! — האָט ער געזאָגט, און דער פריהערדיגער פלאַטערענדיגער געלעכטער האָט איהם פערקרומט זיין פּנים. אין איינינע סעקונדען אַרום האָט ער מיט דער שווערקייט פון אַ היקאַוואַטען און מיט אַ זעהר ניעדריג אַרונטערגעבויגענעם קאָפּ פּאַרטגעזעצט:

— גיב מיר פינף ליר. איך וועל דיר אָבגעבען.

מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט. איך האָב אַריינגעלעגט אַ פינף לירידיגע מטבעה אין זיין ציטערענדער האַנד. ער איז אַנטלאָפען און באַלד פערשוואונדען אין דער פינסטערניש.

אַ, מיין הערר, וואָס פאַר אַ רחמנות'דיגע בריאה! דאָס פערברעכען זויגט אַריין אַ מענשען. אַ מענש צאַפּעלט זיך אין די אומאַרמונגען פון דעם פערברעכען און פיהלט ווי ער ווערט אַלץ מעהר און מעהר אַרומגעצויגען און זעהט... אַז עס איז פערלאָרען און קען זיך ניט און וויל זיך ניט... רעטען... וואָס פאַר אַ וועהטאָג, מיין הערר, וואָס פאַר אַ וועהטאָג! ווייסט איהר אַ מעהר טיעפערען, אַ מעהר פערפיהרערשען, אַ מעהר טרויעריגען תהום? זאָגט זשע, זאָגט וועלכע פון אַלע מענשליכע ליידען איז שרעקליכער פון דעם פלאַטערען, פון דעם צאַפּלען זיך, וואָס איינער לעבט איבער, ווען דער יצר הרע צו אַ זאַך בושוועט אין איהם און ער קען עס ניט גרייכען? וואָס קען שוין זיין טרויעריגער פון טרייסלענדיגע הענט, פון איינגעבויגענע קניען, פון אַרונטערגעהאַנגענע ליפּען און ווער שמועסט נאָך, ווען די

אלע זאכען זיינען אין איין מענשען? זאגט זשע, זאגט, וואס קען זיין טרויעריגער, אדרבה, זאגט? וואס?...

און נאך זעהן איבעראל ארום זיך דעם שרעקליכסטען שונא, זעהן איהם קלאהר און דייטליך, אונטערצושיידען אלע זיינע דרכים, פאראויסזאגען אלע זיינע פערפיהרערשע רעזולטאטען, אין גאנצען זיין רואינע. זעהן — איהר הערט!... זעהן אין יעדען מענשען א צער, און פארשטעהן אימער און תמיד פערשטעהן און פיהלען א ברו־דערליכען מיטלייד צו יעדען, וואס געהט אראב פון דעם דרך הישר, צו יעדען וואס איז ארומגענומען מיט אבלות און פיהלען אין זיך, טיעף אין זיך, די שטימע פון דעם גרויסען מענשליכען ברודערליכקייט, און צו זעהן אין יעדען איינעם, וואס מען בעגעגענט, א בעקאנטען... איהר פערשטעהט וואס איך זאג אייך? קענט איהר פערשטעהן דאס געפיהל אין מיר, וועלכען איהר רעכענט פאר א פייגלינג, פאר א ניכטסווירדיגען, כמעט פאר אן אידיאט?

ניין. ניט פאר אייך דאס צו פערשטעהן. איהר קענט עס אין קיין פאל ניט בעגרייפען. און דאך איז עס אזוי ווי איך האב אייך גע־זאגט. עס זיינען פאראן מענשען, וואס געהן דורך א מאסע לעבעדיגע בעשעפענישען פונקט ווי דורך א מאסע בוימער. עס איז ביי זיי קיין אונטערשיעד. עס זיינען אבער דערפאר פאראן אזעלכע, וואס זוכען מיט אן אייביגער מורא אויף יענעם'ס געזיכט א שטומען ענטפער אויף א שטומער פראגע. פאר אזא מענשען איז שוין אויף דער וועלט ניט פאראן קיין אונבעקאנטער. א, שרעקליך! זיין הארץ בעלאנגט צו אלעמען אבער קיינעמס בעלאנגט צו איהם!

איך וויים, איך וויים עס. ווענעמס עסק איז עס? ווענעמס עסק איז צו זיין גוטקייט, צו זיין ליעבע? יעדער איינציגער מענש האט א געהיימען געדאנק, אבער ניט פון ליעבע, ניט פון גוטקייט, זאנדערן פון אומגעלומפערטע תאוות און עגאאיזם. איך וויים עס. קיין איין און איינציגער מענש אויף דער וועלט האט נאך ניט ליעב געהאט א צווייטען און איז אויך ניט געווען געליעבט פון יענעם. איך האב קיין מאל ניט געוואגט מודה זיין פאר זיך אליין דעם שרעקליכען אמת, ווייל איך האב מורא געהאט אז איך וועל מוזען שטארבען נאך אזא וידוי...

אזוי, אזוי מיין הערר, זייט יענעם אבענד האב איך מיך געפיהלט

ווי צוגעבונדען צו דעם אונגליקליכען. איך בין געוואָרען זיין פריינד. ווארום? איבער דעם דען, וואָס אונזערע נשמות האָבען געהאַט אַ געהיימע עהנליכקייט? צו מעגליך דערפאר, וואָס די צוציהונגס קראַפט פון זיין פערברעכען האָט שוין ביסלעכווייז אָנגעפאַנגען מושל צו זיין איבער מיך אויך? צו אפשר דערפאר וואָס אין זיין אונגליק־ליכער לאַגע האָט זיך שוין אָבגעשפּיעגעלט מיינע?

נאָך יענעם אָבענד האָב איך מיך געזעהען מיט איהם יעדען טאָג. ער פלעגט מיך אָרומזוכען איבעראל, מיך אָבגעוואַרט לעבען דער טהיר פון דער קאָנטאָר; געוואַרט מיך ביינאַכט אויף די טרעפּ פון מיין וואוינונג. ער פלעגט מיך ניט פרעגען קיין זאַך און אין זיינע אויגען, וועלכע זיינען געווען פערשטעלט מיט די גרינע ברילען האָט מען אויך גאָר ניט געקענט איבערלעזען. אָבער עס איז געווען גענוג פאר מיר בלויז אַ קוק צו טהאָן אויף איהם אום צו פערשטעהן אַלעס. זיין גע־וועהנליכער אידיאָטסקער שמייכעל האָט איהם קיין מאָל ניט פער־לאָזט. איך בין ניט געווען אימשטאַנד איהם צו ערוויעדערען, איך האָב איהם ניט געקענט ענטזאָגען, איהם וועה טהאָן, צייגען פאר איהם אַ ברוגז פּנים, זיך ווענדען צו איהם מיט כעס. וואָס זאָגט איהר? האָב איך מיך דען אויף אַזאַ אופן ניט אונטער וואָרפען דער מאַכט פון אַן אַנדער טיראַן? האָט עס ניט געהייסען, אַז וואַנצער האָט איבערגע־לאָזט אויף זיין פּלאַטץ אַן אַנדערען? איך האָב מיך אָפט מאָל געפיהלט זעהר געוועהטאָגט אין זיין געגענוואַרט און דאָך האָב איך גאָר ניט געטהאָן אום פּטור צו ווערען פון איהם. ניט זעלטען איז אין איהם גע־ווען צו מערקען צערטליכקייט אין בעצוג צו מיר, לעבערליכע צערט־ליכקייט און צו דער זעלבער צייט אויך טרויעריגע, וועלכע האָבען פער־קלעמט מיין הארץ. איין מאָל האָט ער צו מיר געזאָגט, פערקרומענדיג דאָס מויל, ווי אַ קינד וואָס וויל וויינען:

—ווארום רופסט דו מיך ניט טאַטע? — איך האָב געוואוסט, אַז ער איז ניט געווען איהר פאָטער; איך האָב געוואוסט, אַז זיין ווייבס קינדער זיינען ניט געווען זיינע, און מעגליך, אַז ער האָט עס אויך געוואוסט. דאָך, ווען קיינער האָט ניט געהערט, ווען מיר זיינען געבליבען צווישען פיער אויגען, ווען ער האָט זיך געגנויטהיגט אין אַ טרייסט וואָרט, האָב איך איהם גערופען „טאַטע". אָפט מאָל, אום ארויסצורופען ביי מיר מעהר רחמנות צו איהם, פלעגט ער מיר צייגען

א „בלאָהען סימן" אָדער א וואונד פון א קלאַפּ און מיט אזא בעוועגונג ווי די בעטלער, וואָס ווייזען ארויס זעהר מוט אום גיכער צו קריגען א נדבה. איך האָב צופעליגערווייזע בעמערקט, אז אין אבענד שטעלט ער זיך אוועק אין איינע פון די ווייניג בעלייכטעטע גאַסען און בעט א נדבה. איין מאָל אָן אבענד, פערבייגעהענדיג דעם קווארטאל פארומע טראַווינא איז צו מיר צוגעגאַנגען א מאַן און געזאָגט:

— הילפט אָן אָרימען בלינדען איך קען ניט ארבייטען, איך האָב א פאַמיליע פון פינף קליינע קינדער, וועלכע האָבען שוין צוויי טאָג ניט געגעסען. שענקט א נדבה זייט מחיה פינף אָרימע, אונגליקליכע און הונגעריגע נפשות.

איך האָב איהם גלייך דערקענט אין קול, ער אָבער אזוי ווי ער האָט ניט געקענט זעהן, האָט ניט געוואוסט וועמען ער האָט אבגעשטעלט און איך בין שנעל אוועק אום ער זאָל מיך סוף כל סוף ניט דערקענען.

עס האָט איהם קיין זאַך ניט אבגעשטעלט אזוי לאַנג ער האָט געוואוסט, אז עס וועט איהם העלפען צו שטילען זיין דורשט. איין אבענד, ווען ער איז געווען ביי מיר אין צימער, איז ער געווען זעהר אונרוהיג. איינפאַך ניט געקענט איינזיצען. איך האָב זיך געוואָלט אבוואשען, און דעריבער ארונטערגעוואָרפען מיין ראָק און זשילעט, אין וועלכער איך האָב געהאַלטען א קליין זילבערען זייגעריל, נאָך א מתנה פון מיין גאָטזעליגען פאָטער. איך בין ארונטערגעגאַנגען הינטער שפּאַנישע ווענטלאַך און ער איז געבליבען אין צימער. פּלוצים האָב איך דערהערט, ווי ער איז אויפגעשטאַנען, געהט שטילערהייד איבער'ן צימער און נאָכהער ווי ער פּאָרעט זיך מיט מיינע מלבושים.

— וואָס טהוט איהר דאָרטען? — האָב איך געפרעגט.

— גאָר ניט. וואָס איז דען? — האָט ער געענטפערט מיט א פערענדערטען קול און איז שנעל צוגעקומען צו מיר הינטער די שפּאַנישע ווענטלאַך.

איך האָב זיך אָנגעטהאָן און מיר זיינען ארויסגעגאַנגען. ארונטערקומענדיג די טרעפּ, האָב איך געוואָלט א קוק טהאָן אויף מיין זייגעריל ווי שפּעט עס איז, אָבער איך האָב עס ניט געפונען.

— האָ, איך האָב פערגעסען מיין זייגעריל אויבען. איך וועל

אַרויפלויפען עס נעהמען און איהר ווארט דאָ צו אַ פּאָאָר מינוטען. — האָב איך געזאָגט.

איך בין ארויף אין צימער, אָנגעצונדען אַ ליכט, און געזוכט דאָס זייגעריל, אָבער איך האָב עס אין ערגעץ ניט געפונען. נאָך אייניגע מינוטען האָב איך פון די טרעפּ געהערט באַטיסטאַ'ס שטימע:

— נו, איהר האָט עס געפונען? — ער איז ארויפגעקומען און זיך אָוועקגעשטעלט אין טהיר, ציטערענדיג.

— ניין, איך האָב עס ניט געפונען. עפּעס זאָנדערבאַר. מיר דוכט זיך, אז איך האָב עס זאָגאָר ניט ארויסגענומען פון קעשענע. האָט איהר עס פיליייכט ניט געזעהען?

— ניין.

— ווירקליך?

— ניין.

איך האָב שוין געהאַט אַ פערדאַכט. באַטיסטאַ איז אַלץ נאָך געשטאַנען אויף די טהיר מיט די הענט אין די קעשענעס. איך בין געווארען אונגעדולדיג און ווידער אָמאָל אָנגעפאַנגען צו זוכען.

— איך האָב עס ניט געקענט פערלירען. איך האָב עס געהאַט איידער איך האָב זיך אויסגעטהאָן. איך בין זיכער, אז עס איז געווען אין מיין זשילעט־קעשענע. עס מוז זיין דאָ, איך מוז עס דאָ געפינען.

באַטיסטאַ איז צוגעקומען נעהענטער. איך האָב געזעהען אין זיין פּנים, אז ער האָט עס גענומען. מיין הארץ איז מיר איינגעפאַלען.

— עס מוז זיין ערגעץ דאָ, — האָט ער געמורמעלט פערשעהמט.

— איהר וועט עס זיכער דאָ געפינען — און ער האָט גענומען דאָס ליכט און אָנגעפאַנגען זוכען אונטער'ן בעט, אויפן בעט. ער האָט איבערגעקעהרט די קישען, די קאָלדרע און דערווייל האָט זיך דאָס ליכט אויסגעבויגען און אַ בריה געטהאָן איהם אין האַנד. דיעזע קאָמעדיע האָט מיך אויפגעבראַכט.

— גענוג! — האָב איך אויסגעשריען שטרענג — שטעהט אויף, איך וויים שוין וואו צו זוכען.

ער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס ליכט אויף דער פּאָדלאָגע און איז געבליבען שטעהן אויף די קניען מיט אַן ארונטערגעלאָזענעם קאָפּ, ווי איינער, וואָס וויל זיך מתודה זיין. אָבער ער האָט זיך ניט מתודה

געווען. ער האָט זיך וועהטאָגליך אויפגעהויבען, ניט אויסרעדענדיג קיין וואָרט. איך האָב אַ צווייטען מאָל געלעזען אין זיין פּנים, אַז ער איז שולדיג.

— ער האָט אַוועקגעגנב׳עט דאָס זייגערל, און האָט עס אין זיין קעשענע — האָב איך צו זיך געזאָגט בעשלאָסען. — איך מוז איהם צווינגען זיך מודה צו זיין, צוריקצוגעבען די גנבה, תשובה טהאָן. איך מוז זעהען זיינע טרעהרען פון תשובה אָבער איך האָב ניט געהאַט דעם קוראזש.

— לאָמיר געהן, — האָב איך געזאָגט.

מיר זיינען ארויסגעגאַנגען. דער פּאַמעלעך, פּאַמעלאַך אָנהאַלטענדיג זיך אָן דער פּארענטשע. וואָס פאַר אַ רחמנות, וואָס פאַר אַ מיטלייד! ווען מיר זיינען ארויסגעקומען אין גאַס האָט ער מיך אַ פרעג געטהאָן מיט אַ קול, וועלכעס איז געווען ניט מעהר ווי אַן אָטהעם.

— דענקסט אפשר, אַז איך האָב עס צוגענומען?

— ניין, ניין, זאָגט עס אפילו ניט. אדיע, איך וויל אייך דאָ פארלאָזען, ווייל איך מוז אַוועקגעהן.

און איך בין אַוועקגעגאַנגען, ניט קוקענדיג זאָגאַר אויף איהם. ווי טרויעריג ער איז געווען!

פיער טאָג זיינען פאַראיבער, וואָס איך האָב איהם ניט געזעהען. אויף דעם פינפטען אָבענד איז ער אריינגעקומען צו מיר אין ציממער.

— הא, אַ גאַסט! — האָב איך געזאָגט און פאָרטגעזעצט מיין שרייבען, ניט אויסרעדענדיג מעהר קיין וואָרט.

— האָסט דו עס געפונען? — האָט ער נאָך אַ לאַנגע פויזע געוואגט צו פרעגען.

איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטען פון אויסשיסען אַ געלעכטער און פאָרטגעזעצט צו שרייבען. נאָך אַ פויזע, האָט ער ווידער זיך אָבגערופען:

— איך האָב עס ניט גענומען.

— יאָ, יאָ, איך וויים. זאָרגט איהר זיך נאָך אַלץ דעריבער?

ווען ער האָט געזעהען, אַז איך ריהר זיך ניט פון פּלאַטץ און רייס זיך ניט אָב פון דער ארבייט, האָט ער געזאָגט: „אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט — און ער איז ארויסגעגאַנגען. איך האָב

ניט געמאַכט קיין פּערזוך איהם צוריקצורופען און שפּעטער האָט מיר דערויף באַנג געטהאָן איך האָב איהם געוואָלט צוריקרופען, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. ער איז שוין געווען ווייט. עטליכע טעג האָט ער זיך מיר ניט געוויזען. געהענדיג אַמאָל שפּעט אין דער נאַכט, האָב איך איהם בעגעגענט שטעהען לעבען אַ גאַז־לאַנטערען. עס האָט דאַן געקראַפּעט אַ רעגען.

— וואָס טהוט איהר דאָ אַזוי שפּעט אין דער נאַכט? — האָב איך איהם געפרעגט. ער האָט קוים געקענט שטעהען אויף די פיס. איך האָב איהם אין אָנפאַנג גערעכענט אַלס שכור, נאָר ווען איך האָב זיך נעהענטער צוגעקוקט צו איהם, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז ער איז אין אַ מיטלייד־ענסווערטהע צושטאַנד, ער איז געווען בעדעקט מיט בלאָטע פון קאָפּ ביז די פיס פונקט ווי ער זאָל זיך האָבען געקייקעלט אין גאַס. ער האָט אויסגעקוקט ניעדערגעשלאָגען, געבראָכען און זיין פּנים איז געווען כמעט פּורפּור רויט.

— וואָס איז געשעהען מיט אייך? — האָב איך איהם געפרעגט — דערצעהלט מיר.

ער האָט אויסגעבראָכען אין אַ געוויין, איז צוגעגאַנגען נעהענטער און איז אַרויפגעפאַלען אויף מיינע אָרעמס, נאַכהער האָט ער פּראָבירט מיר דערצעהלען די געשעהעניש און די ווערטער האָבען זיך געטרונקען אין זיינע זיפצען, און אין זיינע טרעהרען, וועלכע האָבען געגאָסען אויף זיינע באַקען.

אַ, מיין הערר, יענע נאַכט, יענעם ליכט פון דעם לאַנטערען, יענער רעגען — אַלס צוזאַמען איז געווען שרעקליך. און ווי שרעקליך זיינען געווען דאַן די זיפצען, די קרעכצען, די טרעהרען פון אַ מאַן, וואָס האָט ניט געגעסען דריי טאָג דורכאַנאַנד!

ווייסט איהר וואָס עס הייסט הונגער? האָט איהר ווען געזעהען אַ מענשען, האַלב טויט פון הונגער, צוטראָגענדיג צו זיין מויל פלייש, וואָס ער קריגט און צוקייענדיג די ערשטע ביסענס מיט זיינע צייהן, וועלכע זיינען אָבגעשוואַכט, לויז אין די יאַסלעס? האָט איהר ווען עס איז בעאָבאַכטעט אַזא בילד? און ווען יאַ, איז דאָס הארץ אין אייך ניט צוריסען געוואָרען אין שטיקער?

אמת, איך האָב ניט געדענקט צו רעדען אַזוי פיעל פון דעם אָרעמען טייוועל, איך מוז אָבער מודה זיין, אַז ער איז געווען מיין איינצי־

גער פריינד אין פערלויף פון מיין עקזיסטענץ. איך האָב איהם געזעהען וויינען און ער האָט מיך געזעהען וויינען און ניט איין מאָל, זאָנדערען א סך, א סך מאָהל אין זיין פעהלער, אין זיין זינד האָב איך געזעהען אַן אָבשפּיעגלונג פון מיינע.

אויסער אַלעס, האָבען מיר געהאַט די זעלבע צרות. מיר האָבען געליטען די זעלבע פעהלערס און געטראָגען. די זעלבע שאַנדעס.

ניין; ער איז ניט געווען גינעווראַ'ס פאָטער, פון דעם אונבעקאַנטען און אונבעוואוסטען! ווער האָט ער געקענט זיין? געוויס ניט קיין מענש מיט מענשען גלייך. געוויסע פיזישע מעלות, געוויסע שעהנע בעוועגונגען, געוויסע גרויזאַמקייטען, געוויסע צו פערדרעהטע פאַלשקייטען, איהר אינסטינקט נאָך לוקסוס, איהר פעראַכטונג, איהר אייגענע מאַנערע צו שטעכען און וועה צו טהאָן יענעם און אליין לאַכען — דיעזע אַלע זאַכען און נאָך אַנדערע אויך צייגען אָן אויף אריסטאָקראַטישעם בלוט. און ווער־זשע האָט ער געקענט זיין? א מין דונקעלער, פערבאָרגענער זקן ווי דער מאַרקיז אגוטי? פּיעלייכט —

ווי אָפט איך האָב דערפון געטראַכט! און אייניגע מאָל זאָגאַר פלעגט זיך אין מיינע געדאַנקען מאָהלען א בילד פון א מאַן, וועמענס אויסזעהען עס האָט זיך ניט געענדערט, אומגעביטען פון מאָל צו מאָל, א בילד פון א מאַן, וועלכער האָט געהאַט אַן אויסערגעוועהנליכע פיזיאָגנאָמיע, אַן אויסערגעוועהנליכען אויסדרוק און זעלבסט אַן אויסערנאַטירליכען לעבען.

עס איז קיין צווייפעל, אַז גינעווראַ מוז וויסען אָדער אמווענינגסטענס פיהלען, דאָס זי האָט ניט קיין בלוט פערבינדונג מיט איהר מוטער'ס מאַן. דער פאַקט איז, אַז עס איז מיר קיין מאָל ניט געלונגען צו בעגעגענען אין איהרע אויגען, קוקענדיג אויף דעם אָרימען אונגליקליכען, דעם מינדעסטען אבשיין פון איבערגעבענהייט אָדער זאָגאַר א סימן פון מיטלייד.

אין געגענטהייל, אין איהר קוקען אויף איהם האָט זיך אָבגעשפּיעגעלט גלייכגילטיגקייט, קאַלטבלוטיגקייט, דערוויעדערונג, פעראַכטונג און אבשטויסענהייט.

א, יענע אויגען! זיי האָבען דערצעהלט און אויסגעזאָגט אלסדינג: אין איין מאָמענט האָבען זיי דערצעהלט פיעלע, פיעלע זאַכען, פערשיעדענע זאַכען. צייטענווייז פלעגען זיי אונערוואַרטעט בעגעגענען

מיינע און דאן איז זייער קוק געווען א שטאָהלענער, א ריינער, גלאַצענ־דער און אויף פּלוצים האָט זיך איבער זיי פערצויגען א הייטעל פון צארטליכקייט, דאָס שטריינגקייט און הארטקייט איז מיט אמאָל פער־שוואונדען. שטעלט אייך פאָר, מיין הערר, א שטאָהלענע קלינג בעדעקט מיט אָטהעם אָט אזוי זיינען געווען איהרע אויגען צו יענער צייט.

אָבער ניין, עס איז אונמעגליך פאר מיר צו רעדען צו אייך מיין ליעבע, קיינער אין דער וועלט וועט אמאָל וויסען ווי איך האָב זי גע־ליעבט, קיינער, קיינער! זי אליין האָט קיין מאָל ניט געוואוסט און ווייסט נאָך יעצט אויך ניט. אָבער איך וויים, איך בין זיכער, אז זי האָט מיך קיין מאָל ניט געליעבט! זאָגאר קיין טאָג ניט, קיין איין שטונדע ניט, קיין איין מינוט ניט.

איך האָב דאָס געוואוסט פון דעם אָנפאַנג אָן, איך האָב דאָס גע־וואוסט זאָגאר דאן, ווען זי האָט אויף מיר געקוקט מיט יענעם פער־דעקטען, פערשלייערטען, פערמאסקירטען קוק. איך האָב זיך ניט גע־טוישט. מיינע ליפּען האָבען קיין מאָל ניט געוואגט איינצופריימען די בעוואוסטע צערטליכע פראגע, די פראגע, וועלכע יעדער ליעבהאָבער ווידערהאָלט ביי יעדע געלעגענהייט:

— ליעבסט דו מיך? — און איך קען מיך דערמאָהנען ווי צו געהענדיג צו איהר און דערפיהלענדיג א חשק, האָב איך ניט איין מאָל געטראַכט: — א, ווען איך זאָל זי קענען קושען אין פּנים אויף אזא אופן, אז זי זאָל עס ניט קענען מערקען!

ניין, ניין, איך קען מיט אייך ניט רעדען וועגען מיין ליעבע. איך וועל אייך איבערגעבען נאָך פאקטען, קלייניקע, לעבערליכע פּאַסירונגען, אונווירדיגע, רחמנות׳דיגע, שענדליכע.

דער טאָג פון דער חתונה איז געווען בעשטימט. גינעווורא איז פערבליבען אין טיוואָלי נאָך אויף עטליכע וואָכען. איך פלעג אָפט צו פאָהרען קיין טיוואָלי און פערברענגען דאָרט צו האלבע טעג אָדער צו עטליכע שטונדען דורכאנאנד. עס האָט מיר זעהר הנאה געטהאָן, וואָס זי איז ווייט פון רוים. איך בין תמיד אומגעגאנגען אונרוהיג פון דעם געדאנק: טאָמער דערוויסט זיך אימיצער פון מיינע קאָלעגען מיין געהיימניס. איך האָב אָנגעווענדעט אלע מינים פאָרזיכטיגקייט, וואָס נאָר פאר א פּארטהייל איך האָב געקענט אויסטראכטען, כדי צו פער־היטען די געהיימניס, זי זאָל ניט ווערען אָן אָפענער „איין און דרייסיג״,

כדי אלעס, וואָס איך האָב געטהאָן און וואָס איך האָב געוואָלט טהאָן זאָל בלייבען בסוד. איך האָב מיך אויסגעהיט ניט צו בעגעגענען זיך מיט מיינע אַלטע „עסערס". איך האָב אויסגעמיטען די פּלעצער, וואו עס געפינען זיך אַ סך מענשען; ווען אימיצער האָט מיך עפּעס געפרעגט, האָב איך אָבגעענטפערט ווי פון דער האַנד. ווען איך האָב דערזעהן אַן „אַלטען בעקאַנטען", האָב איך זיך בעהאַלטען אין אַ קרעמעל, הינטער אַ וואַנט, אָדער הינטער אַ טהיר.

דאָך האָב איך זיך איין מאָל ניט געקענט אויסבעהאַלטען פאַר פּיליפּאָ דאבערטי. ער האָט מיך איין מאָל געפּאַקט און איך האָב מיר ניט געקענט העלפען.

— אַ, עפּיסקאָפּאָ! וויפיעל צייט מיר האָבען זיך שוין ניט גע־זעהן! וואָס זשע מאַכסט דו? ביסט דו געוועזען קראַנק?

איך האָב בשום אופן ניט געקענט גובר זיין אין זיך די זינלאָזע אונרוהיגקייט און איך האָב געענטפערט אומגעטראַכט:

— יאַ, איך בין געוועזען קראַנק.

— מען זעהט טאַקע. דו ביסט פערגרינגט. און ווי פיהלסט דו זיך יעצט? וואו עסט דו? וואו פערברענגסט דו די אָבענדען?

איך האָב עפּעס אויסגעטראַכט פאַר אַן ענטפער, אויסמיידענדיג איהם צו קוקען אין פּנים.

— ערשט נעכטען ביינאַכט האָט מען גערעדט פון דיר — האָט ער פאָרטגעזעצט. דוכט זיך, אַז עפּראַטי האָט דערצעהלט, אַז ער האָט דיך בעגעגענט אויף אַלעקסאַנדראָוווסקע גאַס געהען געאָרעמט מיט איינעם אַ שיכור.

— מיט איינעם אַ שיכור? — האָב איך אויסגעשריען — העט, עפּראַטין האָט זיך מסתּם אויסגעוויזען.

דאבערטי האָט אויסגעשאָסען אַ געלעכטער:

— כאַ, כאַ, כאַ! אָבער וואָרום ביסט דו רויט געוואָרען? מערק־ווירדיג ווי דו זוכסט דיר אימער אָב זאָנדערבאַרע בעקאַנטשאַפט...

יאַ, זאָג מיר נאָר, בעקומסט דו עפּעס ידיעות מכח וואַנצערען?

— ניין, איך וויים גאָר ניט.

— וואָס! דו ווייסט ניט, אַז ער איז אין בוענאָס איירעס?

— איך וויים גאָר ניט.

— אַך, אָרימער עפּיסקאָפּאָ!... אַדיע, איך דאַרף אַוועק געהן.

זעה זיך קורירען, וואָרום דו ביסט זעהר אַרונטער, זעהר אַרונטער, אַדיע!

ער האָט זיך פערקירעוועט אין אַן אַנדער גאַס און מיך איבער־געלאָזט מיט אַ שרעקליכע אונרוהיגקייט, וועלכע איך האָב ניט געקענט גובר זיין. אין מיין מח האָבען אויפגעלעבט די געשפּרעכען פון דעם לאַנג פערגאַנגענעם אבענד, ווען ער האָט גערעדט פון גינעווראַ׳ם ליי־פען. און ווידער אַמאָל זיינען דורך מיינע געדאַנקען דורכגעפלויגען אויך די צינישע, די שמוציגע ווערטער, וועלכע זיינען יענעם אבענד אויסגעשפּראָכען געוואָרען, און פאַר מיר איז ווידער ערשיענען דאָס צימער אָנגעפילט מיט רויך און דער לאַנגער טיש, אַרום וועלכען עס זיינען געזעסען אַלע די, וואָס האָבען זיך שוין געהאַט אָנגעפרעסען, אָנגעזויפט ביז שכרות און געפיהרט צווישען זיך אונאַנשטענדיגע גע־שפּרעכען. און אויף דאָס ניי האָבען אין מיינע אויערען געקלונגען די שפּאַסען איבער מיר, דער רויש, מיין נאָמען, וואָס וואַנצער האָט אויסגעשריען און אויך די עקעלדיגע פראַזע: „עפּיסקאָפּאַ און קאָמ־פּאַניע!" און איך האָב געטראַכט, אַז עס קען דאָך פּאַסירען דער שרעקליכער געדאַנק זאָל פערווירקליכט ווערען....

פערווירקליכט ווערען! פערווירקליכט ווערען! אָבער ווי איז מעגליך אַזאַ שאַנדע? איז דען מעגליך, אַז אַ מענש, וועלכער איז ניט משוגע, ניט קיין אידיאָט, ניט געריהרט פון דעם זינען, זאָל זיך לאָזען פערשלעפּען צו אַזאַ שאַנדע?...

גינעווראַ האָט זיך צוריקגעקעהרט קיין רוים. דער טאָג פון דער חופּה איז געוועזען בעשטימט.

מיר זיינען צוזאַמען מיט דער מעקלערקע אויסגעפאָהרען די גאַנ־צע שטאָדט, זוכענדיג אַ וואוינונג, איינקויפען מעבעל און אַלע אַנדערע נויטהיגע זאַכען ווי דער מנהג איז מיט יעדען פּאָארעל, וואָס קלויבט זיך חתונה צו האָבען. איך האָב אַרויסגענומען פון דער באַנק מיין גאַנץ פערמעגען, די גאַנצע פופצעהן טויזענד ליער.

און אַזוי זיינען מיר טריאומפירענד אַרומגעפאָהרען אין אַן עקי־פּאַזש איבער גאַנץ רוים. איך בין געזעסען איינגעבויגען, צוזאַמענגע־קאָרטשעט אין צעהנען אוןביידע פרויען אַ קעגען מיר און זייערע קניען אָנגעשפּאַרט אָן מיינע. ווער ווילט איהר האָט אונז ניט בעגע־גענט? ווער, מיינט איהר, האָט אונז ניט דערקענט? עס האָט מיר

ניט געהאָלפען מיין איינגעבויגענקייט, מיין צוזאַמענקאָרטשונג. בעג־ריסונגען פון אַלע זייטען. גינעוורא איז געווען ווי אויפן זיבעטען הימעל פאַר שמחה. זי האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון דעם עקיפּאַזש, איהם געדרעהט אין אַלע זייטען און אַלע מאָל אויסגעשריען:

— זעה נאָר! קוויסטערי! קוק! אָט איז מיקעלי! זעהר נאָר! פּאַלומביי מיט דאָבערטין!

דער עקיפּאַזש איז געווען אָפען.

און אַזוי האָט זיך די נייעס צוטראָגען איבעראַל און אומעטום. מיינע אַלטע בעקאַנטע האָבען זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און ניט געזשאַלעוועט שטעכווערטערלאַך אויף שטעכווערטלאַך. מיט וואָס זיי האָבען מיך נאָר געקענט דער רגזנ'ען, האָבען זיי געטהאָן און איך, אום ניט צו בלייבען אין גאַנצען דער הינטער, האָב ביי יעדען שטאָך, וואָס זיי האָבען געטהאָן געשמייכעלט אויטאָמאַטיש. וואָס זשע דען האָב איך געזאָלט טהאָן? בעליידיגען זיך? ווערען אין כעס? פּראָטעסטירען? ווערען ווילד? זיך שלאָגען? וואַרפען דעם טינטער? שליידערען אַ ביינקעל? ארויסרופען אויף אַ דועל? וואָלט עס דען ניט געווען לעכערליך, מיין הערר?

איין מאָל האָבען אַ פּאָאָר פון די „וואוילע יונגען" אין קאַנטאָר פאַרגעשטעלט אַ געריכט. דער דיאַלאָג איז אָנגעגאַנגען צווישען דעם ריכטער און דזשאַוואַני עפּיסקאָפּאַ. אויף דעם ריכטערס פראַגע:

— אייער בעשעפטיגונג? — האָט דזשאַוואַני עפּיסקאָפּאַ גע־ענטפערט:

— אַ מענש, וועלכען יעדער איינער בעליידיגט.

אַ צווייטען מאָל האָב איך געהערט אַזעלכע מינים ווערטער:

— ער האָט ניט קיין בלוט אין די אָדערען. קיין איין טראָפּען ניט. ער האָט געהאַט אַביסעל, האָט עס גווילי̇אָ וואַנצער פון איהם צוגענומען. קען מען דען ניט זעהען, אַז ער פערמאָגט ניט קיין איין טראָפּען בלוט?...

דאָס איז געווען אמת, אמת.

אָבער ווי אַזוי האָט דאָס פּאַסירט וואָס איך האָב פּלוצים בע־שלאָסען צו שרייבען אַ בריעף צו גינעוורען, אין וועלכען איך האָב מיך בעפרייט פון דעם געגעבענעם וואָרט? יאָ, איך האָב געשריבען אַ בריעף צו גינעוורען און האָב זי געבעטען אָבצולעגען די חתונה אויף

תמיד. איך — איך האָב אָנגעשריבען דעם בריעף מיט מיין אייגענער האַנד, אָט מיט דיזער האַנד! און איהם אליין אװעקגעטראָגען אויף דער פּאָסט.

עס איז געװען אָבענד. איך געדענק עס זעהר גוט. איך בין פער־בייגעגאַנגען די פּאָסט אייניגע מאָל און אַ שרעקליכע אונרוהיגקייט, װי ביי איינעם, װאָס בעשליסט צו בעגעהן זעלבסטמאָרד, האָט געבו־שעװעט אין מיר. ענדליך האָב איך אריינגעלעגט דעם בריעף אין דעם שפּאַלט פון דעם בריעף־קעסטעל, אָבער איך װייס ניט פאַר װאָס, די פינגער האָבען זיך ניט געװאָלט עפענען... צו בין איך לאַנג אַזוי געשטאַנען? — איך װייס ניט. אַ פּאָליציי בעאַמטער האָט מיך בע־ריהרט און געפרעגט:

— װאָס טהוט איהר?

איך האָב אויפגעמאַכט די פינגער. דער בריעף איז ארויסגעפאַלען און איך האָב געפיהלט, אַז איך פאַל אין חלשות!

זאָגט מיר, איך בעט אייך — האָב איך געמורמעלט כמעט מיט טרעהרען — װי אַזוי קען איך איהם קריגען צוריק?...

און די נאַכט, די פאָלגענדע נאַכט! און דער צװייטער מאָרגען! און די קװאַרטיר, װעלכע איז שוין גרייט אריינצונעהמען אין זיך דאָס יונגע פּאָאָר פאָלק און פלוצים גאָר, ניט מיר, ניט דיר אויס חתונה און דאָס ליכטיגע, ציכטיגע װאָױנונג װערט פערװאַנדעלט אין אַ טויטען־הויז!... אַ, די זונן, די ליכטע, װאַרימע זונען שטראַהלען, װעלכע האָבען זיך געשפּיעלט אויף די נייע חתונה מלבושים!...

בייטאָג, און איך בין ארויס פון קאַנטאָר, האָב איך בעגעגענט באַטיסטען, װעלכער האָט מיר געזאָגט:

— מען דאַרף דיך האָבען ביי אונז אין דער היים. קום גיכער!

מיר זיינען אװעקגעגאַנגען. איך האָב געציטערט װי אַ געכאַפּטער פערברעכער.

— װאָס דאַרפען זיי מיך? — האָב איך געפרעגט כדי זיך צו צו גרייטען.

באַטיסטאַ האָט גאָר ניט געװאוסט. ער האָט בלויז אַ ציה געטהאָן מיט אַקסלען. װען מיר זיינען צוגעקומען צו דער טהיר, איז ער זיך אװעקגעגאַנגען. איך בין, קוים אַראָפּגעגאַנגען די טרעפּ און אין מיין מח האָט זיך מיר געבאָמבעלט די מעקלערקע מיט איהרע קללות און

חרמות און פאר מיינע אויגען האָבען געשווינדעלט איהרע הענט... די שרעקליכע הענט!... ווען איך בין אראָפּגעקומען און דערזעהען די טהיר אָפען און אויף דער שוועל די מעקלערקע זיצען און בערייט זיך ארויפצואוואַרפען אויף מיר מיט א כיבוד, איז מיר די נשמה ארויס און איך האָב אָנגעהויבען מורמלען:

— עס איז געווען אַ טעות... אַ טעות...

אין אַ וואָך אַרום האָבען מיר חתונה געהאַט. אונזערע עדות זיי־נען געווען ענריקאָ עפּראַטי און פיליפּאָ דאבערטי. גינעווורא און איהר מוטער האָבען פערלאַנגט פון מיר איך זאָל רופען וואָס מעהר געסט צו דער „וועטשערע", כדי זאָלען לייטע וויסען, אַז מיר האָבען חתונה. איך דענק, אַז עס איז ניט געווען קיין איינער פון מיינע אמאָלידיגע „בעקאַנטע" וואָס איז געזעסען אין דער היים. אַלע זיינען געווען צו אונזער „שמחה"...

די אַלע זיעבען זאַכען ווי למשל די חתונה צערעמאָניע די געסט, זייערע געשפּרעכען, דער רויש און געפּילדער וואָס דאָרט האָט זיך אָבגעטהאָן, אַלעס אַלעס, וואָס איז נוגע די חתונה איז ניט מעהר ווי אַ שאָטען אין מיין זכרון. איך געדענק עס ניט אַקוראַט צום פּינ־טעלע. איך געדענק, אַז עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך זיץ ביי „יענעם טיש".... אין יענעם צימער אָנגעפילט מיט רויך... ביי גי־נעווראַן האָבען די באַקען געפלאַמט און די אויגען האָבען געבליצט... אַרום איהר האָבען נאָך אַנדערע אויגען געבליצט און ליפּען האָבען געשמייכעלט...

די עראַינערונג אין יענעם אָבענד הענגט איבער מיר, ווי אַ שווע־רער טרויער.

איך זעה, ווי יעצט, דאָרט אין אַ ווינקעלע, ווייט, ווייט אין אַ פערשטופּטען ווינקעלע דעם אַלטען, אונגליקליכען באַטיסטען און ער טרינקט, טרינקט און טרינקט...

# צווייטער טהייל.

א וואָך אמווייניגסטענס. איך זאָג ניט א יאָהר, א מאָנאט, אָבער א וואָך. א וואָך אמוועניגסטענס, נור ניין, גאָר ניט. גאָר ניט אויסער אונגליק. זי האָט ניט געוואַרט קיין איין און איינציגען טאָג: באַלד, זאָגאר נאָך אין אונזער חופה־נאַכט האָט זי שוין אָנגעפאנגען איהר ארבייט פון פייניגען און מאטערען.

ווען איך זאָל לעבען הונדערט יאָהר, וואָלט איך ניט געקענט פערגעסען דעם אונערוואַרטעטען ווילדען, חצופ'שען געלעכטער, וואָס האָט אָבגעקלונגען אין דער טיעפעניש פון אונזער צימער און וועלכער האָט פערפרוירען מיין הארץ, מיינע בלוטען און מיך ערנידעריגט. אין דער דונקעלער שיין האָב איך ניט געקענט זעהן איהר פנים, אָבער איך האָב צום ערשטען מאָל דערפיהלט איהר שלעכטיגקייט און איהר שניי־דענדען און צופענדען געלעכטער. איך האָב אזא געלעכטער אין מיין לעבען ניט געהערט און קען ביז יעצט ניט בעגרייפען אזעלכען. איך האָב דאן געפיהלט, אז לעבען מיין זייט אָטהעמט א בייזע פערדאָר־בענע בריאה.

א, מיין הערר, איהר געלעכטער איז געוועזען ווי די גיפט פון א שלאַנג!

קיין זאַך, קיין זאַך, גאָר ניט האָט געהאַט די מאַכט צו מאַכען זי ווייכער, מילדער: ניט מיין שווייגענדע אונטערטהעניגקייט, ניט מיין שווייגענדע פערעהרען זי; ניט מיין צער, ניט מיינע טרעהרען. גאָר ניט. איך האָב פּרובירט אויף פערשיעדענע אופנים, אין פערשיעדענע וועגען צו ריהרען איהר הארץ, אָבער אומזיסט. צייטענווייז האָט זי זיך צוגעהערט צו מיר ערנסט, מיט טיעפע אויגען פונקט ווי זי וואָלט פערשטאַנען אַלעס, וואָס איך רעד צו איהר און איך האָב באמת אזוי געדענקט, ווייל אזוי האָט זי מיר אויסגעצייגט, אָבער פּלוצים האָט זי זיך צולאַכט מיט יענעם שרעקליכען, אונמענשליכען געלעכטער, וועלכער האָט געמאַכט גליהען איהרע צייהן מעהר, ווי די אויגען,

און איך האָב דאַמאָלס געפיהלט ווי פון אַ בליטץ געטראָפּען.

ניין, ניין; עס איז אונמעגליך. ערלויבט מיר ניט צו רעדען דערפון. ערלויבט מיר צו געהן ווייטער, ניט אָבשטעלענדיג זיך דערויף איך קען ניט רעדען פון איהר. עס איז פונקט ווי איהר זאָלט מיך צווינגען צו עסען אַ ביטערע זאַך, אַ זאַך, וועלכע איז אונערטרעגליך, טויטליך ביטער. זעהט איהר דען ניט ווי מיין מויל קרימט זיך, דרעהט זיך, ווען איך רעד?

איין מאָל ביינאַכט, דאָס איז געווען אַ צוויי מאָנאַטען נאָך אונזער חתונה האָט זי דערפיהלט זעהר ניט גוט. עס האָט זי געאַי־בעלט, זי האָט געפיהלט ווי צום ברעכען, אַ דראָזש אין איהר קערפּער, אַ נייגונג צו חלשות — איהר ווייסט דאָך „די געוועהנליכע ווייבערשע זאַכען" — און איך האָב אַזש געציטערט פון דער פרעהליכער האָפנונג, ערוואַרטענדיג בסוד די ענטפּלעקונג, דעם סימן, די פערווירקליכונג פון מיין העכסטען וואונש, די אונבעגרענעצטע פרייד אין מיין טרויעריגער לאַגע — איך בין געפאַלען אויף מיינע קניען ווי פאַר אַ מופת. איז דאָס געווען אמת? איז דאָס געווען אמת? יאַ, זי האָט ערקלעהרט, אַז דאָס איז עס. זי האָט בעשטעטיגט. זי האָט געטראָגען אין זיך אַ „צווייטעס לעבען".

איהר קענט ניט פערשטעהן. ווען איהר זאָלט אפילו זיין אַ פאָטער, וואָלט איהר ניט געקענט פערשטעהן, בעגרייפען די אויסערגעוועהנלי־כע אויפריהרונג, וואָס האָט איבערפילט מיין נשמה. שטעלט אייך פאָר, מיין הערר, שטעלט אייך פאָר אַ מאַן, וואָס האָט איבערגעליטען אַ יעדע זאַך אויף דער וועלט, וואָס איז נאָר מעגליך צו ליידען, אַ מאַן וועל־כער איז געווען אַרומגערינגעלט, אָהן איין און איינציגער פרייער מי־נוט, מיט סטראַשונקעס, מיט דראָהונגען פון אַנדערע, אַ מאַן, וועלכער איז ניט געווען געליעבט, רעספּעקטירט פון קיינעם, אָבוואָהל ער האָט פערמאָגט אין די טיפעניש פון זיין הארץ, פון זיין נשמה גאַנצע אוצרות פון גוטע מידות, צערטליכקייט און מילדקייט, גאַנצע אוצרות פון גוטע, נאָבעלע מעלות אויסצונוצען פאַר אַנדערע — שטעלט אייך פאָר, מיין הערר, מיט וואָס פאַר אַ האָפנונג דיעזער מאַן וואָלט ער־וואַרטעט אַן אָבשטאַמונג פון זיין אייגענעם בלוט, אַ זוהן, אַ זיסע, נאָ־בעלע בעשעפעניש, ביי וועמען ער וואָלט געקענט זיך מאַכען בע־ליעבט!

איך געדענק, דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער, איינער פון יענע שטילע, גאָלדענע טעג, דורכגענומען מיט אַ מעלאַנכאָליע אויף דעם אָבשטאַרבענדען זומער. איך האָב געהאַלטען אין איין חלום׳ן פון איהם, פון ציראַנען, און בין געווען איבערפולט, דורכגעדרונגען מיט פרייד.

איין זונטאָג האָבען מיר בעגעגענט דאַבערטין און קוועסטאַרין אויף דעם פינציאַן באַרג. ביידע האָבען זיך זעהר דערפרעהט מיט גי־נעווראַן און זיי זיינען צוגעשטאַנען צו אונזער קאָמפּאַניע. מיר האָבען שפּאַציערט צוזאַמען. דאַבערטי און גינעווראַ זיינען געגאַנגען פריהער און איך מיט קוועסטאַרין הינטען. עס האָט זיך מיר אויסגעצייגט, אַז מיט יעדען שפּאַן טרעט דאָס פּאָאָר׳ל פאַר אונז אויף מיין האַרצען. זייער געשפּרעך איז געווען בעלעבענד און זייער לאַכען האָט אָבגעע־הילכט אין מיינע אויערען ווי דונערען. אַלע פאַרבייגעהער האָבען גע־קוקט אויף זיי. זייערע ווערטער, צוזאַמענגעמישט מיט די קלאַנגען פון מוזיק, זיינען געווען פאַר מיר אונדייטליך, אָבוואָהל איך האָב צוגע־בויגען מיינע אויערען עפּעס צו כאַפּען. מיין טרויעריקייט, מיין מרה שחורה איז געווען אַזוי בולט, אַז קוועסטאַרי האָט זיך שוין אָבגערו־פען צו זיי: „מאַכט קלענערע שפּאַן! לויפט ניט אַזוי! עפּיסקאָפּאַ שטאַרבט פון איפּערזוכט״.

זיי האָבען געשפּאַסט, זיי האָבען זיך נאַרריש געמאַכט איבער מיר. דאַבערטי און גינעווראַ האָבען פּאָרטגעזעצט זייער שפּאַציערען נאָך שנעלער פון פריהער און אַזוי הויך גערעדט און געלאַכט ווי זיי וואָלטען וועלען איבערשרייען די קולות פון דער מוזיק, און איך האָב בשעת מעשה געפיהלט אַזוי אונגליקליך, אַזוי ניעדערגעשלאָגען, אַזוי בעצער׳ט, אַז ווען מיר זיינען פערבייגעגאַנגען די וואַנט, וואָס האָט אַרומגערינגעלט דעם באַרג, האָב איך זיך געוואָלט אַרונטערוואַרפען און מאַכען אַ סוף צו מיינע ליידען. אין קוועסטאַרים פּנים, אין קיינע אויגען האָט זיך געלעזען, אַז ער האָט אויך שטאַרק חשק צו גינעווראַן. אַנדערע מענער, וועלכע זיינען פערבייגעגאַנגען האָבען זיך צו צוויי און צו דריי מאָל אומגעקעהרט צו קוקען אויף איהר, און אין זייערע אויגען האָט געברענט דערזעלבער חשק׳דיגער פלאַם, ווי אין דאַבערטים און קוועסטאַרים, און אַזוי איז געווען תמיד. ווען מיר זיינען פערביי־

געגאנגען א מענגע מענשען, האָט זי זיי צוגעצויגען מיט איהר שמו־ציגקייט, מיט איהרע פערפיהרעשע תנועות. עס האָט זיך מיר אויס־געצייגט, אז די גאנצע אטמאָספערע ארום אונז ווערט דורכגעדרונגען מיט איהר שמוץ. עס האָט זיך מיר אויסגעצייגט, אז יעדער פערבייגע־הענדער מאן ווערט ערוועקט פון ליידענשאפט צו איהר און פועל'ט ביי זיך צו בעקומען זי גאנץ לייכט. אלע האָבען געהאט דעמזעלבען ניעדעריגען, שמוציגען געדאנק אין זייער מח. כוואליעס פון די מוזי־קאלישע טענער האָבען זיך געהויבען און געוואקסען העכער און העכער, די בלעטלאך אויף די בוימער האָבען געשטראהלט און געגלאנצט. די רעדער פון די וואָגענס האָבען מיט זייערע קולות פערטויבט מיינע אויערען, און אין דעם טומעל, אין דעם גערויש, אין דער מאסע מענ־שען, אין דעם צומישטען ספעקטאקעל, זעהענדיג פאר זיך דיעזע פרוי, וועלכע האָט זיך אין מיין געגענווארט ביסלעכווייז ערלויבט צו ווערען בעלעסטיגט פון מענער, און פיהלענדיג, אז דער שמוץ, די אונרייניליכ־קייט הילט און וויקעלט מיך ארום און ארום, האָב איך געטראכט און געדענקט בלויז פון איין זאך, פון דעם קליינעם בעשעפעניש, דעם קליינעם פאָרמלאָזען בריאה'לע, וועלכעס האָט פיעלייכט אין דיעזען מאָמענט געליטען פון די אויפריהרונג פון דעם קערפער, אין וועלכען עס האָט זיך אָנגעפאנגען צו ענטוויקלען און אויפצולעבען.

מיין גאָט, מיין גאָט! ווי דיעזער געדאנק האָט מיך געמאכט ליי־דען! ווי אָפט דאָס האָט מיך געפייניגט און געמאַטערט איידער עס איז געבאָרען געוואָרען! פערשטעהט איהר עס? דער געדאנק פון זיין פערשמוציגקייט — איהר פערשטעהט, וואָס איך מיין? די זינד פון אונטרייהייט האָט מיך פערזענליך א סך וועניגער בעאונרוהיגט, פאר מיר איז זי געווען א סך אונבעדייטענדער ווי פאר דעם קינד וואָס איז נאָך ניט געווען געבאָרען. עס האָט זיך מיר געדוכט, אז די שאנדע, אז דאָס אויסגעלאסענקייט מוז זיך צוקלעפען צו איהם, מוז איהם בעשמוצען. פערשטעהט איהר מיין מורא?

איין טאָג, ווען די פערדעכטונג האָט מיך געפּלאָגט גרוייזאמער, ווי תמיד, האָב איך דערפיהלט דעם קוראזש צו רעדען.

גינעווורא איז געשטאנען לעבען פענסטער. איך געדענק עס. עס איז דאמאָלסט געווען א פייערטאָג. די גלעקער האָבען געקלונגען; די זונן האָט ארייגעשיינט. דעם אמת געזאָגט איז די זונען שיין דאָס

טרויעריגסטע, וואָס איז פאַראַן אויף דער וועלט. דענקט איהר ניט אַזוי? די זונען שיין האָט מיר תמיד פעראורזאַכט שמערצען און אימער געמאַכט מיין האַרץ צום ליידען. אין אַלע מיינע טרויעריגע ערינע־רונגען קען מען געפינען אַ קליינעם זונען־שיין, אַ געלען שטראַהל, ווי אין דער בעפּוצונג פון אַ לויה. ווען איך בין געווען אַ קליין קינד, האָט מען מיך אַמאָל געלאָזט איינעם אליין אין אַ צימער, וואו מיינע אַ שוועסטערעל איז געלעגען טויט. זי איז געלעגען אויפ׳ן פּנים, צו וועל־כען מיין ציראַן׳ס פּנים איז אין זיינע לעצטע מאָמענטען, געווען עהנליך.

הא, וואו האָב איך געהאַלטען? מיין שוועסטערעל. יא מיין שוועס־טערעל איז געלעגען אויפ׳ן בעט צווישען בלומען. יא, דאָס איז עס, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען. אָבער וואָס האָב איך געוואָלט ארויסברענ־גען? לאָזט זיך מיר דערמאָהנען. יא, איך האָב עס שוין. איך בין צוגע־גאַנגען צום פענסטער מיט אַ שרעקליכען פּחד. דאָס פענסטער איז גע־ווען קליין און עס האָט ארויסגעקוקט אין הויף אריין. דאָס הויז גע־גענאיבער האָט געשיינט צו זיין לעער: מען האָט ניט געהערט קיין מענשליכע שטימע פון אינעווייניג. עס האָט דאָרט געהערשט אַן אַב־סאָלוטע שטילקייט. נאָר אויף דעם דאַך האָבען אַ מאַסע פויגלאַך גע־פּיסטשעט טרויעריג און אָהן אויפהערליך. און אונטער דעם פּידאַשעק, אויף דער גרויער וואַנט, אין דעם גרויען שאָטען איז געלעגען אַ בינ־טעל זונען שטראַהלען, פון וועלכען איין לאַנגער געלער שטראַהל האָט זיך אָבגעטהיילט. איך האָב ניט געוואַגט צו בלאָנזען מיט מיינע אויגען, נאָר געקוקט גלייך אויף דעם געלען פּאַס און הינטער זיך האָב איך געפיהלט — קענט איהר עס פערשטעהן? — וועהרענד מיינע אויערען זיינען געווען פול מיט דעם פּיסטשען פון די פויגעלאַך, האָב איך געפיהלט דעם פּחד פון דער טויטער שטילקייט, וואָס האָט גע־הערשט הינטער מיר, אין צימער, פון דער אייז־קאַלטער שטילקייט, וואָס הערשט אין די פּלעטצער, וואו טויטע ליגען. —

אַ, מיין הערר, ווי אָפּט מיינט איהר האָב איך ווידער אין מיין לעבען געזעהען דאָס טראַגישע בינטעל זונען־שטראַהלען! ווי אָפּט מיינט איהר!

אָבער צו וואָס האָב איך געוואָלט צוקומען? איך האָב אייך גע־

זאָגט, אַז גינעווראַ איז געשטאַנען לעבען פענסטער, די זונן האָט אריינגעשיינט אין צימער.

אויף אַ בענקעל איז געלעגען אַ קראַנץ פון לעבעדיגע בלומען פער־בונדען מיט אַ שוואַרצער סטענגע. גינעווראַ און איהר מוטער זיינען עס געגאַנגען ברענגען קיין קאַמפאַ ווערינאַ אויף אַ קבר פון זייערען אַ קרוב. — איהר בעוואונדערט מיין זכרון? יאָ איך האָב יעצט אַ זעל־טענעם זכרון!

הערט. זי האָט געגעסען אַ פרוכט. מיט דער זעלבער אויפגערעג־טער תאוה, וועלכע איז געווען צו מערקען אין איהר יעדער בענעהמונג. זי האָט מיר ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט, ניט בעמערקט, אַז איך בין דאָ אין צימער און ניט געפיהלט, אַז איך קוק אויף איהר. איהר גלייכגילטיגקייט האָט מיך קיין מאָל אַזוי ניט געמאַטערט ווי אין יענעם טאָג. איך האָב קיין מאָל אַזוי קלאָהר און דייטליך פערשטאַ־נען אַז זי בעלאַנגט ניט צו מיר, אַז דער ערשטער ווער עס זאָל ניט אריינקומען וועט האָבען מעהר דעה איבער איהר, ווי איך, אַז זי איז בערייט זיך איבערצוגעבען צום ערשטען ווער עס זאָל ניט אריינקומען און אַז איך וועל קיין מאָל ניט האָבען אימער איהר די רעכט פון ליע־בע אָדער די רעכט פון קראַפט. און איך האָב געקוקט און געקוקט אויף איהר.

האָט עס ווען ניט איז מיט אייך פּאַסירט, אַז נאָכדעם ווי איהר זאָלט קוקען אויף אַ פרויענצימער מיט אנשטרענגונג, מיט רעספּעקט, זאָלען פּלוצים פערשווינדען פון אייך אַלע געפיהלען פון איהר מענש־ליכקייט, פון איהר געזעלשאַפטליכען צושטאַנד, פון די ווירקונגען און קניפּען, וועלכע פערבינדען אייך צו איהר, און איהר זאָלט, צו אייער ערשטוינען, דערזעהען אין איהר ניט מעהר, ווי די בעסטיע, די חיה, די פרוי און דעם ברולאַטיטעט פון געשלעכט?

אָט דאָס איז, וואָס איך האָב געזעהן, ווען איך האָב געקוקט אויף איהר, און איך האָב דאַן פערשטאַנען, אַז זי פּאַסט נור פיר תאוה׳־דיגע אויספיהרונגען און שמוציגע צוועקען, און אַן אַנדער שרעקליכער אמת איז מיר געקומען אין מח: אַז די פונדאַמענטען פון דעם מענ־שענס עקזיסטענץ, אַז די יסודות פון דעם מענשענ׳ס אַלע אנגסטען, איז עטוואָס גראָהייט. אַ שרעקליכער, מורא׳דיגער אמת!

זאָגט מיר וואָס האָב איך דערצו געקענט טהאָן? גאָר ניט. די

פרוי האָט געטראָגען אין זיך אַן אַנדער לעבען. זי האָט מיט איהר בלוט געשפּייזט דאָס געהיימע וועזען — דאָס פערמענשען און פער־פליישען פון מיין שטענדיגען חלום, מיין העכסטע האָפנונג, מיין פערעהרונג.

יא, נאָך איידער ער האָט געזעהן די ליכטיגע שיין, האָב איך איהם שוין פערעהרט. איך האָב איבער איהם פערגאָסען טרעהרען, פּאָטערליכע, צערטליכע טרעהרען, איך האָב אין מיין הארצען גע־רעדט צו איהם, פערבראַכט מיט איהם. דענקט, מיין הערר, דענקט איבער דיעזען גרויזאַמען מאַרטירערשאַפט. — ניט צו זיין אימשטאַנד אָבצוטהיילען, אָוועקצונעהמען א ריין, אונשולדיג וועזען פון א גראָבען, אויסגעלאַסענעם און שמוציגען. צו וויסען, אז דער געגענשטאַנד פון אייער פערעהרונג איז פערבונדען מיט א פערזאָן פאר וועמענס שאַנ־דע און אונעהרליכקייט איהר זיינט תמיד אין מורא און אין פּחד. ווי אזוי וואָלט, נאָך אייער מיינונג, א גלויביגער, א רעליגיעזער געפיהלט, זעהענדיג דעם הייליגען אַלטאַר צוגעדעקט מיט א פער־שמוצטער שמאַטע? ווי אזוי וואָלט ער געפיהלט, ווען מען זאָל איהם פערבאָטען צו קושען די הייליגע בילדער, דעם הייליגען צלם אויסער דורך אַן אונריינעם דעקטוך?

איך קען עס אייך ניט אויסדריקען. אונזערע ווערטער, אונזערע בענעהמונגען, בלייבען תמיד וואולגאר, נאַרריש און אונוויכטיג, אין פונדעסטוועגען בלייבט דער געפיהל, וועלכער שאַפט זיי, גרויס און פערכטיג. די צאָהל פון די טרויעריגע געפיהלען, פון דעם אנגסט און פיין, פון דעם ניעדערגעשלאָגענהייט, וועלכע האָבען מיך אין יענעם טאָג אַרומגערינגעלט און איבערפילט מיין הארץ און מיין נשמה, איז געווען אונגעהייער גרויס, נאַר דער רעזולטאַט פון אַלעמען איז געווען בלויז א קורצער, ציגישער דיאַלאָג, א לעבערליכע סצענקע, אַן אַקט פון פּחד. ווילט איהר די פאַקטען, דעם דיאַלאָג? גוט. אָט איז עס.

ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, איז זי געזעסען לעבען פענסטער. איך בין צוגעגאַנגען צו איהר. א פּאָאָר מינוטען האָב איך געשוויגען. נאַכהער האָב איך מיט א שרעקליכען ציטער אין מיין קערפּער אָנגע־נומען איהר האַנד און געזאָגט:

—גינעווראַ, ביסט דו מיר שוין געוואָרען אונטריי?

— אונטריי צו דיר? וואָס מיינסט דו?

און איך האָב ווייטער געזאָגט:

— האָסט דו שוין געהאט א ליעבהאָבער? פיעלייכט דאבער־טין.

זי האָט מיך שטארק אָנגעקוקט, ווייל איך האָב זיך געטרייסעלט ווי אין א פיעבער.

— וואָס פאר א קאָמעדיע ווילסט דו דאָ שפּיעלען? וואָס איז דיר פּלוצים איינגעפאלען אין קאָפּ? ביסט דו משוגע?

— ענטפער, גינעווורא, אויף מיין פראַגע! — בין איך צוגע־שטאַנען.

איך האָב פּרובירט ווידער אמאָל אָנצונעהמען איהר האנד. אָבער זי האָט זיך צוריקגעצויגען און אויסגעשריען:

— דול מיר ניט א קאָפּ מיט דיינע נאררישקייטען, לאָז מיך צורוה! עס איז שוין גענוג פאר מיר!

נור איך האָב זיך ניט געלאָזט. איך בין געפאלען צו איהרע פיס, ווי א וואהנזיניגער, אָנגעכאפּט זיך אין ברעג פון איהר קלייד.

— איך בעט דיך איך בעט דיך, גינעווורא! האָב רחמנות, האָב כאָטש אביסעל מיטלייד מיט מיר! וואָרט אמווייניגסטענס ביז דאָס אָרימע בעשעפעניש, ביז מיין אונגליקליך קינד וועט געבאָרען ווערען! עס איז דאָך מיין קינד, איז עס ניט? וואָרט ביז עס וועט קומען אויף דער וועלט, נאכהער וועסט דו טהאָן, וואָס דו וועסט ווילען. איך וועל האַלטען מיין צונג צווישען די צייהן, איך וועל דיר ניט זאָגען קיין איין און איינציג וואָרט, איך וועל אימער טראָגען א יעדע זאך. ווען דיינע ליעבהאָבערס ווילען אריינקומען, וועל איך אוועקגעהן פון הויז. אויב דו וועסט מיר בעפעהלען, וועל איך פּוצען זייערע שיך אין צוויי־טען צימער — איך וועל זיין דיין שקלאַף, קיין זאך וועט מיר ניט זיין שווער. נור וואָרט, וואָרט, גיב מיר צום ערשטען מיין זוהן! שענק מיר צום ערשטען דיעזע מתנה! האָב רחמנות, האָב רחמנות!

גאָר ניט, גאָר ניט, און גאָר ניט. איהר קוק האָט אויסגעדריקט בלויז א פרעהליכען, מונטערען קוראזיטעט, און צוריקציהענדיג זיך פון מיר, האָט זי ווידערהאָלט:

— ביזט דו משוגע?

נאכהער, ווען איך האָב אַלץ פאָרטגעזעצט מיינע ביטעס, מיינע בקשות פון איהר, האָט זי זיך אויפגעהויבען, ארויסגעגאַנגען, צוגע־

מאַכט די טהיר הינטער זיך און מיך געלאָזען שטעהן אויף די קניען. אויף דער פאָרלאַגע איז געלעגען דער זונען־שיין, און אויף דעם בענ־קעל, דער בלומען־קראַנץ, וואָס האָט געהערט צו א טויטען. מיינע זיפצען, מיינע קרעכצען האָבען ניט געענדערט קיין זאַך.

קענען מיר, מענשען, ענדערען אמאָל זאַכען? צו וואָס פאַר א נוצען זיינען אונזערע טרעהרען? יעדער מענש איז בלויז א געוויסע פּערזאָן וועמען עס פּאַסירען געוויסע זאַכען. דאָס אַלעס — מעהר גאָר ניט. אמן.

מיר זיינען ביידע מיעד, מיין טהייערער הערר, — איך פון רעדען און איהר פון הערען. אין אמת'ן האָב איך זיך טאַקע אביסעלע צופיעל אָבגעשטעלט אויף אַזעלכע פּונקטען, וועלכע זיינען פיעלייכט ניט אזוי וויכטיג. דער הויפּט פּונקט ליעגט ערגעץ וואו אנדערש. איך מוז פערביילויפען צעהן יאָהר אום צו קומען צום פּונקט. — צעהן יאָהר, צעהן מאָל הונדערט יאָהר פון צרות, פון אונגליק, פון שאַנדע.

די נאַכט, ווען איך האָב דערהערט דיעזע פרוי שרייען וועה־געשרייען — געשרייען, וועלכע זיינען אין קיין פאַל ניט מענשליך, נאָר ווי געשרייען פון בהמות אין שלאַכטהייזער — האָב איך מיט א קאָנ־וואולסיווען ציטערען פון גאַנצען קערפּער געטראַכט: „א, ווען דיעזע פרוי זאָל שטאַרבען און מיר איבערלאָזען מיין זוהן א לעבעדיגען!" איהרע וועה־געשרייען זיינען געוואָרען אזוי שרעקליך, אז איך האָב זיך געטראַכט: „עס איז אונמעגליך צו לעבען, ווען מען שרייט אזוי" יא, איך האָב אזוי געטראַכט און אזוי געהאָפט, אָבער זי איז ניט גע־שטאָרבען, זי איז געבליבען לעבען פיר מיין און מיין זוהן'ס פערדאַ־מונג.

מיין זוהן. ער איז ווירקליך געוועזן מיין זוהן, דער זוהן פון מיין בלוט. ער האָט געהאַט אויף דעם לינקען אַקסעל דעמזעלבען סימן, וואָס איך האָב געהאַט פון געבווירענערהייד אָן. איך האָב געדאַנקט און גע־לויבט גאָט פאַר דיעזען סימן ווייל דאָס האָט מיך פערזיכערט, אז עס איז מיין קינד.

און יעצט זאָל איך דערצעהלען פון די מאַטערניש און פּיין פון אַלע צעהן יאָהר? זאָל איך אייך אַלעס דערצעהלען, גאָר ניט פער־פעהלען? ניין, דאָס איז אונמעגליך. איך וועל קיין מאָל ניט קומען צו

קיין סוף, און חוץ דעם, וועט איהר מיר פיעלייכט ניט גלויבען, ווייל דאָס, וואָס מיר האָבען איבערגעליטען איז זעהר שווער צו גלויבען.

דאָס בעסטע איז צו זיין וואָס קורצער. פאַקטען, בלויז פאַקטען. מיין הויז איז געוואָרען א פלאַטץ פון בייזען, א נעסט פון שלעכטס. מאַנכע מאָל פלעג איך בעגעגענען פרעמדע מענער לעבען מיין טהיר. איך האָב ניט געטהאָן דאָס, וואָס איך האָב געהאַט געזאָגט: איך האָב ניט געפּוצט זייערע שיך אין א צווייטען צימער, נור איך בין שנעל געוואָרען א ניכטסווירדיגער דיענער אין מיין אייגענעם הויז. באַטיסטא איז געווען א סך וועניגער אונגליקליך, ווי איך און א סך וועניגער ניעדערגעשלאָגען און מוטה־געבראָכען. קיין ניעדערגעשלאָגענער אין דער וועלט האָט זיך געקענט צוגלייכען צו מיר. יעזוס וואָלט זיינע אויגען געווען אויסגעווייגט איבער מיר, ווייל פון אלע מענער בין איך דער איינציגער, וואָס האָט דערגרייכט דעם תהום פון ערנידערונג. פערשטעהט איהר מיך? באַטיסטא, די שברי־כלי, באַטיסטא האָט געהאַט רעכט און אורזאַכען רחמנות צו האָבען אויף מיר.

וועהרענד די ערשטע יאָהרען, זאָלאַנג ציראָן האָט נאָך קיין שכל ניט געהאַט, איז געווען גאָר ניט, נאָר אָבער ווען איך האָב געזעהען, אז זיין געדאַנקען ענטוויקעלט זיך, ווען איך האָב געזעהען, אז אין דעם נאָבעלען, דעליקאַטען וועזען וואַקסט דער שכל מיט גרויסער שנעלקייט; ווען איך האָב געהערט פון זיינע ליפּען די ערשטע גרויזאַמע פראַגען — א, דאַן האָב איך געזעהען, אז איך בין פערלאָרען. וואָס האָב איך געקענט טהאָן? ווי אזוי האָב איך געקענט פערזיעגלען דעם אמת פאַר איהם? וואָס פאַר א מיטעל האָב איך געהאַט צו מיין טרויעריקייט? איך האָב געזעהען, אז איך בין פערלאָרען.

זיין מוטער האָט אויף איהם ניט אכטונג געגעבען, פאַר שטונדען און שטונדען האָט זי גאָר פערגעסען אָן איהם. זי האָט איהם ניט געשפּעפען זאָגאַר דאָס, וואָס ער האָט בעדאַרפט און געמוזט האָבען. ניט זעלטען האָט זי אהם זאָגאַר געשלאָגען. איך בין געווען געצוואונגען צו פערלאָזען איהם אויף שטונדען און שטונדען לאַנג. איך האָב ניט געקענט זיצען שטענדיג לעבען איהם און איהם בעשיצען מיט מיין ליעבע און צערטליכקייט. איך האָב ניט געקענט מאַכען זיין לעבען זיס, ווי איך האָב גע'חלום'ט און ווי איך האָב געוואונשען. דאָס קליי־

נע אָרימע און אונגליקליכע קינד האָט כמעט זיין גאַנצע צייט פער־בראַכט אין קיך מיט דער דיענסט.

איך האָב איהם אריינגעגעבען אין שוהל. אין דער פריה האָב איך איהם געבראַכט אהין און ביי־טאָג, פינף א זייגער, בין איך געגאַנגען און איהם אהיים גענומען און איהם שוין ניט אָבגעלאָזט ביז ער איז אנשלאָפען געוואָרען. ער האָט זיך גיך אויסגעלערנט לעזען, שרייבען, האָט איבערגעיאָגט אלע זיינע חברים און געמאַכט אין אלגעמיינעם א וואונדערבאַרען פּראָגרעס. זיינען גרויסע שוואַרצע אויגען זיינען געווען פול מיט חכמה און פערשיינט זיין פּנים — אויגען, זאָג איך אייך, אוצרות. זיי זיינען געווען טיפע און מעלאַנכאָלישע. ווען ער האָט געקוקט אויף מיר, האָב איך געפיהלט א מין פערבאָרגענע אונרוּ־היגקייט. זיינע אויגען האָבען געמאַכט א חורבן איז מיר און איך האָב בשום אופן ניט געקענט קוקען לאַנג אין זיי. הא, אָפטמאָל, אויף דער נאַכט, ביים טיש, ווען זיין מוטער איז אויך געזעסען און א שטילקייט, א טויטע שטילקייט האָט זיך שווער אַרונטערגעלאָזט איבער אונז — א, דאַן איז מיין גאַנצער צער, מיין אַנגסט געווען אָבגעשפּיעגעלט אין זיינע לויטערע גרויסע שוואַרצע אויגען.

אָבער די אמת שרעקליכע טעג זיינען ערשט נאָכהער געקומען. מיין שאַנדע איז געוואָרען צו עפענטליך און דער סקאַנדאַל צו ערנסט. מאַדאַם עפּיסקאָפּאַ האָט גענצליך פערלאָרען איהר רעפּוטאַציאָן. וואָס אַנבעלאַנגט מיר, האָב איך פערנאַכלעסיגט מיין אַרבייט אין קאַנטאָר.

איך האָב צו אָפט געמאַכט אירטהומים און צייטענווייז האָט מיין האַנד אַזוי געציטערט, אַז איך בין ניט געווען אימשטאַנדע צו שרייבען. מיינע קאָלעגען און די בעאַמטע האָבען געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַן ערניעדעריגטען, אונאַטירליכען, פערדאָרבענעם, ברוטאַלישען, שענדליכען מענשען. צוויי דריי מאָל האָבען זיי מיר געגעבען וואָהרנונ־גען, נאָכהער האָבען זיי אַוועקגענומען א טהייל פון מיין אַרבייט און ענדליך מיך אין גאַנצען ענטזאָגט אין נאָמען פון בעשימפּפטען מאָ־ראַל.

ביז צו יענער צייט בין איך אַמוועניגסטענס ווערטה געווען דעם סכום פון מיין געהאַלט, נאָכהער אָבער האָב איך ניט פערמאָגט קיין פּרוטה קיין ברעקיל, וואָס מען וואַרפט אַרויס אין גאַס. קיין זאַך אין דער וועלט קען אייך ניט געבען דעם בעגריעף פון דער שנאה, פון דעם

כעס און צאָרן מיט וועלכע מיין ווייב און מיין שוויגער האָבען מיך געפּייניגט. ניט קוקענדיג דערויף וואָס זיי האָבען צוגענומען די עט־ליכע טויזענד ליער, וואָס איך האָב אמאָל פערמאָגט און געעפּענט מיט זיי אַ קראָם און געצויגען דערפון זייער חיונה.

זיי האָבען געקוקט אויף מיר ווי אויף אַן אבשייליכען טויגע־ניכטס, זיי האָבען מיך געשטעלט אויף איין מדרגה מיט באטיסטאָן. עס איז געקומען דערצו, אַז איך האָב געפונען די טהיר צוגעשלאָסען פאַר מיר און האָב געליטען הונגער. איך האָב פּרובירט צו ארבייטען פער־שיעדענע ניעדעריגע, שמוציגע און שווערע ארבייט. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט פון גאַנץ פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט אום צו פער־דיענען עטוואָס. איך האָב איבערגעשריעבען פּאַפּיערען, איך בין ארומ־געלאָפען אלס אַ שליח, איך בין געווען אַ סופלער אין אַ טהעאַטער, איך בין געווען אַ פּאָרטער אין אַ קאָנטאָר פון אַ צייטונג, איך בין געווען אַ קלערק אין אַ הייראַטה־ביורא, איך האָב געטהאָן, וואָס עס האָט זיך געמאַכט, איך האָב זיך געריבען לעבען יעדען איינעם, איך האָב צוגענומען בעלוינונגען פון יעדען איינעם, איך האָב אָנגעבויגען מיין קאָפּ אונטער יעדען יאָך.

און יעצט, זאָגט מיר, נאָך ענדלאָזע טעג פון אַזעלכע מינים אר־בייט, האָב איך ניט פערדיענט צו האָבען אביסעל רוה, צו האָבען איי־ניגע פרייע מינוטען, אַז איך זאָל קענען אביסעל פערגעסען מיינע צרות? אבענד, ווען נאָר איך האָב געקענט, ווען ציראָן איז איינגע־שלאָפען, בין איך ארויסגעגאַנגען. באטיסטא האָט מיך שוין אָבגע־וואַרט אין גאַס און מיר זיינע ביידע אַוועק ערגעץ אין אַ פּלאַטץ שיכור'ן.

רוה, פערגעסען די צרות! אַ, ווי זיס דאָס איז! ווער קען זאָגען, אַז ער האָט אין זיין לעבען פערשטאַנען די ריכטיגע מיינונג, די אמת'ע ווערטה פון דעם אויסדרוק: „צו דערטרינקען די צרות אין ווײַן?"
אַ, מיין הערר, אויב איך האָב תמיד געטרונקען, איז געווען נור דער־פאַר, ווייל איך האָב תמיד געפיהלט אַן אונלעשבאַרען דורשט ברענען אין מיר, אָבער דער וויין האָט מיר ניט געגעבען אויף קיין איין סעקונ־דע פערגניגען. מיר פלעגען זיצען איינער אקעגען דעם אנדערען און זיין שטום, ווי די פיש. אלע האָבען דאָרט געשוויגען. זיינט איהר אמאָל געווען אין איינעם פון די פּלעצער, וואו מען שווייגט? שיכורים קעה־

רען זיך ניט אָן מיט קיינעם. יעדער איז פאַר זיך. זיי קוקען מרה־שחורה׳דיג, פרעמד, האַלטען די קעפּ אַנגעשפּאַרט אָן זייערע דזשלאַניעס. פאַר זיי שטעהט אַ גלאָז, נאָר פּיעלייכט בעמערקען זיי עס ניט. איז עס וויין? איז עס בלוט? יאָ, מיין הערר, עס איזביידע: אַ וויין אַ בלוט.

באַטיסטאַ איז געוואָרען כמעט בלינד. איין מאָל ביי־נאַכט, ווען מיר זיינען אַזוי ביידע געגאַנגען, האָט ער זיך אָבגעשטעלט לעבען אַ לאַמטערען, אַ טאַפּ געטהאָן זיך אין אונטערשטען טהייל פון בויך און געזאָגט צו מיר: „דו זעהסט ווי אַזוי עס איז געשוואָלען?" נאָכהער אָננעהמענדיג מיין האַנד און צוגעלייגט צום געשוואָלענעם פּלאַטץ, האָט ער צוגעגעבען מיט אַ פערברענטער שטימע: „וואָס קען דאָס זיין?"

ער האָט עס שוין געהאַט פון עטליכע וואָכען, נור ער האָט עס ניט בעמערקט. אין אַ פּאָאָר טעג אַרום האָב איך איהם גענומען אין האָס־פּיטאָל אַ דאָקטאָר זאָל איהם אונטערזוכען. דאָס איז געווען אַ גע־שוויר, אָדער ריכטיגער, אַ זאַמלונג פון געשווירען, וועלכע האָבען זעהר שנעל געוואַקסען. מען האָט איהם גדאַרפט מאַכען אַן אָפּעראַציאָן און דאָס איז געווען זעהר ראַטהבאַר פאַר איהם, אָבער ער האָט ניט געוואָלט איינשטימען דערצו, אָבוואָהל מען האָט איהם פערזיכערט, אַז עס איז ניט קיין געפעהרליכע אָפּעראַציאָן.

ער האָט זיך אַזוי אַרומגעשלעפּט נאָך אַ פּאָאָר מאָנאַטען, נאָכהער איז ער געווען געצוואונגען אַוועקצולייגען זיך אין בעט, פון וואַנען ער איז שוין מעהר ניט אויפגעשטאַנען.

וואָס פאַר אַ לאַנגזאַמער שרעקליכער טויט דאָס איז געווען! די אַגענטין האָט דעם אונגליקליכסטען אַוועקגעלעגט אין אַ פינסטערען קעמערל, אין אַ פערשטיקטען ווינקעל, אום זי זאָל ניט הערען זיינע זיפצען און קרעכצען. איך בין יעדען טאָג אַריינגעגאַנגען צו איהם זעהן, וואָס ער טהוט און ציראָן, איין ציראָן האָט אויך געוואָלט מיטגעהן מיט מיר זעהן, ווי אַזוי דער זיידע פּיהלט—אַ, וואָס פאַר אַ טייער קינד דאָס איז געווען! אַ, מיט וואָס פאַר אַ קוראַזש, מיט וואָס פאַר אַ ברענענ־דיגען חשק ער איז בעגאַנגען די וואָהלטהאַטען, ווען זיין פאָטער איז גע־שטאַנען לעבען איהם!

אום איך זאָל בעסער קענען זעהן דעם חולה, פלעג איך אָנציג־

דען א שטיקעל ליכט און ציראן האט עס געהאלטען פאר מיר. אויף אזא אופן האבען מיר געקענט געגוי בעטראכטען דעם אונגליקליכען מענשען, וועלכער האט זעהר ניט געוואלט שטארבען. ניין, ניין, ער איז ניט געווען גלאט א מענש געטראפען פון א קראנקהייט; ער איז גיכער געווען — ווי זאל איך אייך זאגען? — גיכער די קראנקהייט אין מענשען געשטאלט, אן אונמענשליכער ווען, א שרעקליכעם בעשעפעניש געלעבט מיט זיין אייגענעם לעבען, נור צו וועלכען עס זיינען געווען צוגעטשעפעט א פאאר מענשליכע הענט, א פאאר מענשליכע פיס און א קליין, מיאוס־רויטה־פליכעוואטע קעפעל. וואס פאר א שרעק! און ציראן האט געהאלטען דאס ליכט די גאנצע צייט ביז איך האב דעם קראנקען ארונטערגעשפריצט מארפין אונטער דער הויט.

אבער גענוג, גענוג! זאל ער דארט האבען דעם ליכטיגען גן עדן! איך מוז קומען צום וויכטיגען פונקט און וועל זיך שוין מעהר ניט אבשטעלען אויף זייטיגע זאכען.

שיקזאל! צעהן יאהר זייגען פאראיבער — צעהן יאהר האפונגסלאזען לעבען, צעהן מאל צעהן יאהר פון לעבעדיגען גיהנום. דאן, אין איין אבענד, ווען מיר זיינען געזעסען ביים טיש, אין ציראנ'ס אנוועזענהייט, האט גינעווורא פלוצים זיך אבגערופען צו מיר:

— ווייסט דו, אז וואנצער איז שוין דא צוריק?

איך בין ניט בלאס געווארען. דאס פערזיכער איך אייך, ווייל מיין פנים איז שוין געווען פון לאנג אזוי בלאס, אז אפילו דער טויט אליין האט עס ניט געקענט מאכען בלאסער און פונקט אזוי ווי עס איז איצט, אזוי וועט עס אויסזעהן, ווען מען וועט מיך ארייגלייגען אין קבר. נור איך געדיינק, אז מיין צונג איז צוגעהעפט געווארען צום גומען און בשום אופן ניט געקענט ארויסרעדען אווארט.

זי האט מיך דורכגענומען מיט יענעם שארפען, שניידענדען קוק, וועלכער האט מיר תמיד געגעבען דעם בעגריף פון דעם דערשרעק פון א פייגלינג, ווען א קאנאנע שיסט אויס. איך האב בעמערקט, אז זי קוקט אויף מיין שטערען, אויף דעם צייכען און האט געלאכט מיט אן ערביטערטען געלעכטער. אנצייגענדיג מיט'ן פינגער אויף שניט, האט זי געזאגט מיט א שלעכטען אבזיכט:

— איך זעה, אז דו האסט ניט פערגעסען וואנצערען, ניט קוקענדיג אויף דעם אנגענעהמען אנדענק, וואס ער האט דיר געלאזט?

ציראַן׳ס אויגען האָבען זיך אין יענעם מאָמענט אָבגעשטעלט אויף דעם צייכען, אויף מיין שטערען און איך האָב אין זיי געלעזען די פראַגע, וועלכע ער האָט געוואָלט פרעגען. ער האָט געוואָלט זאָגען: „וואָס, האָסט דו מיר דען ניט געזאָגט, אַז דו האָסט דעם סימן בעקומען פון א פאַל? צו וואָס איז דאָס לייקענען? און ווער איז דער מאַן, וועלכער האָט דיך אַזוי געשטעמפּעלט?״

אָבער ער האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגען און גאָר ניט געזאָגט.

— איך האָב איהם בעגעגענט היינט אין דער פריה, — האָט גינעוורא פאָרטגעזעצט, נאָר איך האָב איהם ניט דערקענט אַזוי שנעל, ווייל ער האָט זיך פערלאָזט א באָרד. פון אונז האָט ער גאָר ניט געוואוסט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט דיך אַרומגעזוכט גאַנצע דריי טעג. ער וויל זעהר ווידער זעהן זיין גוטען פריינד. אורטהיילענדיג פון זיין אויסזעהן, קען מען גאָר ניט צווייפלען, אַז ער האָט געמאַכט א פערמעגען אין אַמעריקאַ.

אַלס זי האָט גערעדט, האָט זי ניט אַרונטערגענומען איהרע אויגען פון מיר און געהאַלטען אין איין לאַכען מיט איהר געוועהנליכען און בעקאַנטען געלעכטער. ציראַן האָט פון צייט צו צייט א קוק געטהאָן אויף מיר און איך האָב געפיהלט, אַז ער פיהלט, דאָס איך לייד שרעקליך.

נאָך א לענגערע פּויזע, האָט גינעוורא צוגעגעבען:

— ער וועט דאָ היינט אָבענד זיין.

אין דרויסען האָט געגאָסען א רעגען, און דאָס אונאויפהערליכע מאָנאָטאָנע קלאַפּען אין דאַך און אין די שויבען, האָט מיך געמאַכט פיהלען פּונקט ווי איך זאָל האָבען אַרונטערגעשלונגען א גרויסע דאָזע כינין. אַלעס איז ביי מיר אָבגעשטאָרבען. גאָר ניט געפיהלט. איך בין געוואָרען איינגעהילט אין יענער אַטמאָספערע פון א בעזונדערקייט, פון וועלכער איך האָב אייך שוין דערצעהלט. איך האָב פון דאָס־ניי דערפיהלט די פערגאַנגענע ווירקליכקייט און די צוקונפטיגע פּאַסירונג. פערשטעהט איהר מיך? עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז איך געהע יעצט איבערלעבען א רייהע פון פּאַסירונגען, וועלכע זיינען שוין געשעהן. איז דאָס, וואָס גינעוורא האָט מיר דערצעהלט געווען עפּעס א נייעס? איז דאָס אונגעדולדיגע ערוואַרטען געווען א נייעס? צו איז געווען א נייעס דאָס אונבעקוועמליכע פיהלען, וועלכעס מיין זוהן האָט

מיר פעראורזאכט מיט זיינע אויגען, מיט וועלכע ער האט, אהן צוויי־פעל, ניט ווילענדיג אלע מאל א קוק געטהאן אויף מיין שטערען, אויף מיין צייכען? ניין, קיין איינע פון דיעזע זאכען איז געווען ניי. מיר זיינען אלע דריי געזעסען ביים טיש שטיל. אויף ציראן'ס געזיכט האט זיך אבגעזיעגעלט א ניט ווילענדיגע טרויערקייט. אין דער שטילקייט אליין איז געווען עטוואס אונגעוועהנליכעס, א געהיימער, פערבארגענער צייכען, וועלכען מיין נשמה האט ניט געקענט דורכדרינגען.

פלוצים האט דאס גלעקעל א קלינג געטהאן. מיינע אויגען האבען זיך בעגעגענט מיט מיין זוהן'ס. גינעווורא האט געזאגט:

— דאס איז וואנצער. עפען די טהיר.

איך האב געעפענט. מיינע אברים האבען אויסגעפיהרט דעם טהאט, אבער דער ווילען צו טהאן דאס איז ניט געווען מיינער.

וואנצער איז אריינגעקומען.

דארף איך איך בעשרייבען די סצענע, איבער־חזר'ן אלע זיינע ווערטער? אלעס, וואס ער האט געזאגט און וואס ער האט געטהאן. אלעס, וואס מיר האבען געזאגט און וואס מיר האבען געטהאן, איז ניט געווען אויסערארענטליכעס. צוויי פריינד בעגעגענען זיך, אומארמען זיך, בייטען זיך איבער מיט געוועהנליכע פראגען, ענטפערען זיך געוועהנליכע ענטפערס, און דאס אלעס איז געווען.

ער האט געטראגען א גרויסען רעגען־מאנטעל אויף וועלכען די טראפענס רעגען זיינען געשטאנען בולט. ער האט אויסגעזייגט העכער, ברייטער און ענטוויקעלטער ווי ער איז אמאל געווען. ער האט געטראגען א דריי פיער רינגען אויף זיינע פינגער, א גוטע שפילקע אין זיין האלז־באנד און א גאלדענע קייט אויף דער זשעלעט, ער האט גערעדט פעסט, ניט צומישט זיך, ווי א מענש, וואס איז זיכער אין זיך. איז ער ווירקליך געווען א גנב, וואס האט זיך צוריקגעקעהרט אין זיין לאנד, ווייל ער איז יעצט געווען גערעטעט פון א שטראף?

— דו האסט זיך אויף א סך געעלטערט — האט ער געזאגט צו מיר, נאכדעם ווי ער האט מיך גוט בעטראכט — און מאדאם גינעווורא אין געגענטהייל, זעהט יעצט אויס יונגער, פרישער און בליהענדער, ווי זי האט אויסגעזעהען — און ער האט זי בעטראכט מיט האלב צוגעמאכטע אויגען און מיט א תאוה'דיגען שמייכעל. ער האט שוין חשק בעקומען צו איהר און איז געווען זיכער צו בעזיעגען זי,

— רעד אָפענטליך — האָט ער געזאָגט, — בין איך ניט געווען דער יעניגער, וועלכער האָט געמאַכט דעם שידוך? פּאָזיטיוו איך. געדענקסט דו דען ניט?

ער האָט אָנגעפאַנגען צו לאַכען, גינעווּרא האָט איהם נאָכגעטהאָן און איך — איך האָב זיך אויך געצוואונגען צו לאַכען. ווי עס האָט גע־שיינט בין איך געווען צוגעוואָהנט צו באַטיסטאַ'ס ראָלע. אָרימער באַטיסטאַ, (ער זאָל דאָרט האָבען דעם ליכטיגען גן עדן!) ער האָט מיר געלאָזט בירושה זיין נאַררישען, קאָנוואולסיווען געלעכטער.

ציראָן האָט געהאַלטען אין איין קוקען דאָ אויף דער מוטער, דאָ אויף דעם פרעמדען און דאָ אויף מיר. ווען ער האָט געקוקט אויף וואַנ־צערען איז אין זיינע אויגען געווען אַ הארטקייט, וואָס איך האָב קיין מאָל פריהער ניט געזעהן.

— דאָס קינד איז זעהר עהנליך צו דיר — האָט וואַנצער געזאָגט, — צו דיר אָבער ניט צו זיין מוטער, און ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט אום איהם אַ גלעט צו טהאָן איבער'ן קעפּעל, אָבער ציראָן האָט זיך אוועקגעבויגען און אָבגעשטויסען די גרויסע האַנד מיט אַזאַ כוח, מיט אַזאַ קראַפט, אַז וואַנצער איז געבליבען ערשטוינט.

— ציראָן, — האָט די מוטער אויסגעשריען, — וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַנערען! — און זי האָט איהם אַ שטאַרקען פּאַטש געטהאָן אין באַק. — נעהם איהם צו פון דאַנען, שנעל, נעהם איהם צו פון דאַנען — האָט זי בעפוילען בלאַס פון כעס.

איך האָב זיך אויפגעהויבען און אויסגעפאָלגט איהר בעפעהל. ציראָן האָט אַרונטערגעלאָזט זיין מאָרדעטשקע אויף דער ברוסט, אָבער ער האָט ניט געוויינט. איך האָב געהערט ווי ער האָט געקריצט מיט די צייהנדלעך.

ווען מיר זיינען געווען אין אונזער צימער, האָב איך מיט דער גרעסטער ליעבשאַפט אויפגעהויבען זיין קעפּעל און האָב געזעהן רויטע פינגער שטעהן אויף זיין בעקעל. מיינע אויגען האָבען זיך אָנגעגאָסען מיט טרעהרען.

— האָט דיר וועה געטהאָן, זאָג מיר, האָט דיר גוט וועה געטהאָן? ציראָן, ציראָן ענטפער מיר! האָט דיר שטאַרק וועה געטהאָן? — האָב איך איהם געפרעגט אַרונטערבויגענדיג זיך צו זיין פערוואונדע־טען בעקעל וועלכעס איך האָב עס מיט מיין גאַנצען הארצען געוואָלט אָב־

וואשען ניט נור מיט מיינע טרעהרען, זאָנדערען מיט איך וויים ניט וואָס פאַר אַ טהייערען באַלזאַם.

ער האָט ניט געענטפערט; ער האָט ניט געוויינט. קיין מאָל, קיין מאָל האָב איך איהם געזעהן מיט דיעזען הארטען, שנאה'דיגען, כמעט ווילדען קוק. זיינע ברעמען האָבען זיך געצויגען, זיין מויל האָט זיך בעוואויגען און די הויט האָט זיך געקנייטשט.

— ציראן, ציראן, מיין טהייער, ליעב קינד, ענטפער מיר!

אָבער ער האָט ניט געענטפערט. ער האָט זיך צוריקגעצויגען פון מיר, צוגעגאנגען צום בעט און אָנגעפאנגען אויסצוטהאָן זיך אין דער שטיל. איך האָב איהם געהאָלפען און מיין הארץ האָט אין מיר געפלאַ־טערט. איך בין שיעור ניט געשטאָרבען פון דעם געדאנק, אַז פיעלייכט איז ער עפּעס אויף מיר אויך ברוגז. איך האָב זיך ארונטערגעלאָזט אויף די קניען, אום אויפצושנירעווען זיינע שיכלאך, און לאנג, לאנג בין איך אַזוי געלעגען אויף דער פאָדלאָגע, לעבען זיינע פיסלאך, אויס־גיסענדיג אין דער שטיל מיין הארץ, מיין ביטער, בליי־שווער הארץ און וועלכעס, ווי עס האָט מיר אויסגעצייגט, וועט שוין קיין מאָל ניט אויפלעבען.

— פּאפּא, פּאפּא! — האָט ער פּלוצים אויסגעשריען, אָננעהמענדיג מיך פאַר די שלייפען, און אויף זיינע ליפּען איז געלעגען די שרעקליכע פראגע.

— רעד, רעד! — האָב איך איהם געבעטען, נאָך אַלץ קניהענדיג ביי זיינע פיס.

ער האָט מעהר גאָר ניט געזאָגט, גאָר אריין אין בעט ארונטערגע־רוקט זיך אונטער די קאָלדרע און פערגראָבען זיין קאָפּ אין קישען. אין אייניגע מינוטען ארום האָבען זיינע צייהנדלאך אָנגעפאנגען צו קלאַפּען איינע אָן די אנדערע, ווי עס פּלעגט מיט איהם פּאסירען אין די פראָסטיגע ווינטער מאָרגענס. מיין טריישאפט, מיינע ליעבע, פּאָ־טערליכע ווערטער האָבען איהם ניט בערוהיגט און קיין גוטעס ניט געטהאָן.

אַ, מיין הערר, ער, וועלכער האָט געליטען דאָס וואָס איך האָב געליטען וועהרענד יענער שטונדע, פערדיענט זיך עולם הבא. איז דאָס געוועזען בלויז איין שטונדע? ענדליך האָט זיך מיר אויסגעצייגט, אַז ציר־ראן בערוהיגט זיך שוין אביסעל. ער האָט צוגעמאכט די אויגען ווי

צום שלאָפען, זיין פּנים האָט שטופענווייז פערלאָרען דעם פריהערדיגען אויסזעהן און זיין ציטערניש האָט אויפגעהערט. איך בין געבליבען בעוואוסטלאָז לעבען זיין בעט.

דער רעגען האָט געהאַלטען אין געהן, א פייפענדער ווינט האָט פון צייט צו צייט געטרייסעלט די לאָדענס און די פענסטער און ציראן האָט אלע מאָל ברייט פונאנדערגעעפענט זיינע אויגען און זיי צוריק צוגעשלאָסען.

ביי יעדעס מאָל האָב איך איהם געזאָגט: „שלאָף, שלאָף, מיין קינד, איך בין דאָ לעבען דיר, שלאָף מיין טהייערער!" אָבער איך האָב עפּעס מורא געהאַט און אין קיין פאַל ניט געקענט בעזיעגען מיין מורא, מיין פּחד. איך האָב געפיהלט א דראָהונג ארום מיר, לעבען מיר, און דאָך האָב איך געהאַלטען אין איין טרייסטען מיין קינד מיט די ווער־טער: „שלאָף, שלאָף".

א שאַרפער, שרעקליכער געשריי האָט זיך פּלוצים דערהערט אי־בער אונזערע קעפּ. ציראן האָט זיך אויפגעכאַפּט א טוידט־דערשראָ־קענער. ער האָט זיך צוזאַמענגעוויקעלט, צוגעטוליעט זיך פעסט צו מיר און געציטערט און געפלאַטערט.

— פּאַפּא, פּאַפּא, דו האָסט געהערט? — מיר האָבען זיך ביידע צוגעהערט, צוגעדריקט איינער צום צווייטען, געפּייניגט פון דעמזעל־בען שרעק, מיר האָבען זיך צוגעהערט, מיר האָבען געוואַרט.

א צווייטער, א לענגערער געשריי ווי פון א מענשען, וואָס מען ערמאָרדעט, האָט אונז געגרייכט דורך דער סטעליע; נאָכהער א דריי־טער, נאָך א לענגערער, נאָך א שרעקליכערערע געשריי, וועלכען איך האָב דאָס מאָל שוין דערקענט, ווייל עס איז מיר שוין אמאָל א ביינאַכט אויסגעקומען צו הערען.

— בערוהיג זיך, בערוהיג זיך. האָב ניט קיין מורא, דאָס האָט א פרוי אָנגעכאַפּט וועהען. זי וואוינט אויף דעם אויבערשטען עטאַזש, איבער אונז, דו קענסט זי, מאַדאַם בעדעטי. בערוהיג זיך, ציראן, דאָס איז גאָר ניט.

אָבער די געשרייען, וועלכע זיינען פון מאָל צו מאָל געוואָרען הע־כער און שטאַרקער האָבען אונאויפהערליך אָנגעהאַלטען, דורכגעבראָ־כען די וואַנט, געלעכערט אונזערע אויערען. עס איז געווען דערזעלבער געשריי ווי פון א בהמה, וועלכע איז האַלב ערמאָרדעט פון דעם

קצב. עס האָט זיך מיר אויסגעצייגט, אז איך זעה בלוט.

נאכהער האָבען מיר זיך, אינסטינקטיווביידע פערשטעלט די אויערען, ערוואַרטענדיג די העכסטע שטופּע פון דער שרעקליכער פּיין. די געשרייען האָבען אויפגעהערט. דער רעגען אין דרויסען, וועלכער האָט שוין געהאַט אויפגעהערט, האָט ווידער אָנגעפאנגען. ציראַן האָט ארויפגעצויגען אויף זיך די קאָלדרע און ווידער אַמאָל צוגעשלאָסען די אויגען. „שלאָף, שלאָף" האָב איך ווידער געזאָגט, „איך וועל ניט אַוועקגעהן".

עס איז אַוועק אַ שטיקעל צייט. וויפיעל קען איך אייך ניט זאָגען. פּלוצים האָב איך דערהערט גינעוורא'ס שטימע.

— גיאַוואַני, קום אריין, וואַנצער געהט אַוועק!

איך האָב אויפגעשפּרונגען, און בעת מעשה בעמערקט ווי ציראַן האָט זיך אויך אַ וואָרף געטהאָן, אָבער זיינע אויגען האָט ער ניט געעפענט. ער איז נאָך דאַן ניט געשלאָפען.

איידער איך האָב פערלאָזט דאָס צימער, האָב איך זיך אָבגעשטעלט. גינעוורא האָט געעפענט די טהיר און ווידערהאָלט:

— קום אריין, וואַנצער געהט אַוועק! —

ווען איך בין ווידער געקומען אין דער אָנוועזענהייט פון יענעם מאַן, האָב איך דייטליך געלעזען אין זיינע אויגען דעם איינדרוק, וואָס איך האָב געמאַכט. איך האָב איהם געמוזט אויסצייגען ווי אַ טויטער מענש, וואָס האַלט זיך אויף די פיס דורך אַן איבערנאַטירליכער קראַפט. און קיין ביסעל מיטלייד איז אין איהם ניט געוועזען צו מיר.

ער האָט געקוקט אויף מיר; ער האָט גערעדט צו מיר, ווי ער פּלעגט. ער האָט אויסגעצייגט ווי אַ בעל־הבית, וואָס געפינט ווידער זיין שקלאַף. „האָבען זיי פּיעלייכט עפּעס געפּלאַנעוועט, וועהרענד זייער געשפּרעך?" האָב איך זיך געטראַכט. איך האָב געזעהן אַ שינו אויף זיי ביידען. גינעוורא'ס שטימע האָט ניט געהאַט דעמזעלבען טאָן, וואָס פריהער. איהרע אויגען זיינען געוועזען, בעת זי האָט געקוקט אויף איהם, ווי איבערגעצויגען מיט עפּעס.

— עס רעגענט אַזוי שטאַרק — האָט זי געזאָגט, — דו וואָלסט בעדאַרפט צורופען אַ קעב.

איהר פערשטעהט? דאָס האָט זי מיר געגעבען אַן אָרדער. וואַנ־

צער האָט ניט פּראָטעסטירט. עס איז ביי איהם אויסגעקומען גאַנץ נאַטירליך, אַז איך זאָל איהם בעזאָרגען מיט אַ קעב. איז ער דאָס ניט געקומען מיך צוריקצונעהמען צו דער שקאַלפּעריי? און איך האָב קוים געקענט שטעהן אויף מיינע פיס. זיי האָבען דאָס ביידע אודאי גוט געזעהן.

אַן אונבעגרייפליכע, חצופה׳שע גרויזאַמקייט! אָבער וואָס האָב איך געקענט העלפען? גוט, זאָגען? אויסערוועהלען דיעזען מאָמענט פאַר רעוואָלטירען? איך האָב געקענט זאָגען: „איך פיהל ניט גוט, איך בין קראַנק״ אָבער איך האָב עס ניט געזאָגט. איך האָב גענומען מיין הוט און רעגען־שירם און בין ארויסגעגאַנגען.

די גענז אין קאָרידאָר איז געווען אויסגעלאָשען, אָבער אין דער פינסטערניש האָב איך געקענט זעהן אַ מאַסע ליכט און אין מיין מוח זיינען זאָנדערבאַרע, געהיימניסע, דונקעלע און פלאַגענדע געדאַנקען געלאָפען איינע נאָך די אַנדערע מיט אַ בליטצען שנעליגקייט. איך האָב זיך אָבגעשטעלט אויף אַ מינוט, ווייל איך האָב דייטליך געהערט גינעווראַ׳ס געלעכטער. איך האָב געהערט די קולות פון די שכנים, וועלכע האָבען געוואוינט אויבען. איך האָב אָנגעצונדען אַ שוועבעלע און געגאַנגען ווייטער. ווען איך בין צוגעקומען צו דער אונטערסטער טהיר, האָב איך דערהערט ציראַנ׳ס שטימע, רופענדיג מיך. איך בין צוריק ארויף די טרעפּ מיט אַזאַ האַסטיגקייט און אימפּעט, וואָס איך האָב אַליין ניט געקענט בעגרייפען.

— אַזוי שנעל צוריק? — האָט גינעווראַ אויסגעשריען, ווען זי האָט מיך דערזעהן.

איך בין געווען אַזוי פערסאָפּעט, אַז איך האָב ניט געקענט רעדען. ענדליך האָב איך ארויסגעמורמעלט אין פערצווייפלונג „אונמעגליך — איך מוז געהן אין מיין צימער אריין — איך בין קראַנק״ און איך בין געלאָפען צו מיין זוהן.

— האָסט דו מיך גערופען? — האָב איך שנעל אַ פרעג געטהאָן ווי איך האָב נאָר געעפענט די טהיר.

ער איז געזעסען אין בעט און ער האָט אויסגעצייגט ווי ער הערט זיך צו עפּעס צו.

— ניין, — האָט ער געענטפערט, — איך האָב דיך ניט גע־רופען.

אָבער איך דיינק, אַז ער האָט מיר ניט געזאָגט דעם אמת.

— נור פּיעלייכט האָסט דו מיך גערופען פון שלאָף? ביסט דו געשלאָפען?

— ניין, איך בין ניט געשלאָפען.

ער האָט געקוקט אויף מיר אונרוהיג און פערדעכטיגט.

— אָבער וואָס טהוט דיר וועה? וואָרום ביסט דו אַזוי פערסאָפּעט? וואָס האָסט דו עפּעס געטהאָן?

— זיי רוהיג, ציראַן! — האָב איך איהם געבעטען אנשטאט אַן ענטפער און איהם בעדעקט מיט קושען — דאָ בין איך לעבען דיר. איך וועל ניט אַוועקגעהן, שלאָף, מיין קינד, שלאָף!

ער איז געפאַלען צוריק אויף דעם קישען מיט אַ זיפץ. נאָכהער האָט ער, אום מיך צופריעדען צושטעלען, צוגעשלאָסען די אויגען און פּרעטענדירט צו שלאָפען, אָבער ער האָט זי באַלד צוריק ברייט פונאַנדערגעעפענט, זיי אָנגעשטעלט אויף מיין פּנים און מיט אַן אונבעשרייבליכען טאָן געזאָגט:

— ער איז נאָך ניט אַוועקגעגאַנגען.

זייט יענער נאַכט האָט מיך די טראַגישע פערצווייפלונג ניט אָבגעלאָזט. דאָס איז געווען אַ מין אונבעשטימטער, געהיימער פּחד, וועלכער האָט זיך געדריקט אין די טיפעניש פון מיין האַרצען, וואָהין די שיין פון געוויסען האָט ניט געקענט אריינדרינגען, פון אַלע אינווענינגסטע געהיימניסען, וועלכע איך האָב ענטדעקט אין זיך, איז דאָס געבליבען אונאויסדריקליך און האָט געשיינט צו זיין דאָס שרעקליכסטע. איך האָב דערויף געהאַלטען אַן אָפען אויג. איך האָב אויסגעמאָסטען זיין טיעפקייט מיט אנגסט, מיט דער האָפנונג, אַז עס וועט בעלייכטעט ווערען מיט אַ פּלעצליכען ליכט, עס וועט פאַלקאָם ענטדעקט ווערען פאַר מיר. צייטענווייז האָט זיך מיר געדוכט, אַז די „אונבעקאַנטע זאַך" הויבט זיך אויף, דערגרייכט די גרענעץ פון מיין געוויסען און בעריהרט איהם כמעט, און דאַן פאַלט עס מיט אַמאָל צוריק, פערבאָרגט זיך אין טיעפע, שווערע שאָטענס און לאָזט מיך אין אַ אונבעקאַנטער טרויעריגקייט. פערשטעהט איהר מיך? אום צו פערשטעהן מיך, שטעלט אייך פאָר, מיין הערר, אַז איהר שטעהט אויפ'ן ברעג פון אַ טייך. די טיעפעניש פון וועלכען איהר קענט ניט אויסמעסטען. דיעזער טייך איז בעלייכטעט מיט אַ נאַטירליכען ליכט ביז

אַ געוויסער טיעפקייט, נאָר איהר ווייסט אָבער, אַז טיעפער אַרונטער, אין דער פינסטערניש איז בעהאַלטען אַן אונבעקאַנטע שרעקליכע זאַך. איהר זעהט עס ניט. נאָר איהר פיהלט, אַז די זאַך בעוועגט זיך און שווימט אַרום. ביסלעכווייז הויבט זיך די זאַך אויף און קומט צו צו דעם זוים פון דעם שאָטען, דורך וועלכען איהר קענט עס דאָך ניט דורכזעהען. בלויז אַ ביסעלע העכער, נאָר אַביסעלע און איהר וואָלט עס געזעהען דייטליך, אָבער פּלוצים הערט די זאַך אויף זיך צו בעוועגען, פאַלט צוריק אַרונטער, פערשווינדעט און לאָזט אייך איבער בעאונרוהיגט, פערצווייפעלט און ערשטוינט.

ווייטערע פאַקטען. מיט איינינע טעג שפּעטער ווערט וואַנצער אַ גאָר היימישער אין מיין הויז, ער קומט וואוינען מיט מיר צוזאַמען, ער טרעט אריין אַלס אַ קוואַרטיראַנט און דער רעזולטאַט איז, אַז איך הויב ווידער אָן צו זיין אַ שקלאַף, איך הויב ווידער אָן צו ציטערען און פּלאַטערען.

איז דען נויטהיג איך זאָל אייך אָנצייגען די ווייטערע פאָלגען? איז דען נויטהווענדיג איך זאָל אייך אַלעס ערקלעהרען? איז דען עפּעס פאַר אייך פרעמד, זאָנדערבאַר? זאָל איך אייך דערצעהלען ציראַן'ס ליידען, זיין דריקענדען צאָרן, זיינע ביטערע ווערטער, וועלכע זיינען ביי מיר געוועזען ערגער פון דעם ערגסטען סם? זאָל איך אייך דערצעהלען פון זיינע טרעהרען, ביטערע טרעהרען, פון זיינע טיעפע און שווערע זיפצען און קרעכצען אין יענער נאַכט? אַ, מיין העררר, איהר וואָלט געוועזען בעדאַרפט זעהן די טרעהרען, מיט וועלכע דאָס קינד האָט געוויינט, ווי אַזוי דאָס קינד האָט געוויינט און איהר וואָלט געוואוסט, איהר וואָלט געזעהען אַ נשמה וויינען. מיר האָבען זיך פערדיענט עולם הבא. אַ, יעזוס, יעזוס, האָבען מיר זיך ניט פערדיענט קיין עולם הבא?

איך דאַנק אייך, מיין העררר, איך דאַנק אייך. איך קען פאַרטזעצען. לאָזט מיך יעצט פאָרטזעצען ווייל איך וועל אַזוי קיין מאָל ניט קומען צום סוף, און איהר דאַרפט וויסען, אַז מיר זיינען שוין גאַנץ נאָהענט. יאַ, מיר זיינען שוין נאָהענט. וואָס פאַר אַ טאָג איז היינט? דער זעקס און צוואַנציגסטער יולי? נון, דאָס איז געוועזען אויף דעם ניינטען, פון דיעזען מאָנאַט. עס צייגט אויס ווי הונדערט יאָהר, עס צייגט אויס, ווי געסטערן.

איך בין געשטאַנען אין דעם הינטערשטען טהייל פון אַן אַפּטייק, איבערגעבויגען איבער מיין שרייב־טיש, אויסרעכענדיג געוויסע חשבונות, — געפּלאָגט און געמאַטערט פון דער שטיקעניש און היים־קייט, געביסען פון פליעגען, געפּיהלט אַבגעשוואַכט פון די פערשיע־דענע מעדיציניש ריחות. עס האָט בעדאַרפט זיין אַרום דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג. איך האָב אַלע מאָל אַוועקגעלעגט מיין אַרבייט און גע־טראַכט פון ציראַנען, וועלכער האָט זייט עטליכע טעג ניט געפיהלט גוט. ער איז מיר די גאַנצע צייט געשטאַנען פאַר די אויגען אַן אויס־געטריקענטער, אַן אויסגעדאַרטער און בלאַס, ווי קאַלך. מערקט איך, מיין הערר, איין זאַך: דורך אַ לאָך אין דער וואַנט און איבער מיין קאָפּ האָט אַריינגעדרונגען די זונען שיין.

מערקט איך אויך פאָלגענדע אומשטענדען: אַ געזונטער, פעטער, ברייט־ביינערדיגער יונג איז געלעגען און געשלאָפען אויף עטליכע זעק און אַן אונגעהייערע צאָהל פליעגען האָט גוזשומעט און אומגעפלוי־גען אַרום איהם, ווי אַרום אַ טויטען קערפּער. דער אייגענטהימער, דער אַפּטייקער איז אַריינגעקומען און צוגעגאַנגען אין ווינקעל, וואו עס איז געוועזן אַ וואַש־בענקעל. עס איז איהם געגאַנגען בלוט פון דער נאָז; און אַזוי ווי ער האָט זיך איבערגעבויגען איבער דער וואַש־שי־סעל און איז געוועזן פאַרזיכטיג ניט צו פערפלעקען זיין העמד, האָט אַרונטערגעקאַפּעט אַ טראָפּען בלוט אויף דער פּאָדלאָגע.

אייניגע מינוטען זיינען פאַראיבער אין אַ טיעפען, טויטען שטיל־קייט. קיינער איז ניט אַריינגעקומען אין אַפּטייק. קיין עקיפּאַזש, קיין וואָגען איז ניט פערבייגעפאָהרען, דער יונגער מאַן האָט מעהר קיין שנאָרך ניט געטהאָן מיט דער נאָז.

פּלוצים האָב איך דערהערט ציראַן׳ס שטימע:

— וואו איז דער פּאַפּאַ?

און נאָכהער האָב איך איהם דערזעהן פאַר זיך, אין דעם ניעדע־ריגען צימער, צווישען פערשיעדענע פעק און פעסלאַך און קעסטלאַך מיט זייף, איז ער ערשיענען פאַר מיר ווי אַ גאַסט, ווי אין דער פאַר־שטעלונגס קראַפט. גרויסע טראָפּענס שוויים זיינען איהם געשטאַנען אויף דעם שטערן, די ליפּען האָבען געציטערט און איז אין גאַנצען געוועזן דורכגעדרונגען מיט אַ ווילדען כעס.

— וואס טהוט דו יעצט דא? — האב איך אויסגעשריען, — וואס האט עפעס פאסירט?

— קום, פאפא, קום?

— אבער דערצעהל מיר, וואס האט פאסירט?

— קום, קום מיט מיר.

זיין שטימע איז געווען נידעריג, אבער שטארק און שארף. איך האב א ווארף געטהאן אלעס פון דער האנט און געזאגט:

— דו זאגסט מיר טאקע אלץ ניט? וואס האט פאסירט? — האב איך איהם געפרעגט צום דריטען מאל, ניט קוקענדיג דערויף וואס מיין הארץ האט געציטערט פאר דעם וואס ער קען מיר דערצעה־לען.

— קום, קום מיט מיר, וואנצער האט זי געשלאגען — ער האט זי געשלאגען מכות־רצח — דאס קול איז איהם פערגליווערט געווא־רען אין האלז. ער האט מעהר ניט געקענט רעדען. ער האט אנגעהויבען מאכען גרעסערע שפאן און מיך מיטגעשלעפט נאך זיך.

— איך האב עס צוגעזעהן, צוגעזעהן מיט מיינע אייגענע אוי־גען, — האט ער פארטגעזעצט, — איך האב געהערט אין מיין צימער הויכע קולות, איך האב געהערט ווערטער — וואנצער האט זי גענזי־דעלט און געשימפפט, ער האט זי אנגערופען מיט אלע שמוציגע און ניעדעריגע נעמען — דו ווייסט שוין וואס פאר א נעמען, און איך האב איהם געזעהן ארויפפאלען אויף איהר מיט צוזאמענגעדריקטע פויסטען, שרייענדיג: „טא, נא דיר, נא, נא! און ער האט געקלאפט אין פנים, אין ברוסט, אין די פלייצעס, איבעראל און אזוי שטארק, אזוי שטארק! נא דיר, נא, נא!" און ער האט זי ווידער אנגערופען מיט אלערליי מיאוסע נעמען.

זיין קול'כעל איז געווארען פייער, זיין פנים פערענדערט, אלע זיינע אברים'לאך האבען זיך שרעקליך געטרייסעלט און איך האב מורא געהאט, אז אט וועט ער אויך פאלען פון כעס.

— דו דיינקסט, אז איך האב זיך בעהאלטען? דו מיינסט אפשר, אז איך האב מורא געהאט? ניין, ניין, איך האב גאר ניט קיין מורא געהאט. איך האב זיך א ווארף געטהאן צו איהם. איך האב געשריען אויף איהם. איך האב איהם אנגעכאפט ביי די פיס, איך האב איהם געביסען די הענט — איך האב געגוג כח געהאט איהם צו טהאן עפעס

אַנדערש. ער האָט מיך אַ שליידער געטהאָן צו דער פּאָדלאָגע און וויע־דער זיך אַ וואָרף געטהאָן צו דער מאַמען און זי געריסען פאר די האָאר — אַ, דער גזלן, דער רוצח!

זיין שטימע האָט זיך ווידער געוואָרגען.

— דער רוצח — האָט ער פאָרטגעזעצט, — ער האָט זי אָנגע־כאַפּט פאר די האָאר, צוגעשלעפּט צום פענסטער און זי געוואָלט ארונטערוואַרפען — ענדליך האָט ער זי אָבגעלאָזט, זאָגענדיג: „איך וועל דיך אָבלאָזען, ווייל אויב ניט, וועל איך דיך הרג׳נען". דאָס זיי־נען זיינע אייגענע ווערטער, און ער איז אוועקגעגאַנגען. ער האָט פער־לאָזט דאָס הויז. אַ, ווען איך זאָל דאַמאָלס געווען האָבען אַ מעסער! זיין שטימע איז איהם ווידער איבערגעהאַקט געוואָרען און זיין צאָרן האָט געזאָטען שטאַרקער און מעכטיגער. דאָ האָב איך שוין מעהר ווי מורא געהאַט אַז ער זאָל ניט אומפּאַלען און איך האָב איהם געבעטען ער זאָל זיך אָברוהען אַביסעלע אין שאָטען. איך האָב אומיסטען גע־זאָגט, אַז איך קען ניט געהן ווייטער, אָבער ניין, ער האָט מיך אפילו ניט געוואָלט הערען.

—ניין, מיר מוזען איילען, מיר מוזען קומען אהין אין דער צייט — וואָס וועט זיין, אַז פּיעלייכט איז וואַנצער דאָרט צוריקגעקומען און וויל זי ערמאָרדען? די מאַמע האָט מורא געהאַט, זי האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל ניט קומען צוריק און זי ערמאָרדען. איך האָב גע־הערט, ווי זי האָט געזאָגט מאַרינען אַז זי זאָל פערבינדען זאַכען אין אַ באַנדעל, ווייל זי וויל שנעל פערלאָזען רוים. דוכט זיך, אַז זי וויל פאָהרען קיין טיוואָלי, צו דער מוהמע אַמעליע. מיר מוזען קומען אהין אין צייט. וועסט דו זי לאָזען פאָהרען?

ער האָט אויפגעהערט צו רעדען, אָבער בלויז אום אַ קוק צו טהאָן מיר אין פּנים אריין און ערוואַרטענדיג מיין ענטפער.

— ניין, ניין — האָב איך געמורמעלט.

— און איהם, וועסט דו איהם לאָזען צוריקקומען אין הויז? וועסט דו איהם גאָר ניט זאָגען? וועסט דו איהם גאָר ניט טהאָן?

איך האָב ניט געענטפערט, און ציראָן האָט ניט בעמערקט, אַז איך בין געווען כמעט טויט פון שאַנדע און פּערדרוס, ער האָט עס ניט גע־זעהן, ווייל נאָך אייניגע מינוטען ,האָט ער מיט אַ שטימע, אין וועל־כער עס איז שוין מעהר ניט געווען דאָס זעלבע ווי פריהער, מיט אַ

שטימע, אין וועלכער עס האָט אָבגעקלונגען טיעפע געפיהלען, אונ־טערגעשריען:

— פאפא, פאפא, דו האָסט דאָך ניט קיין מורא פאר איהם? דו שרעקסט דאָך זיך ניט פאר איהם? ניט אמת.

— ניין, ניין, — האָב איך געמורמעלט, און מיר זיינען געגאנגען ווייטער אין דער זונען שיין, פערביי די רואינירטע טעראסען פון דער ווילא לודאוויזי, צווישען אומגעפאלענע בוימער, צווישען אויסגעהאק־טע שטיינער און געבערענטע ציעגעל. צווישען קאלך־גריבער. „בעסער צו שטאַרבען, בעסער פערברענט צו ווערען לעבעדיגערהייד אין איי־נעם פון די קאלך גריבער איידער צו בעגעגענען זיך פנים אל פנים מיט דער אונבעקאנטער פאסירונג", האָב איך זיך געטראכט, אָבער ציראן האָט מיך ווידער אָנגענומען ביי דער האנט און מיך ווייטער געשלעפט מיין ווילען.

מיר זיינען געקומען. מיר זיינען ארויפגעגאנגען.

— האָסט דו דעם שליסעל? — האָט ציראן געפרעגט.

איך האָב איהם געהאט, און געעפענט די טהיר. ציראן איז אריינגעגאנגען פריהער. ער האָט גערופען: „מאמע, קיין ענטפער".

— מאריא!

קיין ענטפער. דאָס הויז איז געוועזן לעדיג. פול בעלייכטעט און אָנגעפילט מיט א פערדעכטיגער שטילקייט.

— שוין אוועקגעגאנגען! — האָט ציראן געזאָגט, — וואָס דענקסט דו צו טהאָן?

ער איז אריינגעגאנגען אין צימער. „דאָס איז דער פלאטץ", האָט ער געזאָגט.

אן איבערגעקעהרט בענקיל איז נאָך דאָרט געלעגען, אויף דער פּאָדלאָגע א צובויגענע שפילקע און א רויטער באנטיק. ציראן האָט א קוק געטהאָן אויף מיר מיט א שארפען קוק, האָט אויפגעקליבען עט־ליכע לאנגע האָאָר, זיי צוגעטראָגען צו מיר און געזאָגט: „דו זעהסט?" זיינע פינגער האָבען זיך געטרייסעלט, און זיינע ליפען האָבען געצי־טערט, אָבער זיין ענערגיע איז אויסגעשלאָסען געוואָרען און זיין קראפט, אָבגעשוואכט. איך האָב איהם געזעהן זיך פלאטערען. איך האָב איהם געזעהען חלש'ן אין מיינע ארעמס.

— ציראַן, ציראַן ! — האָב איך געשריען — מיין ליעבער, טהייע־רערע זוהן !

עך האָט זיך ניט אָבגערופען, איך קען אייך יעצט ניט זאָגען, וואָס איך האָב געטהאָן בייצושטעהן די שוואַכקייט, וועלכע האָט מיך צוגע־טרעטען.

— וואָס וועט זיין, אויב וואַנצער זאָל יעצט אין דיעזען מאָ־מענט אריינקומען ? — האָט מיר אַ זעץ געטהאָן אַ געדאַנק אין מח. איך געדענק ניט מיט וואָס פאַר אַ קראַפט איך האָב אריינגעטראָגען מיין קינד אין שלאָפצימער און איהם אַוועקגעלעגט אויפ'ן בעט.

ער איז אַביסעלע געקומען צו זיך, „דו מוזט רוהען", האָב איך געזאָגט, „זאָל איך דיך אויסטהאָן ? דו האָסט פיעבער. איך וועל אריינ־רופען אַ דאָקטאָר. זאָל איך דיך אויסטהאָן פּאַמעלעך ? ווילסט דו איך זאָל דיך אויסטהאָן ?"

איך האָב געזאָגט דיעזע ווערטער, איך האָב אויסגעפיהרט דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט גלייך ווי עס וואָלט נאָכהער גאָר ניט געדאַרפט פּאַסירען, גלייך ווי גאָר ניט האָט פּאַסירט און איך דאַרף בלויז זיין פערנומען מיט מיין קינד דיעזען טאָג. אָבער איך האָב געוואוסט, איך האָב געפיהלט, אַז עס דאַרף זיין גאָר עפּעס אַנדערש, אַז עס קען ניט אַנדערש נאָר עס מוז זיין עפּעס אַנדערש. איין געדאַנק, איין און איינ־ציגער געדאַנק האָט געפּלאַגט מיין געהירען, איין און איינציגע האָפ־נונג, אַ שרעקליכע האָפנונג האָט געאַרבייט אין מיין מח, דער פּחד, דער געהיימער פּחד, וועלכער איז די גאַנצע צייט געלעגען פערגראָבען אין דער טיעפעניש פון מיין הארצען, האָט זיך יעצט צושפּרייט איבער מיין גאַנצע קערפּער און פערהאַרטעוועט מיינע האָאָר אויפ'ן קאָפּ, ווי די צוועקעס.

לאָז מיך דיך אויסטהאָן און אריינלעגען אין בעט אריין, — האָב איך וויעדערהאָלט.

— ניין, — האָט ער געענטפערט, — איך וויל בלייבען אָנגע־טהאָן.

ניט זיין זאָנדערבארער טאָן, ניט זיינע זאָנדערבארע ווערטער, פון זיין איינפאַכער און שרעקליכער פראַגע : וואָס דענקסט דו צו טהאָן ? וואָס דענקסט דו צו טהאָן ? וואָס דענקסט דו צו טהאָן ?

איך האָב ניט געקענט בעגרייפען קיין זאַך ארום מיר. ער וואָלט גע־געווען געבליבען אליין, און דאן האָט געקענט פּאַסירען, אַז איך זאָל זיך צוזאַמענטרעפען מיט וואַנצערען אויף די טרעפ, און דאן? דאָער וואַנצער וואָלט געווען צוריקגעקומען אין מיין אַבוועזענהייט, און דאן?

לויט ציראַן׳ס בעפעהל האָב איך ניט געטאָרט וואַנצערען צוריק אריינלאָזען אין הויז; איך האָב איהם עפּעס גענארפט זאָגען, איך האָב איהם עפּעס גענארפט טהאָן. גוט! איך האָב געקענט פערהאַקען די טהיר אינעווענינ און דאן וואָלט וואַנצער זי ניט געקענט עפענען מיט א שליסעל. אָבער ער וואָלט געווען געקלונגען דאָס גלעקעל. ער האָט געקענט קלאַפּען, אויפברעכען די טהיר און ד א ן?

מיר האָבען געוואַרט. ציראַן איז געלעגען אין בעט. איך בין געזע־סען לעבען איהם און געהאַלטען זיין דופק. ער האָט געשלאָגען שנעל און שטאַרק.

מיר האָבען ניט גערעדט. עס האָט זיך אונז אויסגעצייגט, אַז מיר הערען טויזענדער קולות, אָבער דאָס איז געווען בלויז דער טומעל אין אונזערע אָדערען. מיר האָבען געזעהן דורך דעם פענסטער שוועבעלאַך ארומפליהען און טוקען זיך אין די שאָטענס, א ווינטעלע האָט אריינ־געבלאָזען. אָבער דעם אמת געזאָגט האָבען מיר גאָר ניט געזעהן ריכ־טיג און דייטליך, אַלעס איז פאַר אונז אויסגעקומען ווי ערשיינונגען ניט מעהר קיין אמת לעבען.

— איך בין דורשטיג, — האָט זיך ציראַן פּלוצים אָבגערופען, — גיב מיר א גלאָז וואַסער.

איך האָב זיך אויפגעהויבען צו נעהמען פאַר איהם א טרונק, אָבער דער גראַפין איז געווען לעדיג. איך האָב גענומען די כלי, זאָגענ־דיג: „איך וועל אריינגעהן אין קיך ברייגגען וואַסער". איך האָב פער־לאָזט דאָס צימער; איך בין אריינגעגאַנגען אין קיך און אונטערגע־שטעלט דעם גראַפין אונטער דעם קראַן.

די קיך איז געווען נעקסט צום קאָרידאָר. צו מיין אויער האָט זיך פּלוצים צוגעטראָגען אַן אָבקלאַנג פון א שליסעל. איבערגעדרעהט אין שלאָס. איך בין פערגליווערט געוואָרען. איך האָב זיך ניט געקענט בעוועגען. ענדליך האָב איך דערהערט די טהיר זיך עפענען און האָב דערקענט וואַנצער׳ס טריט.

— גינעווראַ! — האָט ער אויסגערופען.

קיין ענטפער. ער האָט געמאַכט איניגע שפאַן פאָרווערטס און ווידער אויסגערופען „גינעווראַ!" שטיל. קיין ענטפער. ווייטער גע־שפאַנט. ער האָט וואהרשיינליך זי געזוכט אין שלאָף־צימער. איך האָב זיך דאָך נאָך ניט געקענט בעוועגען.

פלוצים האָט מיין קינד ארויסגעלאָזט אזא געשריי, וועלכע האָט אויפגעלעבט מיינע פערגליווערטע גליעדער. מיינע אויגען האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף א לאַנגען מעסער, וואָס איז געלעגען אין שאַפע, און מיין האַנד האָט עס א כאַפּ געטהאָן. אן אונבעגרייפליכע קראַפט האָט מיין אָרעם בעקומען. איך האָב געפיהלט, אז עס טראָגט מיך ווי אויף כוואַליעס צו דער טהיר פון מיין זוהן׳ס צימער. און איך האָב געזעהן מיין קינד איינגעגראָבען, איינגעשרומפען מיט א קעצישען צאָרן אין וואַנצער׳ס שטאַרקען קערפער.

צוויי, דריי, פיעל מאָל האָב איך איהם אריינגעזעצט דאָס מעסער אין זייט ביז דעם הענטעל.

---

א, מיין הערר, אין נאָמען פון דער טוגענד און וואָלטהאָט לאָזט מיך ניט איבער אליין! איידער די נאַכט וועט צופאַלען, וועל איך שטאַרבען. איך בין אייך מבטיח, אז איך וועל שטאַרבען, דאַן מעגט איהר געהן; איהר וועט צושליסען מיינע אויגען און אַוועקגעהן. אָבער, ניין, איך וועל אייך זאָגאַר דאָס אויך ניט בעטען, איך אליין, איידער איך וועל שטאַרבען, וויל צושליסען מיינע אויגען.

קוקט אויף מיין האַנד. זי האָט בעריהרט די אויגען־דעקלאַך פון יענעם מאַן און זי איז פערגעלט געוואָרען. — יענע אויגען־דעקלעך, איך האָב זיי געוואָלט צומאַכען, ווייל מיין ציראָן איז געזעסען אויפ׳ן בעט און געשריען: „פאַפאַ, פאַפאַ, ער קוקט אויף מיר!"

ווי אזוי האָט ער געקענט קוקען אויף איהם, אז ער איז געווען אזוי פערדעקט? קענען טויטע זעהן דורך ליילעכער און דעקען?

דאָס לינקע אויגען־דעקעל איז פערסטאַרטשעט געוואָרען. קאַלט, קאַלט. —

וויפיעל בלוט! איז עס מעגליך אז א מענש ענטהיילט אין זיך א ים בלוט! די אָדערען צייגען עס ניט. זיי זיינען אזוי דעליקאַט, אז מען זעהט זיי קוים אָן, און דאָך איז ניט געווען קיין פּלאַטץ, וואָהין

איך זאָל אוועקשטעלען מיין פּוס און ער זאָל זיך ניט טרינקען אין בלוט. זאָנדערבאַר, ניט אמת? מיינע שיך זיינען געווען ווי צוויי שוואמען אָנגעזאַפּט מיט בלוט.

איינער האָט אַזוי פיעל בלוט און דער צווייטער קיין טראָפּען ניט — אַ ליליע. אָ, גאָט, אַ ליליע! איז דען אויף דער ערד פאַראַן אַ ווייסערע זאַך?

ליליען, בלויז ליליען!

נור קוקט, קוקט, מיין הערר! וואָס פּאַסירט מיט מיר! וואָס פיהל איך?

אײדער די נאַכט פאַלט צו, אָ, אײדער די נאַכט —
אַ שוואַלב איז אַריין.
לאָזט זי אַריין. לאָזט די שוואַלב אַריינקומען.



# אַן אידיליאַ.

געברענט און געבראָטען האָט די יולי היץ. אַנגעגליהט איז גע־לעגען דער וועג און די בוימער אויף זיינעביידע זייטען — זיינען גע־ווען פערדארט און פערטריקענט. א פּאַס ווייסער שטויב האָט אין דער לופטען געהאנגען.

א גרויסע טשערעדע חזרים, וועלכע האָט זיך ארויסגעריסען אויף דעם וועג אין א פינסטערען פּלעק, האָט אויפגעהויבען געדיכטע וואָלקענס שטויב. נאָך דער טשערעדע, אין גאַנצען אין שוויס, מיט א פּנים רויט ווי פייער, מיט אונגעדולדיגע געשרייען, מיט א לאַנגער בייטש אין האנד, איז געלאָפען טיולעסיר און נאָך איהם מיט אַן ארונטערגעהאַנגענעם קאָפּ, מיט א לאַנגער, ארויסגעשטעקטער צונג, ביסלעכווייז אונטערהינקענדיג האָט זיך געיאָגט טאצא, א ראָבער הונד.

צום דעמבענעם וועלדעל האָט זיך די גאַנצע „גרופּע" געלאָזט. די חזרים — נאָך חזיר'שע נים און טאליסער — נאָך ליעבע.

לעבען „סאַן־קלעמענטע קאסוריא" האָבען זיי זיך אַנגעשלאָגען אַן מענשען, וועלכע זיינען געשלאָפען אין דעם שאָטען פון ארונטער־הענגענדע שטיינער. דאָס איז געווען אַן אַנגעוואָרפענע קופּע פון אויס־געמאַטערטע ברואים, בעדעקט פון קאָפּ ביז די פיס מיט ביילען און „בלויע צייכענס". זיי האָבען אַלע געשמאַק געכראָפּעט און מיט זייער ארט ליגען און מיט דעם ריח פון זייערע קערפּערס האָבען זיי דערמאָנט אַן ווילדע בהמות. די קוויטשערייי און דאָס כריוקען פון די „דברים אחרים" האָבען זיי איבערגעשראָקען און א סך פון זיי האָבען אויפ־געשפּרינגען, זיך אַנגעשפּארט אויף די עלענבויגענס און פערשלאָפע־נערהייד זיך אויסגעריבען די מוטנע, אַנגעצינדענע, פערשמוציגטע

אויגען. די חזירים האָבען נאָך מעהר געקוויטשעט, טאצא האָט נאָך שטארקער געבילט און די געשרייען און די שלעק פון טאַליסערען זיי־נען געוואָרען נאָך ווילדער. און אונטער דעם געדיכטען טומאַן שטויב האָבען זיך אַלע — אי די מענשען, אי די חזירים, אי טאַצאָ — אַלע צוזאַמענגעגאָסען אין איין פלעק.

„אין נאָמען פון דעם הייליגען אנטאָניע!״ — האָט טאַלעסיר געריטשעט, פּרובירענדיג, אונטער די צושראָקענע געשרייען פון די ערוואכענדע, צוזאַמענטרייבען די צולאָפענע טשערעדע „פערשאָלטענע בהמות... שדים רוחות!...״

און ענדליך, צוזאַמענטרייבענדיג זיין גאַנצע טשערעדע, האָט ער זי אין איילעניש געטריבען צו דעם גרינעם דעמבענעם וועלדעל, וואו עס זיינען געווען חזיר׳שע ניס, א טיעפער, קיהלער שאָטען און די יפהפיה פיארא.

*

* *

אונטער א דעמבענעם פּלויט האָט פיארא געזונגען אויפ׳ן גאַנצען קול און לעבען איהר זיינען די שעפּסעלאך ארומגעלאָפען, זיך גע־שפּיעלט און געביסען די גראָז. אונטער דעם שאָטען פון די גיגאַנטע דעמבעס, וואָס הויבען זיך ארויף צום הימעל און טראָגען צו דער זונן צרוואָרפענע צווייגען און שווערע פרוכטען האָט פיארא געזונגען. דורך די צווייגען האָט זיך געטראָגען א פריש ווינטעל פון די בערג און א מאַנאָטאָנער, ריטמישער רויש פון די בלעטלאך, און בלישטשענדע „חזיר׳שע ניסלאך״ זיינען געווען איבעראל און אומעטום אין דעם קליינעם קעניגרייך.

די חזירים, טרעפענדיג אזא גוטען און שעהנעם פּלאַטץ, האָבען זיך מיט א פרעהליכען כריוקען צולאָזט אין אַלע זייטען. פיארא האָט געזונגען „סטאָרנעללא״ און טיולעסיר, אַן אָבגעשוואכטער פון דער אין דער פריהערדיגער היטץ, האָט זיך מיט פערגניגען אויסגעצויגען אויפ׳ן גראָז, איינגעאָטהעמט, מיט דורשט, די פרישע לופט און די

זיסע טענער פון פיארא'ס ליעד און געקוקט אויפ'ן הימעל, וועלכער האָט ליעבליך בעדעקט אַלע מענשען, בהמות און געוויקסען.

דאָס הויבע „אונבעריהרטע" גראָז האָט אין גאַנצען פערדעקט דעם יונגען פאַסטוך. די פרישקייט פון וואַלד האָט שטופּענוויין אָב־געקיהלט זיין צוהיצטען קערפּער, דאָך אָבער האָט ער געפיהלט, אַז עטוואָס אונדייטליכעס, אונערקלערענדעס צוגליהט זיין גאַנצעס וועזען און מאַכט שטאַרקער זיעדען און קאָכען זיין בלוט. דאָס גראָז און די בלומען און בלימעלאַך פון'ם וואַלד האָבען אָנגעפּילט די לופט מיט אַן אַנגענעהמען, זיסען אַראָמאַט. דאָס אונאויפהערליכע קנאַקען און זשומען פון די אינסעקטען האָט זיך געטראָגען איבער'ן גאַנצען וואַלד. טאַלעסיר איז געלעגען מיט צוגעמאַכטע אויגען און זיין האַרץ האָט געקלאַפּט אין טאַקט מיט דער ליעד.

לאַנג האָט טאַלעסיר גערוהט און געהערט. נאַכהער האָט ער אין דער שטיל זיך אויפגעהויבען און געקראָכען איבער'ן גראָז, ווי אַ לעמפּערט, וואָס דערזעהט אַ קרבן.

— האַ־אַ־אַך! — האָט ער פּלוצים אויסגעשריען און מיט אַ היל־כידיגען געלעכטער אויפגעשפּרונגען אויף די פיס.

ער איז געוועזען אַ קורנאָסער, ריעזיגער יונג, אביסעל אַ רויטלי־כער, מיט אויגען, וואָס שפּריצען מיט כח, מיט גבורה, מיט דרייסט און מיט ליעבע.

אָבער די פאַסטוכין האָט זיך אפילו קיין ביסעל ניט דערשראָ־קען. זי האָט נאָר געמאַכט אַ לייכטע, איראָנישע גרימאַסע.

— וואָס דאַרפסט דו? — האָט זי שטרענג אַ פרעג געטהאָן.

— גאָר ניט... אַזוי...

און זיי האָבען געשוויגען.

אונטען, הינטער די קליינע בערגלאַך, אין די געדיכטעניש פון דעם וואַלד, ביי די פיס פון דעם נאַקעטען גרויסען באַרג האָט דער טייך „פּעסקאַרא" גערוישט. אָבער טאַלעסיר האָט גאָר ניט געהערט און ניט אָבגעריסען די ברענענדע אויגען פון דער פאַסטוכין מיט דעם „בראַנזענעם" קערפּער.

— זינג... זינג נאָך... — האָט ער ענדליך אויסגעשריען, און אין זיין שטימע האָט זיך געהערט אַן אָנגעשטרענגטע ליידענשאַפט.

פיארא האָט זיך האַלב אומגעקעהרט און שמייכלענדיג, האָט זי געוויזען דעם פּאסטוך צוויי רייהען מוטערפּערלענע צייהן. און פּלוצים האָט זי אויסגעריסען א זשמעניע גראָז און מיט אונפערשטענדליכע אויפרעגונג האָט זי עס געוואָרפען טאלעסירען אין פּנים אריין — געוואָרפען אזוי, ווי זי וואָלט איהם געשיקט א קוש, ער האָט א ציטער געטהאָן, זיך געגעבען א וואָרף פּאָרווערטס און דערפיהלט דעם אראָמאט פון דעם פרויען קערפּער, וועלכער איז געוועזען שאַרפער און איהם מעהר פערשיכורט, איידער דער אראָמאט פון דעם פריש אָבגעקאָסעטען היי און די בלומען פון דעם וואַלד.

דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט דאָס בילען פון טאצאָן, צוזאַמענטרייבענדיג די טשערעדע. אין וואַלד איז געוואָרען האַלב פינסטער און א זיסער מחיה'דיגער אראָמאט האָט אַלעס אָנגעפילט. די בלעטער פון די בוימער האָבען אונטער דעם לאַסשטשענדען אָטהעם פון דעם ווינד אָבגעשיינט ווי מעטאַל; הויך, הויך, פערליערענדיג זיך אין דער רויטליכער טיעפעניש פון'ם הימעל, זיינען געפלויגען פויגעל; פון צייט צו צייט האָט זיך מיט'ן ווינד צוגעטראָגען א ריח פון אספאַלט פון די פּלעצער, וואו מען האָט געהאַקט שטיינער; און פון מאָל צו מאָל האָט זיך געטראָגען דאָס ליעד פון א ווייטער פּאסטוכין...

אָבער די פּורפּורנער קאַליוזשע, וועלכע איז געוועזען בעדעקט מיט וואַקסענדען מאָך, זיינען די חזירים געקראָכען און זיך געוואַלאַיטשעט מיט זייערע שווער ארונטערגעהאנגענע און פעטע בייכער אויף דער ערד. טאצא האָט געהינקען און צייטענווייז געבילט. אַלעס איז מיט אמאָל פערהילט געוואָרען אין א שטרענגער שטילקייט און בלויז טויזענדע אונבעגרייפליכע גערוישען און קלאַנגען און די תפלות פון די ווייטע קלויסטערס האָבען זיך אין מעלאָדישע כוואַליעס געטראָגען איבער דער שטילקייט. טיעף און גלייך האָבען געאָטהעמט די בוימער און עטוואָס „אויסנאַהם-וויבליכעס" האָט טאלעסיר געפיהלט און געשפּירט אין זייער אָטהעמען.

אונטער דעם דינעם, גילדערנעם שטויב זיינען צאָהלרייכע קוסטען אויףביידע זייטען סטעזשקע געשלאָפען. פון דער מיטען די אָנגעפרעסענע, מיעדע און צוזאמענגעשטיקטע קופּע חזירים האָבען זיך געהערט פערטויבטע כריוקען און א מאָנאָטאָנע רעגעלמעסיגע בע־

וועגונג. און פּונקט אַזוי מאַנאָטאָנע האָבען זיך צוגעטראָגען פון ווייטען די ליעדער פון די פּויערים.

א זיעגעל פון רוהיגקייט, שטאַרקייט, פרישקייט און שעהנקייט איז אויף אַלעם אַרום געלעגען.

*

*        *

און ניעדעריגער אַרונטער, וואו פּיאַראַ איז געזעסען, האָבען די פויגעלאַך אונערמיעדליך געסווישטשערט און געזונגען און די בוימער האָבען שטיל געשפּיעלט אונטער דעם ווינד. אונטער דעם העל בלויען הימעל זיינען צוליעב נעכטיגען רעגען, אין דער לופט געשטאַנען טויזענדער רעגענבויגענס, וועלכע זיינען פון צייט צו צייט איבער־געלאָפען פון בוים אויף בוים. און דער אָפענער גלייכער שטח, וואָס האָט זיך געצויגען הינטער דעם וואַלד האָט זיך אַזש גערויכערט פון דער העליש־פייערדיגער זונן.

פּיאַראַ האָט צוזאַמענגעטריבען די שעפּסען און אָנגעהויבען אויפצוהויבען זיך מיט זיי איבער דעם אָבגעקאָסעטען פּלאַטץ. טאַ־לעסיר, וועלכער האָט זיך פערקוקט אין דער ווייטקייט און זיך אַבי־סעל פערגעסען, האָט פּלוצים מיט אַמאָל דערזעהען פּיאַרען און די שעפּסען נאָהענט לעבען זיך. פּיאַראַ איז געגאַנגען צווישען די רייהען פון מילגראַם בוימער, אַ שטאַרקע, אַ מעכטיגע, אַ לעבעדיגע, אַ שפּרינ־גענדיגע, ווי אַ יונג טעלעטשקעלע . . .

— א, פּיאַראַ, וואָהין ?

— צום טייך ! — האָט יענע געענטפערט און געגאַנגען ווייטער איבער דער שמאָלער סטעזשקע.

טאַלעסיר האָט געהערט דאָס טראַכקען פון די צובראָכענע צווייגען, פּיאַרע'ס קולות אויף די בהמה'לעך און דאָס מעקען פון די שעפּ־סען. און נאָכהער האָט ער דערהערט ווי אַ מיידעל האָט זיך מיט אַ געשריי אַריינגעוואָרפען אין וואַסער ; ער האָט געהערט די פרעה־ליכע קוויטשען, דאָס גערויש פון אַ שווימענדען קערפּער און דעם שאָרך פון דעם צושפּאָלטענעם וואַסער. און דאַן האָט ער איבערגעלאָזט

די חזרים אויף טאַצאַ'ס השגחה און, ווי אַ שלאַנג, איז ער אַרונטערגע־קראָכען דעם באַרג אַראָב.

בליסטשענדע און פייכטע זיינען געשטאַנען אַלע יונגענקע בוי־מעלאַך און פריטקעלאַך אין דער מאָרגענדער פרישקייט און די גרויסע בוימער האָבען דערמאָהנט אָן רייהען מעכטיגע שטיינערנע זיילען. די געוויקסען און די פלאַנצונגען האָבען זיך דאָ צושפּרייט און צו צויגען איבער דער ערד און דאָ, מיט ליידענשאַפט און שטייף, ענג, ווי די שלאַנגען, זיך אַרומגעוויקעלט אַרום די בוימער, זיך געוואָרפען איינע אויף די אַנדערע, זיך איבערגעפלאָכטען און געפיהרט אַ שרעקליכע מלחמה פאַר אַ בעסערען, ליכטיגען זונענדיגען פּלאַטץ.

איבער דעם גאָר גרויסען ליכטיגען, זאַנפטען גרינעם שטח האָ־בען זיך געפאַרבט געלע, בלויע און העל רויטע אָרכידיען, בלוטיגער מאָהן און גאָלדענע ליוטען. הויך האָט זיך די שפּינען־וועב געטראָגען און זיך פערטשעפּעט אין די איבערגעשפּאָלטענע צווייגען, און שווערע ענגלען יאַגאָדעס האָבען אַרונטערגעהאַנגען פון די צווייגען און זיך געבאָדען אין דעם הויכען גראָז.

יעדעס מאָל, ווען דער ווינד האָט שטאַרק פערבלאָזען פון דער טיעפעניש פון דעם וואַלד, האָט זיך אויסגעצייגט ווי דאָרט, אין דער געדעכטעניש, יעצט אַ שטורם, אָדער אַ שרעקליכע חיה אָטהעמט, אָדער עס רוישט אַ מעכטיגע מענגע מענשען. דאָס שוויצען פון דער ערד, פון די בוימער און פון דעם גראָז איז געוואָרען מעהרער און שאַרפער, און פון מיטען דעם מעכטיגען לעבען פון די פלאַנצונגען, האָבען זיך, ווי געזונגטע בלומען, צולאָזט צוויי געפיהלען צוויי ציהענ־דע הערצער: — פּיאַרא און טאַלעסיער — צושיידענערהייד האָבען זיי זיך געריסען איינער צום צווייטען, געוואַרט אויף עטוואָס און גע־ציטערט פון איבערפּילטער ליידענשאַפט.

און זיי האָבען זיך בעגעגענט. דאָרט אונטען, ביים סאַמע ברעג פון דעם טייך פּעסקערא, צווישען די געדיכטע קוסטען, צווישען קראָ־פּאָווע און טשערעט.ביידע אָרימע און אָבגעריסענע, ביידע מיט אָנגע־ריבענע און פול מיט מאַזאָלען הענט און פיס און ביידע מיט שוויי־סיגע אָבער מעכטיגע קערפּער, וועלכע האָבען געאָטהעמט מיט כח און גבורה.

מיט אַ שטורמדיגען שוים האָט זיך דער „פּעסקאַרא" געקלאַפּט

און געשלאָגען אין די שטיינער פון זיין ברעג. און די ווייסע שטורמ־דיגע פענע האָט זיך צוגאָסען איבער דעם טייך'ס גרענעץ, וועלכע איז געוועזן הויך און נאַקעט. טויזענדער וועגלאַך האָט זיך דאָס וואַסער געפונען און מיט עקשנות זיך געגראָבען אין זאמד, דאָ ווערענדיג אין גאַנצען נעלם און דאָ ווידער ערשיינענדיג און מיט דער פריהערדיגער קראַפט זיך געיאָגט ווייטער, צווישען דעם טשערעט. און דער הויי־כער, שטיינערנער, נאַקעטער, ברוגז'דיגער, פערטראַכטער ברעג האָט אויסגעזעהן ווי מיט זילבערנע אָדערען דורכגעוועבט און האָט געקוקט מיט שנאה אויף די שפּיעלענדיגע וואַסערען.

פיהלענדיג אַ ברענענדיגען דורשט, איז פיארא צוגעגאַנגען צום טייך, אַרונטערגעלאָזט זיך אויף די קניען און אָנגעהויבען טרינקען. מיט איהר אויסגעבויגענקייט, מיט דעם צויבער פון איהר טאַליע און גאַנצע פּלייצע, איז זי געוועזן עהנליך אויף אַ פאַנטער. (אַזאַ מין לעמ־פערט).

טאַליסער האָט זי אָבגעמאָסטען פון קאָפּ ביז די פיס מיט אַ ברע־נענדיגען, ליידענשאַפטליכען קוק.

ער איז צוגעגאַנגען נעהענטער.

— קוש מיך! — האָט ער פּלוצים אויסגעשריען און זיין שטימע האָט געציטערט פון ליידענשאַפטליכער אויפרעגונג.

— ניין... איך וויל ניט...

— קוש מיך... קוש...

און ער האָט אָנגעכאַפּט איהר גליהענדען קאָפּ צווישען זיינעביידע הענט, איהם ארונטערגעבויגען צווישען זיינע קניען און דאַן צוגעצ־דריקט זיין קאָפּ און אַזוי איז ער געבליבען בעוועגלאָז, מיט צוזאַמענגע־שלאָסענע אויגען, אין גאַנצען דורכגעדרינגען מיט העכסטער הנאה פיה־לענדיג פיארא'ס פייכטע הייסע ליפּען אויף זיינע...

— ניין... ניין... — האָט פיארא אין שטיקעניש געשעפּ־טשעט און האָט פּלוצים מיט אַ שטאַרקער קראַפט אָבגעשטויסען פון זיך טאַלעסיר'ס קאָפּ.

אָבער זי האָט אין גאַנצען געציטערט, ווי אַ טשערעטעל. און איהר גאַנצער שטאַרקער קערפּער איז געוועזן פול מיט חשק און פייער... מיט ליידענשאַפט איז געוועזן פול די לופט, פול איז אויך געוועזן אי

דער הימעל, אי די בלומען אי די גראָזען אויף דער ערד. אַלעס, אַלעס איז געווען פול מיט ליידענשאַפט...

און די הענט פון דער פאַסטוכין זיינען אַרונטער געפאַלען מאַכטלאָז.

א שעפּסעלע האָט פּלוצים אַרויסגעשטעקט זיין שוואַרץ קעפּעלע דורך די צווייגען. די פייכטע גוטע אויגעלאך האָבען מיט פּערוואונדערונג לאַנג געקוקט אויף די צוזאַמענגעדריקטע, צוזאַמענגעפּרעסטע און פלאַטערענדיגע קערפּער...

און דער „פּעסקאַרא" האָט געזונגען...



# ארסאַלאַ

.1

ביי האַלבען טאָג איז דער גלח ארויסגעגאַנגען פונ'ם קלויסטער, טראָגענדיג דאָס „הייליגקייט". די גאַסען און די דעכער פון די הייזער זיינען געווען בעדעקט מיט דעם ערשטען שנעע. אין דער הויך, צווישען די שווערע שנעע וואָלקענס, האָבען ארויסגעשווימען בלויע אינזלען, זיך לאַנגזאַם אויסגעברייטעט, און אין דער ווייסער לופט, איבער דער ווייסער ערד, האָט זיך פּלוצים צוגאָסען די זונען־שיין.

די פּראָצעסיאָן האָט זיך געריכטעט צום הויז פון ארסאַלאַ דעל ארק. מענשען האָבען זיך אָבגעשטעלט און נאָכגעקוקט דעם גלח, וועלכער איז געגאַנגען מיט א הוילען קאָפּ צווישען זיינע בעהעלפערס, וואָס האָבען געהאַלטען די „הייליגע חופּה" איבער איהם, און אין די הענט געטראָגען אָנגעצונדענע ליכט. דער העלער קלאַנג פון דעם גלע־קעל האָט זיך צוזאַמענגעגאָסען מיט דעם וואָרטשען פון די הייליגע תפילות. הינט, וועלכע האָבען געטראָפען אָנצוקומען א קעגען, זיינען אנטלאָפען אין די זייטיגע געסלאַך. דער גאַסען־קעהרער האָט אויפ־געהערט צוזאַמען שאַרען דעם שנעע, זיך ארונטער געלאָזט אויף די קניען און אָבגעהויבען דאָס היטעל. לעבען און ארום פלאיאנא'ס באַק־שטוב האָט זיך אין דער לופט געהערט א הייסער, געזונטער ריח פון פריש אָבגעבאַקענעם ברויט.

אין הויז, וואו די קראַנקע איז געלעגען, האָט מען דערהערט דאָס קלינגען פון דעם גלעקעל און א גערויש פון טריט אויף די שטיגען. די בתולה ארסאַלאַ איז געלעגען אין היטץ, ארומגעכאַפּט מיט א טעמפּער שלעפעריגקייט, און איהר שנעלער אָטהעמען האָט זיך איבער־

געריסען מיט א כריפען. די האָאר אויפ'ן קאָפּ כמעט אין גאַנצען אויס־געקראָכען, דאָס פּנים פערבלויעט, די וויהען האַלב־צוגעמאַכט, די נאָזלעכער האָבען אויסגעצייגט צו זיין אין גאַנצען פערלעגט מיט א דינער סאַזשע. די ביינערנע הענט האָבען זיך מאַכטלאָז בעוועגט.

אין צימער האָט געהערשט א טראַגישע שטילקייט, וועלכע האָט געדיענט אַלס א הקדמה צו דער גרויסער טראַגעדיע פון דער אָנקו־מענדער „לעצטע שטונדע", און דאָס רעכען פון דער קראַנקער, און די צוגעפּאַלענע הוסטען, און די אונוואַהרשיינליכע בעוועגונגען, האָבען נאָך מעהר פערשטאַרקט און פערגרעסערט דעם פּחד פון דעם ערוואַר־טעטען טויט. א פרישע לופט האָט זיך אריינגעגאָסען אין די אָפענע פענסטער, ארויסשטויסענדיג דעם הייסען, שווייסיגען קראַנקען ריח. א ווייסער אָבשיין האָט זיך אָבגעשפּיגעלט פון דעם שנעע, וואָס האָט בעדעקט די קאַרניזען און די קעפּלאָך פון די אויסגעבויגענע חלקים פון דעם פּאַרט נאַווי; די קריסטאַלענע, דורכזיכטיגע פאַרבען פון די אייזיגע סטרעמפּעלאָך האָבען אָבגעוואָרפען אויף דער סטעליע פון דעם צימער אן איבערגאָס פון רעגענבויגען קאָלירען. אויף די ווענט האָבען געהאַנגען הייליגע, בראָנזענע מעדאַלען און די צורות פון קדושים.

ביי דער קראַנקער'ס בעט איז געשטאַנען איהר שוועסטער און בענעצט איהר די ליפּען און די יאַסלען מיט א האַנטוך אָנגעזאַפּט מיט עסיג. דער דאָקטאָר איז געזעסען, וואַרטענדיג, און האָט בעקוקט די זילבערנע גאַלקע אויף זיין שטעקען. טהעאָדאָרא לאַ יעטשע, א וועב־בערין, וואָס האָט געוואוינט אין שכנות, איז געשטאַנען דערנעבען שטיל און בעוועגלאָז.

— פרידען און זעגען — האָט דער אריינקומענדער גלח געזאָגט.

אין טהיר האָט זיך בעוויזען דאָן דזשענאַר טיערנא, — א הוי־כער דאַרער מאַן, וואָס האָט דערמאָהנט אָן אן אויסגעצויגענעם וואָרעם. נאָך איהם איז אריינגעקומען ראָזע קאַטענא, וועלכע איז יונגערהייד געווען דאָס, וואָס מען טהאָר ניט אויסזאָגען און יעצט, אויף דער עלטער, געראַטעוועט איהר „כשרה" נשמה דערמיט, וואָס זי האָט בעדיענט שטאַרבענדע און מטהר געווען מתים, אומזיסט אָהן א פּרוטה געלד.

אַלע אין צימער האָבען געקניעט און ארונטערגעלאָזען די קעפּ.

די קראנקע האָט גאָר ניט דערקענט. די שפּרינקלען פון דעם הייליגען וואסער האָבען זי אָבגעשפּריצט.

אָבער ארסאלא האָט ניט געפיהלט די הייליגע כוואליע, וועלכע האָט זי אָבגעוואשען און ריין געמאכט, ווי דער ווייסער שנעע, כדי צו קומען א זויבערע פאר גאָט, ברוך הוא.

א מאכטלאָזע האָט זי זיך אָנגעכאפּט אן דער קאָלדרע, איהרע ליפּען האָבען געציטערט און אין האלז האָבען זיך ווערטער געבאָל־בעלט.

ארסאלא האָט פאָרטגעזעצט צו שטאָמלען און זיך אָנכאפּען אָן דער פוסטקייט ביז מען האָט איהר צורעכטגעמאכט די קישען. זי האָט גאָר ניט געהערט אויסער א קלינגען אין די אויערען, וועלכעס האָט אָבגעקלינגען דאָ ווי א געשריי, דאָ ווי א מוזיק. מען האָט זי אונטער־געהויבען און איהר בלוי־רויטליך געזיכט איז פּלוצים געוואָרען טויט־בלאס.

— אָרימע, אונגליקליכע....

ענדליך האָט זי ארויסגעשטעקט א ציטערענדע, מיט א קרענק־ליכער, שווארץ־בלוטיגע קאָרע בעדעקטע צונג, אויף וועלכער מען האָט ארויפגעלעגט א שטיקעל רויכענדען ווייראך.

— דאָס איז דאָס פייער פון דעם, וואָס פיהרט די גאנצע וועלט...

אָבער זי האָט די צונג ניט בעהאלטען. זי האָט ניט געוואוסט, וואָס מען טהוט. דאָס הייליגע ליכט האָט ניט געשטערט דעם גלי־ווערדען צושטאנד. קאמילא האָט מיט ליידען און מיט שרעק געקוקט אויף דעם ערד־בלאסען פּנים און אויף די ליפּען, וועלכע האָבען דער־מאָהנט אָן א מויל פון א דערשטיקטע. דער גלח האָט מיט א טריי־אומפירענדער יראה, וועלכע פּאסט פאר אזעלכען, האָט, ניט איילענ־דיג זיך, פאָרטגעזעצט לייענען לאטיינישע תפלות. און דער אָבשיין פון דעם שנעע האָט זיך אין א ווייסען ליכט אריינגעגאָסען אין די פענסטער. דער ריח פון הייסען ברויט האָט ביים גלח'ס „חסידים" ארויסגערופען א קיצעל אין דער נאָז.

— געלויבט איז ער און געלויבט איז זיין נאָמען!... — האָט דער גלח געבעטען.

מיט דער אנשטרענגונג פון דעם דאָקטאָר האָט ארסאלא צוגע־

שלאָסען דאָס מויל. דער גלח האָט צוגעטראָטען צום לעצטען הייליג־סוד'ישען אָבשפּריצען די שטאַרבענדע. אַלע זיינען געשטאַנען אויף די קניען און נאָכגעזאָגט יעדען פּסוק תהלים, וואָס דער „הייליגער" האָט פאָרגעלייענט.

טהעאָדאָרא לאַ יעטשע האָט זעלטען זיך צוכליפּעט, פערשטע־לענדיג דאָס פּנים מיט די הענט. לעבען איהר איז געשטאַנען ראָזע קאַטענאַ מורמלענדיג אַ תפלה און איבערקלויבענדיג די פּאַטשערקעס. איין אויג איהרס האָט זיך גענויעט, דאָס צווייטע האָט געהאַט אַ ביל־מע, און אין דעם שטילען תהלים געזאַנג, האָבען זיך געהערט דעם גלח'ס ווערטער „הייליגענדיג" די אויגען. די אויערען, דאָס מויל און די הענט פון דער בעוועגלאָזער קראַנקער.

— .... איך גיב זיך איבער דיר, גאָט, ווער עס איז מוחל עונות. אמן.

קאַמילאַ האָט צודעקט די קאָלדרע און עס האָבען זיך ארויסגע־זעהן די געלע אָבשטאַרבענדע סליאָדען פון איהר שוועסטער.

— העלף גאָט, העלף קריסטוס, העלף גאָט, פאָטער אונזע־רער....

די „געזאַלבטע" פון גאָט איז געלעגען בעוועגלאָז, אָטהעמענדיג שווער, די קניען אויסגעבויגען און די הענט צוגעקוועטשט צו די זיי־טען — אין אַ כאַראַקטערנעם מעמד פון קראַנקע אויף טיפוס. און דער גלח איז, צולעגענדיג צום לעצטען מאָל, דעם צלם צו איהרע ליי־פען און, מאַכענדיג אַ צווייטען צלם אין דער לופטען, ארויסגעגאַנגען אין דער בעגלייטונג פון זיינע דיענער. אין צימער האָט זיך נאָך אַלץ ארומגעטראָגען יענער אונבעשטימטער ריח פון וואַקס און ווייראַך, מיט וועלכען די קירכען־בגדים זיינען אָנגעזאַפּט. אויף דער פרייער לופט, הינטער די פענסטער, האָט מאַטטעאָ פוריעלאַ אויפגעקלאַפּט אָבצאָסען — און צוגעזונגען דערביי אַ ליעד.

## 2.

די קראַנקהייט האָט זיך ניט אויף קיין סך געבעסערט. ס'איז געקור־מען די פיערטע וואָך און די טעמפּע שלעפּעריגקייט האָט זיך פערביטען אויף אַ נאַטירליכען שלאָף — אַ נאַטירליכען רוהיגען שלאָף, אין וועל־

כען די טיפישע סימפטאָמען פון טיפוס זיינען ביסלעכווייז פערשוואונ־
דען: די היטץ איז געוואָרען אביסעל קלענער, דער געדאנק קלאָהר־
רער און די בעטויבונג אביסעל אויסגעגלייטערט. נאָר דער שווערער
הוסט האָט זי צייטענווייז אונברחמנות געמאטערט. די הויט איז איהר
קאַליע געוואָרען און עס זיינען איהר געוואָרען וואונדען אויף די עלענ־
בויגענס, אויף די קניען און ניעדעריגער פון דעם גארטעל. קאמילא
האָט זיך איבערגעבויגען איבער'ן בעט, אויסרופענדיג אין דער הויך:
„ארסאלא", און די שוועסטער האָט געפרופט צו עפענען די אויגען.

זי האָט געפיהלט א הונגער, א שטארקען הונגער. א בהמה'ישע
זשעדניקייט צום עסען האָט זי געפייניגט. און איהר מויל האָט בעקומען
יענע אויסגעקרומטע בעוועגונג, ווי ווען די באַקען ביינער גליסטען
עפעס צו קייען און איהרע אויסגעדארטע, אויסגעקוואַרטע הענט האָ־
בען אָנגענומען יענעם קראַמישען, קלעטערענדען אויסזעהן, וועלכען
עס איז צו בעאָבאכטען ביי מאלפעס, ווען זיי דערזעהן אַן עפעל. דאָס
איז געווען א קרענקליכער, ברענענדיגער הונגער, יענער שרעקליכער
חשק צו שפייז, וועלכער מאכט א חורבן אין יעדער צעל פון א קער־
פער, וואָס איז אָבגעשוואכט און אויסגעמאטערט פון קראַנקהייט. עס
איז געבליבען בלויז אַן אָרימע, אביון'דיגע כוואַליע בלוט, וועלכע
האָט זיך קוים בעוועגט אין די אָדערען. אין דעם אָבגעשוואכטען, פון
שפייז בערויבטען מאָרך האָט זיך א יעדע טהעטיגקייט אָבגעשטעלט.
בלויז וויבראציעס, אָנצייגענדיג אייניגע טהעטיגקייטען פון אמאָל,
ווען זי איז פאָלקאָם געזונד געווען, האָבען דאָרט יעצט פּאסירט. און
אפילו אין אזא אונבעדייטענדע ארבייט האָט איהר דער געדאנק ניט
געדיענט אין פולען. זי האָט געליענט קורצענקע לאטיינישע זאכען,
זי האָט אָהן א שום צוזאמענבינדונג צוטהיילט די ווערטער אין זילבען,
זי האָט געשראָקען די שילער צו בעשטראָפען, זי האָט געזונגען קורצע
סטראפען פון הייליגע תפילות. אָפט פלעגט זי פיהרען מיט דעם אָנ־
צייגענדען פינגער איבער דער שארף פון דעם בעט, ווי אָנצייגענדיג צו
די שילער די שורות פון דעם ביכעל. אמאָל פלעגט זי זיך צושרייען,
דראָהען, מוסר'ן, דערמאָהנענדיג זיך פּיעלייכט אַן פרוי בארטאלאמעא
דא סאלוצא'ס רעדע צו די זינדיגע, אָדער פּיעלייכט פלעגט זיך איהר
דאַן אויסווייזען, אז זי זעהט יענע שרעקליכע בילדער, אויף וועלכע
עס זיינען געמאָהלען אומגעלומפּערטע מלאכים און מלחמה האלטענ־

ריגע שדים. אָבער איהרע אויגען זיינען אַלץ געבליבען מוטנע, און די שוואַרץ־אַפּלען איבערגעצויגען מיט אַ מין געלען הייטעל. אין דער צייט פון דער קראַנקהייט זיינען איהר די גאַנצע האָאָר אויסגעפאַלען.

ארום האָבען אַלע געפּראַוועט דעם יום טוב לכבוד קריסטוס׳ס געבורטסטאָג. אין די ליכטיגע אָבענדען איז דער טייך פּעסקאַרא געווען אין גאַנצען פּערזעעט מיט מאַטראָזען. אַ שאַרפער ריח פון פיש־יויך האָט זיך פּערשפּרייט פון די שענקען. בעלייכטעט זיינען געווען די פענסטער און פייערווערק האָט געקראַכט אין די גאַסען. דער אָבשיין פון דער זונן האָט געגילט די שטיינערנע פּאַרענטשעס, די שפּיציגע דעכער און דעם גלאָקען טהורעם פון סאַן זשאַקאָמאָ׳ס קירכע, און געערשט האָבען דיעזע שיינענדע גאָלד־רויטע פלעקען, ווי מאַיאַקעס איבער דעם מרה שחורה׳דיגען שטעדטעל. איבער סאַנט אגאָסטינאַ, לעבען דער פעסטונג, איז אַ האַלבע לבנה אויפגעגאַנגען.

אין ארסאלא׳ס צימער אריין האָט דאָס אַלע בעוועגענדע לעבען אריינגעדרינגען בלויז ווי דאָס סומנע זשומען פון אַ פּאַסינקע ביהנען.

פּאַסטוך־ליעדער געשפּיעלט אויף זעק פייפען האָבען זיך צוגעטראָגען און איבערגעגאַנגען פון הויז צו הויז. אַ פּרום, האַרציג דערקוויקעניש איז געווען דורכגעוועבט אין דיעזען שפּיעלען. די קראַנקע האָט זיך צוגעהערט און זיך אונטערגעהויבען אויף דעם בעט. דיעזעס געפיהל האָט אין איהר אויפגעלעבט בילדער, וועגען וועלכע זי האָט פּיעל, פּיעל געטרוימט און מיט די איינדריקע פון וועלכע זי איז געווען דורך און דורכגעדרונגען. און פאַר איהרע אויגען האָבען זיך געשטויסען הייליגע ערשיינונגען איינע נאָך דער אַנדערער, עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז זי זעהט שנעע־ווייסע געקליידעטע מלאכים׳לאַך שוועבען אין דעם ליכטיגען, קלאָהרען בלויען הימעל. זי האָט אָנגעהויבען זינגען הייליגע הימנען, אָבער די שטימע האָט זיך איהר פּלוצים איבערגעריסען און זי האָט אָנגעהויבען לויבען און דאַנקען קריסטוסען, אָבער מיט אזא התלהבות, מיט אזא הייליגער ליעבע, אַז עס האָט זיך איהר בשעת מעשה אויסגעצייגט, אַז זי טראָגט זיך אין די הויכע הימלען אין מיטען דעם רויך פון די הייליגע קטורת.

— אָ, העלף! — האָט זי אויסגעשריען.

די שטימע האָט זיך איהר איבערגעריסען. זי האָט צושפּרייט

די הענט. קאמילע, וועלכע איז געשטאנען לעבען איהר, האט געוואלט פעריכטען איהרע קישענס, זי האט זיך געפיהלט שוואך געגען איהר שוועסטערס אמונה. איהרע הענט און ליפען האבען געציטערט. ארסאלא האט זיך מאכטלאז א ווארף געטהאן צוריק, מיט אן ענטבלויזטען האלז און ברוסט, בלאס ווי דער טויט, און א שמייכעל האט זיך אוועק געלעגט אויף איהרע ליפען. די כלי זמר, וואס האבען געשפיעלט אויף די זעק־פייפען זיינען פערבייגעגאנגען. שפעטער זיינען פערבייגעגאנגען די מאטראזען, וואס האבען פערבראכט אויף דעם „פעסקארא" און געזונגען שכורשע ליעדער.

.3

וואס קלעהרער איהר געדאנק איז געווארען, אלץ לעבעדיגער האט זיך דער אינסטינקט פון הונגער ערוועקט. עס האט זיך צוגעטראגען דער ריח פון הייסען ברויט פון פלאיאנאס בעקעריי און ארסאלא האט געבעטען; זי האט געבעטען ווי א הונגעריגער קבצן און, בעטענדיג, האט זי אויסגעשטרעקט די האנד צו דער שוועסטער. מיט א בהמה'שער זשעדניקייט האט זי געשלונגען, וואס מען האט איהר דערלאנגט, קוקענדיג מיט פערדאכט אין אלע זייטען, ווי זי וואלט מורא געהאט, אז אימיצער זאל ביי איהר ניט צונעהמען דאס עסען.

די ערהאלונג איז צוגעגאנגען לאנגזאם. אבער דאס איינגענעהמע געפיהל פון ערלייכטערונג האט זיך שוין אנגעפאנגען צו צושפרייטען איבער דעם גאנצען קערפער און אויסלייטערען דעם פערשטאנד. די אייעריגע, די מילכיגע און די פליישיגע מאכלים האבען געשאפען נייעס בלוט; די לונגען האבען געאטהעמט פריי, דאס אדערען געוועב, ארומגעוואשען מיט א ווארימער, שטארקער כוואליע האט געבראכט א פרישע, נייע לעבענדיגע פארב, די וואונדען, וועלכע זיינען געווען דער רעזולטאט פון לאנג ליגען אין קראנקען בעט, האבען זיך שוין אנגעהויבען צו פערהיילען. אונטער דעם שטראם פון נייעם לעבען האט זיך שוין אויך די טהעטיגקייט פון דעם מארך פערבעסערט, און די פערשטארקטע חושים האבען געמאכט דאס בעוואוסטזיין קלאהר און לוי־

טער. די האָאר אויפ'ן קאָפּ האָבען אָנגעהויבען געריכט אָנצואוואַקסען און אַלעם צוזאַמען האָט געמאַכט ארסאלאן ווי א נײ־געבאָרענע.

דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פון פעווראַל. ארסאלא האָט געזעהן פון איהר בעט דעם שפּיץ פון דעם סקליעפּ פון פּאָרט נאָווי, די רויטע טשערעפּיצעס, צווישען וועלכע עס האָט געוואַקסען גראָז, די קעפּ פון די בערג, וואו די פויגעל וועלען זיך אום פריהלינג מאַכען זייערע נעסטען. א טיעפער, גליקליכער הימעל האָט זיך איבער אַלעם פערשפּרייט. פונ'ם ארסענאַל האָבען זיך דערטראָגען די קולות פון טרומפּייטען.

און כמעט מיט א געפיהל פון פערוואונדערונג האָט זי זיך עראי־נערט אָן איהר פריהערדיגען לעבען. איהר האָט זיך אויסגעוויזען, אז די פערגאַנגענהייט בעלאַנגט ניט צו איהר. א גרענצלאָזע ווייטקייט האָט זי יעצט אָבגעטהיילט פון דיעזע עראינערונגען — א ווייטקייט ווי עס קומט פּאָר אין א חלום. זי האָט פערלאָרען דעם חשבון פון דער צייט. זי האָט זיך בעדאַרפט גוט, שטאַרק איינקוקען אין די אָרומיגע געגענשטענדע, שטאַרק אָנשטרענגען איהר מח אום צו דערמאָהנען זיך די פערגאַנגענהייט. זי האָט צוגעלעגט די הענט צו די שלייפען און אן אונבעשטימטער שמייכעל פון פערגאַנגענהייט האָט זיך בעוויזען אויף די בלאַסע ליפּען און געשיינט אין די אויגען.

— אך! — האָט זי אין דער שטיל ארויסגעשעפּטשעט און ווי־דער לייכט איבערגעפיהרט מיט די הענט איבער די שלייפען.

דאָס איז געווען א טרויעריג און איינאַרטיג לעבען — אין דיעזע דריי צימערען, צווישען די משונה'דיגע הייליגע סטאַטוען, צווישען די אַלע קינדער, וועלכע האָבען יעדען טאָג צו פינף שטונדען דורכאנאנד איבערגע'חזר'ט אין „טראַף" איינע און די זעלבע ווערטער... עהנליך צו די, איבער וועלכע די לעגענדעס דערצעהלען, אז זיי האָבען זיך מוסר נפש געווען פאַר קידוש השם, האָבען יעדע שוועסטער מקדיש געווען זייערע „בתולים" צום געטליכען חתן, צום חופּה געלעגער פון יעזוס'ען. מיט א לעבען פון „דרשות", מיט תעניתים און תפלות האָ־בען זיי פערדאָרבען זייערע קערפּער, אָטהעמענדיג מיט דער קירכען לופט, מיט דעם רויך פון פערשיעדענע הייליגע קטורת און שפּייזענ־דיג זיך מיט ירקות. זיי האָבען פערשטאָפּט און פערטעמפּט זייערע מוחות מיט דעם לאַנגען, טרוקענעם זאָגען און איבער'חזר'ן איינס

און דאָס זעלבע, מיט דער מעכאַנישער ארבייט איבער דער אייביגער ווייסער קאַנאַווע, וועלכע איז געווען אָנגעזאַפּט מיט דעם ריח פון לאַפּענדעל און קדושה. זייערע הענט האָבען קיין מאָל ניט געזוכט דאָס זיסקייט פון די קינדערשע לאָקען און קיין מאָל האָבען זייערע ליפּען, אין אַ פּלעצליכען אויסברוך פון צערטליכקייט, בעריהרט די פּנים'ער פון זייערע שילער. זיי האָבען געלערענט „פּאַטשער" און קירכען ליע־דער, מיט אַ שטרענגער שטימע האָבען זיי גערעדט פון אַן עבירה, פון דער מורא פאר אַן עבירה און פון דער שטראָף — און די גרויסע קינדערשע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט פערוואונדערונג און די ראָזעווע ליפּעלעך האָבען זיך פונאַנדערגעעפענט פון פּחד.

די לעבעדיגע פאַנטאַזיע פון די קליינינקע האָט געזעהען לעבען אין די אַלע אַרומיגע געגענשטענדע. אויף די גאָר אַלטע הייליגע ביל־דער האָבען געשוועבט די בלאַס־געלע געזיכטער פון קדושים נסתרים; און דער קדוש שבקדושים, יעזוס, אין אַ דערנענעם קראַנץ מיט טראָ־פּענס בלוט אויף דער צורה האָט זיי איבעראל פערפאָלגט מיט זיין פּוסס'דיגען, און טויט־שמערצען, אויסזעהען. די פלעקען אויף דעם פעררויכערטען קוימען האָבען אין זייערע אויגען אָנגענומען אַן אויס־זעהן פון שרעקליכע אָבצייכנונגען.

אזוי האָבען די שוועסטער איינגעפלוסט די אמונה אין די אונ־שולדיגע נשמות.

— קאמיליא, קאמיליא, וואו ביסט דו?

די שוועסטער האָט ניט געענטפערט. זי איז וואהרשיינליך אוועקגעגאַנגען צו דער אבענד־תפלה. און דער געזונד ווערענדער האָט אָנגעכאַפּט אַ יצר הרע אויפצושטעהן און זיך דורכגעהן איינע אליין.

זי האָט זיך פורכטזאם צולאַכט, ווי אַ קינד, וואָס קען זיך ניט בע־שליסען אויף אַ שווערען פּלאַן. האלב צוגעמאַכט די אויגען, האָט זי זיך איבערגעגעבען דעם נייעם פערגניגען פון דיעזען געדאנק. זי האָט זיך געטאַפּט ביי די קניען, זיך אונטערגעהויבען, ווי וועלען פּרובירען איה־רע קרעפטען; און זי האָט ניט אויפגעהערט צו לאַכען, וואָרום דאָס געלעכטער האָט אָנגעפילט איהר גאַנצעס וועזען מיט אַ צאַרטען שלאָ־גענדען גליק.

אַ זונען שטראַהל איז געפאַלען אויפ'ן וואַסער אין וואַש־שיסעל, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל און דער בעוועגענדער אָבשיין

האָט, ווי אַ גאָלדען געוועב, געציטערט אויף דער וואַנט. אַ באַנדע טויבען איז פערבייגעפלויגען און זיך אַרונטערגעלאָזט אויף דעם שפּיץ פון דעם סקליעפּ: — דאָס האָט געשיינט צו זיין אַ גוטער סימן. — זי האָט לאַנגזאַם אָבגערוקט די קאָלדרע, זיצענדיג אויף דער שאַרף פון דעם בעט, און מיט די דאַרע, פערגעלטע פיס אָנגעטאַפּט די שטעקשיך; אָבער פּלוצים האָט זי אָנגעכאַפּט אַ פּחד, די אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרעהרען און אַלעס פאַר איהרע אויגען האָט אָנגעהויבען שווינדלען, ציטערען און שפּרינגען מיט אַן אונבעשטימטען, ווייסען שיין, פּונקט ווי אַלעס זאָל שווינדען, שווינדען און פערשוואונדען. די טרעהרען זיינען גערונען איבער די באַקען און אריינגעפאַלען אין מויל אריין. זי האָט דערפיהלט זייער געזאַלצענעם טעם. די טויבען האָבען זיך צוריק אויפגעהויבען און ווידער זיך אַרונטערגעלאָזט. ארסאַלא האָט בעקעמפּפט די טרעהרען, זיך אָנגעשאַפּרט אָן עק פון בעט, זיך צוריק געוואָרפען און ענדליך האָט זי זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס. זי האָט אַ שמייכעל געטהאָן און מיט פייכטע אויגען זיך אַרומגעקוקט. זי האָט ניט געוואוסט, אַז זי איז נאָך אַזוי שוואַך. זי האָט געפיהלט אַ בייסעניש אין די פיס, אַ שטעכעניש אין די מוסקולען פּונקט ווי עס פיהלט אַ פערוואונדעטער, וועלכער איז אויפגעשטאַנען פון בעט איידער דער צובראָכענער ביין האָט זיך צוזאַמענגעוואַקסען. זי האָט פּרובירט צו מאַכען אַ שפּאַן און זי האָט געשטעלט אַ פוס פאָראויס, אָבער זי האָט זיך פּלוצים דערשראָקען און זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויפ׳ן בעט און זיך אַרומגעקוקט, פּונקט ווי זי זאָל מורא האָבען, אַז זי איז ניט איינע אליין אין צימער. נאַכהער האָט זי אויסגעקליבען דעם פענסטער אַלס דעם ציעל פּונקט און אויף דאָס נייע אויסגעשטרעקט אַ פוס, קוקענדיג אויף איהם מיט אָנשטרענגונג און שטאַרק פערהילט די ברוסט מיט אַ טוך — עס איז איהר געוואָרען זעהר קאַלט. אויף האַלב וועג האָט זי ווידער פּלוצים אָנגעכאַפּט אַ שרעק; זי האָט זיך אָנגעפאַנגען וואַקלען, זיך געכאַפּט מיט די הענט אין דער לופט, זיך אויסגעקעהרט, און מאַכענדיג דריי פיער שנעלע טריט, איז זי ווידער אַוועקגעפאַלען אויפ׳ן עק בעט. פאַר אַ מינוט איז זי אַזוי געבליבען ליגען, קוים וואָס זי האָט געאָטהעמט, נאַכהער האָט זי זיך ווידער אַרונטערגערוקט אונטער דער קאָלדרע און זיך צוזאַמענגעדריקט און צוזאַמענגעקנייטשט אין צעהנען.

— א, מיין גאָט, ווי שוואַך איך בין!

און מיט נייגעריגקייט האָט זי געקוקט אויף יענעם שטיקעל פּלאַטץ, וואו זי איז ערשט געווען, פּונקט ווי זי זאָל דאָרט זוכען די טריט פון איהרע פיס.

.4

זי האָט קיין וואָרט דער שוועסטער ניט דערצעהלט וועגען איהר ערשטען פערזוך. דערהערענדיג קאמילא'ס טריט, האָט זי פערמאַכט די אויגען און זיך געמאַכט בלופרשט ווי זי שלאָפט און א זאָנדערבאַרען תענוג האָט זי געפיהלט וואָס איהר איז געלונגען אָבצונאַרען, און מיט אַלע כחות איינגעהאַלטען דעם געלעכטער, וואָס האָט זי געקיצעלט אין האַלז. זי האָט געהאַט דאָס גרעסטע פערגניגען פון איהר קליינער געהיימנים; יעדען טאָג האָט זי מיט אַן אונרוהיגען בייגקעניש געוואַרט די שטונדע קאמילא זאָל שוין אוועקגעהן. אָבוואַרטענדיג איין מינוט אויפ'ן בעט האָט זי זיך גוט צוגעהערט ביז אַלע טריט אויף די שטיגען זיינען ניט שטיל געוואָרען. נאָכהער איז זי אויפגעשטאַנען און זיך דורכגעגאַנגען פון איין פּלאַטץ אויפ'ן צווייטען. אָנהאַלטענדיג זיך אַן דער וואַנט און אַן מעבעל און יעדעס מאָל, ווען די קניען האָבען זיך איינגעבויגען, אָדער זי האָט פערלאָרען דאָס גלייכגעוויכט, ארויסגעלאָזט א קליינעם געשריי.

אין דיעזער שעה פלעגט זיך כמעט תמיד פון פלאַיאַנאַ'ס באַקשטוב אויפהויבען א ריח פון פרישען ברויט און זי רייצען. זי פלעגט צו געהן צום פענסטער, אום איינצואָטהעמען דעם אראָמאַט און האָט דורכגעלעבט א זיסליכען צער, און איהרע אויגען האָבען הונגעריג געפינקעלט. עס האָט זי אָנגעכאַפּט א הונגעריגער חשק איבערצורויען אַלעס, צו וואָס זי קען זיך נאָר צוריהרען, אָבער די צרה איז געווען, וואָס קאמילא האָט תמיד געטראָגען די שליסלעך מיט זיך. איין מאָל האָט זי העט ווייט אין שיפלאָד געפונען אַן עפּעל און זי האָט הונגעריג זיך איינגעבראָכען אין איהם מיט די צייהן. זי האָט קיין פרובט ניט געגעסען פון זינט זי איז פערשלאָפט געוואָרען. דער עפּעל האָט גע־

האט א פרישען ריח, אזעלכער, ווי עס פאסירט מיט איניגע צוגע־פוילטע פירות. נאכהער האט זי ווידער מיט א ליידענשאפטליכען חשק ארומגעזוכט איבער׳ן גאנצען שיפלאד, אבער זי האט גאר ניט געפונען אויסער א שויט מיט ארבעס, וועלכע זי האט מיט נייגע־ריגקייט גוט ארומגעקוקט און בעהאלטען אונטער׳ן קישען.

אזוי האט זי פערבראכט די „פרייע" שטונדע, מיט מורא און פחד זיך פערשאפען פערגניגען, ווי ערנעזענדע קינדערלאך, וועלכע ערלויבען זיך פערבאטענע זאכען, ווי א כאפ צו טהאן בסוד עפעס א מין לאקאמקע און איבער צוטרעטען דאס, וואס דער דאקטאר האט צו־געשריעבען. דער איינציגער עדות, וואס האט אלעס צוגעקוקט איז גע־ווען די ראבע קאץ, וועלכע האט זיך אדער געלאסטשעט ארום אר־מעלא׳ס פיס אדער זיך צוגרייטענדיג א שפרינג צו טהאן, האט זי אכטונג געגעבען אויף די טויבען, וועלכע האבען זיך ארונטערגעלאזט זעצען אויפ׳ן פענסטער. זי האט זי ארויפגענומען צו זיך אויפ׳ן בעט, גערעדט צו איהר מיט אן אבגעריסענער שטימע און לאנג, לאנג צוגע־קוקט ווי זי האט מיט דער ראזעווער צונג געלעקט א לאפקע, אדער אויסגעשטרעקט איהר געלען האלז צו איהר און לאסטעשנד געוואר־טשעט עהנליך צו די וואלד טירקל־טויבען. מעגליך, אז א דאנק דעם נאטירליכען צוריק קעהרען זיך צום פריהערדיגען מיסטיציזם, האט זי ליעב געהאט די בליטצען פון די קעצענע אויגען, וועלכע האבען אבגע־פינקעלט אין דער האלב דונקעלהייט, די פארפארנע פונקען, וועלכע האבען בייגאכט געלייכט געהיימניספאל.

מיט עפעס א מיסטרויען און מיט א בעהאלטענעם פערדרוס האט קאמילא געקוקט אויף איהר שוועסטער׳ס זאנדערבארע נייגונגען און שטרעבונגען, אבער זי האט געשוויגען. און לאנגזאם, כמעט אונבע־מערקט, זיינען די צוויי נשמות זיך פרעמד געווארען און זיך דערוויי־טערט איינע פון דער אנדערער.

ביז דאמאלסט האבען זיי געלעבט כסדר מיט אלגעמיינע גע־וועהנהייטען און געפיהלען, טאמער איז צווישען זיי אמאל פארגע־קומען א ווידערשפרעכונג אדער געבארען געווארען א פערשיעדענע נייגונג, האט זייער אלגעמיינעם גלויבען, דאס גלויבען אין דער תורה פון יעזוס׳ען, צו וועלכען זיי האבען מקריב געווען זייער גאנצעס לע־בען, שוין אלעס פערגלעט און גוט געמאכט. דער רעליגיעזער שטראם,

וועלכער האָט זיי איבערפילט און פערפלייצט האָט חרוב ונחרב גע־מאַכט זייער בלוט־קרבות. זיי האָבען קיין מאָל ניט געקוקט איינע אויף צווייטע ווי לייבליכע שוועסטער זאָנדערן ווי פרעמדע, נאָר פעראיי־ניגט און פערוואונדעט דורכ׳ן גלויבען. זיי האָבען קיין מאָל ניט ארויס־געצייגט קיין ליעבע, קיין צערטליכקייט איינע צו דער אַנדערער. ער־אינערונגען און האָפנונג האָבען זיי קיין מאָל ניט אויפגעמונטערט. ליעבליכקייט האָט ביי זיי ניט עקזיסטירט. אַלעס, וואָס האָט זיי גע־האַלטען צוזאַמען איז געווען בלויז דאָס איינציגע, וואָס זיי זיינען ביידע גלייכע קינדער פון דער גרויסער יעזוס׳ס פאַמיליע, וועלכע איז צוזעעט און צושפּרייט איבער דער גאַנצער ערד און, וועלכע שטרעבט צו קומען אין הימעל.

און ווען ארסאלא האָט, אונטער דעם איינפלוס פון ערהאָלונג, אָנגעהויבען צו ענטדעקען אונערוואַרטעטע שטריכען פון איהר איינ־געבאָרענער נאַטור, דאַן איז די אונטערברעכונג צווישען זיי געוואָרען אונפערמיידליך און די איינגעשלאָפענע שטימע פון זייער פערוואַנדטען בלוט איז ניט געווען בכח עס ווידערצושפּרעכען.

.5

די שילער האָבען אויף ס׳ניי אָנגעפאַנגען צו קומען. דאָס ערשטע מאָל זיינען זיי געקומען אין דער פריה, אין אָנפאַנג מאָנאַט מאַרט. ארסאלא איז געזעסען אויפ׳ן בעט און די זונן האָט געשיינט אויף איהר נאַקען און פּלייצע. אין צימער האָט זיך געהערט אַ שאַרפער גערוך פון עסיג, וואָס קאַמילא האָט אָנגעגאָסען אין אַ פעראָסטעטען טינטער. און דער ווינד האָט אריינגעבראַכט דורך די שפּאַלטען פון די צוגעמאַכטע פענסטער דעם גוטען ריח פון די בליהענדע פיאַלקעס.

ווי אַ ווינד האָט די חברה קינדער אריינגעראַשט אין צימער. צו ערשט האָבען זיך אין טהיר מיט אַ גערויש און געפּילדער די קעפּ־לאַך פון די קינדער געשטופּט און געשטויסען איינער איבער׳ן צוויי־טען, אום בעסער צו זעהן, נאָכהער האָט צווישען זיי פּאַסירט אַ שעה־מעווודיגקייט, אַן אונענטשלאָסענהייט, עפּעס אַן אונשולדיגע איבער־ראַשונג. דערזעהענדיג די אויסגעדאַרטע לעהרערין.

אָבער זי האָט געשמייכעלט, און פּלוצים האָט זי דערפיהלט ווי דאָס גאַנצע בלוט האָט אין איהר אָנגעהויבען קאָכען. זי האָט זיי צו־גערופען צו זיך, פערמישט זייערע נעמען און אויסגעשטרעקט איהרע הענט צו זיי. די קינדער זיינען צוגעגאַנגען איינס נאָכ'ן צווייטען, גע־כאַפּט איהר האַנט צו קושען און אָבגעמאָלען אויף גיך די אין דער היים אויסגעלערענטע און איינגע'חזר'טע בעגריסונגג.

— ניין, ניין, גענוג! — האָט ארסאלא אויסגעשריען א פער־מוטשעטע, אָבער זי האָט דאָך ניט צוריקגעצויגען איהרע הענט פון די ווארימע, צאַרטע ליפּען. זי האָט געפיהלט, אז אָט אָט פאַלט זי אין חלשות.

— קאמילא, האַלט זיי איין, האַלט זיי איין! — האָט זי גערו־פען איהר שוועסטער צו הילף.

יעדעס קינד האָט געבראַכט עפּעס א מתנה. איינס — בלומען, א צווייטעס — פרוכטען, א דריטעס — עפּעס אנדערש און אזוי ווייטער. די פּיאַלקעס האָבען שנעל צוגאָסען זייער בשמים'דיגען ריח אין דער לופט און אין מיטען דיעזען גוטען אראָמאַט, אין מיטען דיעזען ליכטיגען, מחיה'דיגען וועלטעל האָבען געשמייכעלט די רויטע, בלו־טיגע, געזונטע פּנים'לאַך פון די קינדער.

אין צווייטען צימער האָט זיך אָנגעפאַנגען די לעקציאָן. דער ערשטער קלאַס האָט אין דער הויך אויסגעשריען יעדען בוכשטאַב פון דעם גאַנצען „אלף״ „בית״. דער צווייטער האָט געלייענט „אין טראַף״ און איבער דעם גאַנצען דייטליכען כאָהר האָט זיך פון צייט צו צייט צוטראָגען קאמילא'ס ברוגז'דיגע בעמערקונגען.

— לא, לע, לי, לאָ, לו...

אין דער צייט פון א פויזע האָט מען געהערט ווי מאַטעא פוריעלא קלאַפּט ארויף אן אָבצאַס אָדער ווי טהעאָדאָר'ס וועב־מאַשען אר־בייט.

— מא, מע, מי, מאָ, מו...

ארסאלא האָט אָנגעהויבען ווערען נערוועז. דאָס לאַנגווייליגקייט פון דיעזען גערויש און פון דיעזע איינע און די זעלבע קולות האָבען געדריקט איהר מח און ארויפגעצויגען אויף איהר א שלאָף דאַן, ווען זי האָט געוואָלט זיין פרעהליך לוסטיג כל זמן זי פיהלט לעבען זיך דאָס אָטהעמען פון יונגע לעבענס.

— באַל, בעל, ביל, באָל, בול . . .

זי האָט גענומען די בלומען, וואָס מען האָט איהר געבראַכט און זיי אריינגעשטעלט אין אַ גלאָז מיט וואַסער. נאַכהער האָט זי אריינגעצויגען אין זיך זייער מחיה׳דיגען גערוך און, פערמאַכענדיג די אויגען, האָט זי אַלץ פאָרטגעזעצט און פאָרטגעזעצט איינאָטהעמען די ערקוויקענדע פרישקייט.

— גראַ, גרע, גרי, גראָ, גרו . . .

אַ גרויסער ווייסער וואָלקען האָט פערדעקט די זונן. ארסאלא איז צוגעגאַנגען צום פענסטער. אַ קעגען, אויפ׳ן גאַניק, צווישען פרישע, בליהענדע פיאַלקעס, איז געשטאַנען דאנא פערמינא. אונטען איז דורכגעגאַנגען אַ קאָמפּאַניע אָפּיצערען, וועלכע האָבען זיך צולאַכט, דערזעהענדיג זי און אָבגעקלינגען מיט די שווערטען אָן די שטיינער פון גאַס. ווייטער, אין גאָרטען, האָבען די אוילבירטה בוימער אָנגעפאַנגען צו בליהען. און דער ווינד האָט מילד און צאַרט געבלאָזען. פון לוטשיטינא׳ס שענק האָט מען ארויסגעוואָרפען אַ שיכור׳ן.

ארסאלא איז צוריק אָוועקגעגאַנגען פון דעם פענסטער. עס איז ביי איהר געווען דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער צייט. וואָס זי איז געלעגען קראַנק צו זעהן דעם פּלאַטץ. עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען ווי זי קוקט אַרונטער פון אַ גאָר הויכען אָרט און דער קאָפּ האָט זיך איהר אָנגעהויבען צו דרעהען.

—נאַר, נער, ניר, נאָר, נור . . .

דער כאָהר אין צווייטען צימער האָט אַלץ פאָרטגעזעצט ווייטער, ווייטער און ווייטען.

— פּלאַ, פּלע,, פּלי, פּלאָ, פּלו . . .

ארסאלאן האָט אָנגעהויבען שטיקען, וואַרגען, אנגסטען האָבען געשלאָגען אויף איהר. איהרע אָבגעשוואַכטע נערוועז האָבען שוין מעהר ניט געקענט דולדען. און דאָס כאָהר האָט אונערבאַרעמליך אַלץ פאָרטגעזעצט די „תורה” אונטער די ריטמישע קלעפּ פון דער „ווירע” מיט וועלכער קאמילא האָט אָבגעקלאַפּט דעם טאַקט.

— ראַם, רעם, רים, ראָם, רום . . .

— סאַט, סעט, סיט, סאָט, סוט . . .

אַ פּלעצליכער פּלוס פון טרעהרען האָט די ערנעזענדע אויפגעציטערט און זי אָוועקגעוואָרפען אויפ׳ן בעט. זי איז געבליבען ליגען

מיט'ן פנים אראב און מיט די הענט צו ווארפען. זי האט זיך איינגע־ גראבען אין קישען און געכליפעט, ווארפענדיג זיך קאנוואולסיוו און ניט קיין כח געהאט זיך צו בעהערשען.

— טאל, טעל, טיל, טאל, טול... — האט זיך געהערט אין צווייטען צימער.

### 6.

די לאקען האבען איהר צוריק אנגעוואקסען. פונקט אזעלכע ווי זי האט געהאט פריהער: געגרייזעלטע און ברוינע. איין מאל האט איהר ראזע קאטענא, מיט אן אונפערשעהמטער בעוועגונג, ווי עס פאסט פאר גאסען „צנועות", בעמערקט, אז זי איז זעהר א שעהנע און זי האט בעקומען א שטארקען חשק אנצוקוקען זיך אין א שפיע־ געל.

מיט אונגעדולד האט זי זיך ערווארט קאמילא'ס אוועקגעהן. נאכ־ הער איז זי אויפגעשטאנען און ארונטערגענומען פון וואנט אן אלטען, פערדונקעלטען, פערמאטעוועטען שפיעגעל אין א געגילטער ראם. זי האט אבגעווישט דעם שטויב מיט אן עק פון דער קאלדרע און מיט א שמייכעלע זיך אנגעשפיגעלט. אויפ'ן ענטבלויזטען האלז זיינען גע־ שטאנען בולט בלויע אדערלעך. אין דעם ניט גרויסען, לענגליכען קאפ איז געווען עפעס אזעלכעס, וואס האט דערמאהנט אן א ציעג, דאס מויל איהרס איז געווען דין, דער קינד שפיצידיג, די אויגען ברוי־ נע, אזעלכע ווי די האאר, אבער איבערגעצויגען מיט א געלקייט. די דורכזיכטיגע בלאסקייט און דער שמייכעל האבען צוגעגעבען צו איהרע זיעבען און צוואנציג יאהר א נייעם חן, א נייעם יוגענד.

א לאנגע צייט איז זי אזוי פערבליבען פערטיעפט אין בעטראכ־ טען זיך אליין, און איהר איז זעהר געפעהלען געווארען לאנגזאם אוועקטראגען פון זיך דאס שפיעגעלע און בעאבאכטען ווי איהר גע־ שטאלט פערשווינדעט אין דער לייכטער בלויקייט, פונקט ווי אונטער א בלוי־וואסעריגער דעק, און ערשיינט ווייעדער. א פוסטער שטאלץ, דורכגעוועבט מיט דאגה, האט זי אין גאנצען בעהערשט. זי האט

בעמערקט א סך איינצעלהייטען, אויף וועלכע זי האט פריהער קיין מאל ניט אבגעשטעלט איהר אויפמערקזאמקייט. צום ביישפיעל, א גע־בוירענעם פלעק אויפ׳ן לינקען שלייף, א שראם, וועלכער האט איבער־געהאקט איינע פון איהרע ברעמען. לאנג, לאנג האט זי נאך אזוי גע־קוקט אויף זיך. נאכהער, זייענדיג איבערפולט מיט פרייד, האט זי אנגעהויבען זוכען עפעס אן אנדערע צייט פערטרייב.

די שויט, וועלכע זי האט געהאט געפונען אין שיפלאד, איז צור־פיקעט געווארען אויף צוויי האלבע און אינעווייניג איז געווען אנגע־זעצט מיט שווארצליכע זוימען. יעדער קערענדעל האט געהאנגען אויף א גאר דינענקען, זילבער ווייסען האארעלע. ארסאלא האט א בלאז גע־טהאן אויף דער שויט און אין דער לופט האט זיך אויפגעהויבען א גאנצער וואלקען פון פינקלענדע, מיט א פוך ארומגענומענע זוימען, וועלכע זיינען ארומגעלאפען פונקט, ווי זיי וואלטען געהאט פליעגעל, אדער זיי וואלטען געווען קליינע אינסעקטען, אדער אונבעמערקבארע שטיקער פון ווילד־געגנזענעם פוך. זיי האבען זיך געדרעהט אין דער לופטען, ארונטערגעפאלען און זיך אוועקגעזעצט אויף ארסאלא׳ס האאר פערטשעפעט זיך אן איהר געזיכט און זי בעדעקט פון קאפ ביז די פיס. זי האט געלאכט, פערטהעדיגענדיג זיך פון דעם זאנדערבארען איבערפאל און האט אנגעווענדעט אלע איהרע קרעפטען ארונטער־צוטרייבען דעם פוך, וועלכער האט געקיצעלט איהר הויט, אבער דער־פאר וואס זי האט געלאכט האט זי איהם געקענט ארונטערבלאזען.

זי האט זיך ענדליך אוועקגעווארפען אויפ׳ן בעט, און דער „שנעע" האט אנגעהויבען לאנגזאם ארונטערלאזען זיך אויף איהר. זי האט האלב צוגעמאכט די אויגען, אום דאס זיסע געפיהל זאל זיך ציהען און ציהען וואס לענגער. און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, ווערענדיג בעהערשט פון א דרימעל, האט זי געפיהלט ווי זי זינקט אין א הויכען פוכענעם געלעגער. אין צימער אריין האט אריינגעדרינגען א בלאסע שיין פון יענע מאראצאווע טעג. ווען די זונן לאכט עקשנות׳דיג.

קאמילא האט געטראפען די שוועסטער שלאפענדיג מיט׳ן שפי־געלע לעבען קישען און מיט פוכעלאך אין די האאר.

— א, יעזוס! א, יעזוס! — האט זי געשטאמעלט אין א אן אויסברוך פון ביטערע ליידען.

זי איז געקומען פון דעם קלויסטער, וואו זי האט געזונגען הייליגע

מזמורים און געהערט פרעדיגען איבער דער בשורה, וואָס דער מלאך האָט אָנגעזאָגט דער „הייליגער בתולה". דאָס ליידענשאַפטליכע שעהן ריידען פון דעם מאָנאך — פרעדיגער האָט זי ווי פער׳שיכור׳ט, און אייניגע פון זיינע פּאַרזיכטיגע ווערטער האָבען נאָך געקלינגען אין איהרע אויערען.

אין דיעזען מאָמענט האָט זיך ארסאלא אויפגעכאַפּט און א זיס־לוסטיגען געגעץ געטהאָן.

— א, דאָס ביסט דו, קאַמיליא? — האָט זי געזאָגט אַביסעל צומישט, דערזעהענדיג די שוועסטער לעבען זיך.

— יא, דאָס בין איך, דאָס בין איך! דו רואינירסט זיך, אונ־גליקליכע, דו רואינירסט זיך! — האָט זיך די פרומע קאַמילא צוביי־זערט, אָנצייגענדיג אויפ׳ן שפּיעגעלע — דו האלסט אין האנד איינע פון דעם טייוועל׳ס געוועהר . . .

און זי האָט זיך צולאָזט העכער און העכער, זי געמוסר׳ט מיט פלאַם פייערדיגע ווערטער און געדראָהעט מיט׳ן גיהנום.

ארסאלא האָט גאָר ניט פערשטאַנען, ווייל קאַמילא׳ס דרשה האָט זי פערטויבט.

אויפ׳ן פּלאַטץ האָט זיך פּלוצים דערהערט א מיליטערישע טרומ־פּייטען מוזיק.

## 7.

דאָס לעצטע צימער אין הויז איז געוועזען ענג און ניעדעריג. די באַלקעס אויף דער סטעליע זיינען געוועזען שווארץ פערראויכערט, די לופט — אָנגעזאַפּט מיט די ריחות פון ציבעלעס, פון פּאַמויניצע און אויסגעלאָשענע קוילען. דונקעלע, מרה שחורה׳דיג אויסזעהענדיג קופּערנע פאַנען זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין אָרדנונג אויף די פּאָליצעס. אויפ׳ן טיש זיינען געשטאַנען פּאָרצעלייענע שיסלען בעמאָה־לען מיט בלומען, מיט פויגעל און פרעהליכע, לאַכענדע געזיכטער, ארום זיינען געשטאַנען אַלטע קופּערנע לאָמפּען, לעדיגע פלעשער, בלעטלאך פון פערוויאַגיטע גרינוואַרגס; איבער אַלעס, ווי א בעשיצער,

האָט געהערשט סאַן ווינטשענצא, וועלכער איז געווען אויסגעמאָהלען מיט אַ בוך אין האַנד און מיט אַ רויטען פלאַם איבער׳ן קאָפּ.

אין דער פריהערדיגער צייט פלעגט ארסאלאן, שטעהענדיג צווי־שען די פּאַרעס אין קיך, פּאַסירען צו הערען דורכ׳ן פענסטער פערשיע־דענע לוסטיגע ליעדער, וועלכע פלעגען אונטערבראָכען ווערען פון הילכידיגע געלעכטערס. די ליעדער און דאָס געלעכטער פלעגען זיך הערען העכער און דייטליכער אין די זומער אבענדען. גיטארען און שטארקע טענץ פלעגען זיי בעגלייטען. עס איז געווען ששון ושמחה. אין געוויסע שטונדען פלעגט ראָם רוישיגע, לוסטיגע, אויסגעלאַסענע שענק לעבען זיך צוטראָגען העט ארויף צום איינזאמען, מיט תפלות אָנ־געזאַפּטען וועלטעל און די אָרימע „כלות״ פון קריסטוסען האָבען אויפגעציטערט פון פּחד און זיך איינגעבויגען צו די טעפּ און פּאַ־נען, אין וועלכע עס האָט זיך געקאָכט די מאָנאַכען׳ס מאָהלצייט, בע־שטעהענדיג פון כל מיני ירקות. אָבער יעצט, מיט׳ן אָנקומען פון איי־נער און פרעהליכער צייט, האָט ארסאלא דערפיהלט אַ חשק און אַ תאוה ארויסצוקוקען אין פענסטער.

עס איז געווען אַ זונטאָג. קאמילא איז אין דער היים ניט געווען. דער אָנקומענדער אַפּריל האָט צוגאָסען אין דער לופט אַן איינגענעהמע ווארימקייט, און אין דיעזער לופט האָט די „געהייליגטע יונגע פרוי״ פולער און דייטליכער אנערקענט איהר אויפלעבונג.

זי האָט זיך ארויפגעשטעלט אויף אַ בענקעל, נאָר איידער זי האָט פּאָספּייעט אַ קוק צו טהאָן אין פענסטער, האָט זי אָנגעכאַפּט אַ מורא און אַ ציטער און זי האָט זיך ארומגעקוקט, אום זיך איבערצו־ציייגען, אַז קיינער וועט זי ניט כאַפּען . . .

שטיל און רוהיג איז אַלעס ארום געווען, בלויז טראָפּענס וואַסער האָבען ווען ניט ווען ארייגגעקאַפּעט אין אַ טאַץ און זיך געלאָזען הע־רען. און פון דרויסען האָבען זיך פערנארעריש און צוציהענד צוגעטראָ־גען שטימען.

ווען זי האָט זיך אביסעל בערוהיגט, האָט זי ארונטערגעקוקט. אין געסיל איז נאָך דעם רעגען געוואָרען אַ בלאָטע, עפּעס אַ זאָנדער־באַרע מין בלאָטע, אזעלכע, וואָס מען קען נאָר זעהן אין ענגע, פער־וואָרפענע, פערשמוציגטע געסלעך, אַ בלאָטע, וואָס האָט בעדעקט דאָס גאַנצע געסעל, אויף וועלכען עס האָבען זיך געוואַלגערט אָבגעריסענע

שטיקלאך גרינגווארג, שאלעכץ פון פרוכטען, שמאטעס, אויסגעטראָ־
גענע שיך — מיט איינעם וואָרט די אַלע „שיריים”, וועלכע די אָרעמ־
קייט שלײדערט ארויס אויף דער גאַס. איבער דער קאַליוזשע, אין
וועלכער די זונן האָט צולעגט און צושפּרייט פערשיעדענע אינסעקטען
און אנשטעקונגס גיפט, איז געשטאַנען א רייהע קליינינקע, ניעדעריגע
שטיבעלאך, פעסט צוגעדריקט צו דער קאַזארמע. און אין דער זעל־
בער צייט זיינען אַלע פענסטערלאך און אַלע לעבער געווען פול מיט
גרויסארטיגע בליהענדע בשמים, און פון הינטער דיעזע בשמים און
בלומען האָבען ארויסגעקוקט פערוועלקטע און אָנגעפּארבטע פּנים׳ער
פון „אונ־נויטהיגע” פרויען און עס האָבען זיך פון דאָרט געטראָגען
לוסטיגע זנות ליעדער און א הייזעריגער, אויסגעלאַסענער געלעכטער.
אונטען, אויף דער סאַמע גאַס, אונטער די מיט אייזערנע גראַטעס
פאַרשטעלטע פענסטער פון דער קאַזארמע, זיינען געשטאַנען אַנדערע
און איינגעטענה׳ט מיט די סאַלדאַטען, מאַניענדיג זיי צו זיך. און די
סאַלדאַטען, אין וועמענס בלוט דער פריהלינג האָט אויפגעוועקט אַלע
ווענערישע תאוות, האָבען געשטרעקט די הענט דורך די גראַטעס אום
צופריעדען צו שטעלען זיך כאַטש מיט א טאַפּ, מיט א לייכטער בע־
ריהרונג און מיט אָנגעצונדענע אויגען געפרעסען די פרויען, וועלכע
זיינען געווען רואינירט אויף אייביג דורך זייער לאַנגיעהריגער אויס־
געלאַסענהייט.

ארסאַלא איז געבליבען פערשטיינערט זעהענדיג דאָס שרעקליכע
בילד פון זינד און אויסגעלאַסענהייט, פון דער ניעדריגקייט און פּאַר־
ליקייט, וואָס איז דאָרט אונטען בעגאַנגען געוואָרען ביי די העלע
שטראַהלען פון דער אין מיטען טאָגיגער זונן. זי האָט ניט געוואָלט
אוועקגעהן פון דעם פענסטער. עס האָט זיך איהר ניט געגלוסט אָבצור־
רייסען זיך פון דער בילד, וועלכע האָט געוועהטאָגט, גערייצט און
געקיצעלט, נאָר אויפהויבענדיג די אויגען, האָט זי בעמערקט ווי א
בלאָנדער יונגער מאַן שטעהט אין דאַך פענסטעריל פון דער קאַזארמע,
קוקט אויף איהר און לאַכט און זי איז א פערשעהמטע ארונטער גע־
שפּרונגען פון דעם בענקעל. זי איז געוואָרען נאָך בלאַסער, ווי פריהער:
זי האָט דערהערט קאַמילא׳ס קול. א דערשראָקענע, קוים אָבגעכאַפּט
דעם אָטהעם, ווי אימיצער וואָלט איהר זיך נאָכגעיאָגט, מיט דראָהונ־
גען, איז זי אריין צו זיך אין צימער און זיך פערגראָבען אין בעט.

8.

פון יענעם טאָג אָן האָט זי דער יצר הרע יעדע שעה, יעדע מינוט, וואָס קאמילא איז ניט געווען אין דער היים, געצויגען און גע־שלעפּט. אין אָנפאנג האָט זי געקעמפּפט מיט זיך, אָבער זי האָט זיך געלאָזט לייכט בעזיעגען. זי איז געגאנגען אהין, ווי אויף א ליעבעס פעראָברעדונג, און לאנג פערבליבען דאָרט, בעהאלטענדיג זיך הינטער'ן פאָרהענגעל.

מיט אַן אָנגעשטרענגטער ריאה האָט זי פּרובירט אריינדרינגען אין די וואוינונגען, הינטער די בלומען און בשמים, פּרובירט אויסצו־קוקען דאָרט עטוואָס נייעס. די זונן האָט געברענט און געמאָטערט; אין דער לופט האָבען זיך געטראָגען אינסעקטען קופּעסווייז. איבער דער גאס איז דורכגעגאנגען א מאַן און פון די פענסטער האָבען זיך געהערט איינלאַדונגען... פרויען מיט ענטבלויזטע ברוסטען האָבען ארויסגע־קוקט און זיך פאָרגעשלאָגען... דער מאַן איז פערשוואונדען מיט זיין ערוועהלטער... אין איינע פון די פינסטערע טהירען, און דיא ענ־טוישטע האָבען בעגלייט דאָס פּאָארעל מיט לצנות און געלעכטער.

ארסאלא האָט זיך אָנגעצונדען מיט א פייער. די נויטהווענדיג־קייט פון ליעבע, וועלכע איז פריהער געווען פערדעקט, בעהאלטען, האָט יעצט ארומגעכאַפּט איהר גאנצעס וועזען, זיך פערוואנדעלט אין א צער, אין א אויפהערליכען, ווילדען ליידען.

זי האָט דערפיהלט אין זיך א שטראָמען פלוס פון הייסען גע־זונד; די פלעצליכע לעבענסלוסטיגע שטימונגען האָבען געמאכט איהר בלוט לויפען שנעלער און פעסטער, איהר ברוסט זיך הויבען אָפטער און שטארקער און ארייגעלעגט אין איהר מויל געזאנג און ליעדער. אמאָל פלעגט זיך מאכען, אז דאָס קלענסטע קלייניגקייט: א בלאָז אין דער לופטען, א טרייסעל, א שאָרך אין דער איינגעשלאָפענער, אונ־טער די זונען שטראהלען'ס לאַסקעס, אטמאָספערע; א ליעד פון אַן אָרימאַן, א בעטלער, עטוואָס אָהן ממשות'דיגעס, איז שוין געווען גע־נוג צו מאכען זי אונרוהיג און ארויפציהען אויף איהר א מרה שחורה און

צו דער זעלבער צייט פיהלען, ווי א סאמעטענער, לאסטשענדער ציי־טיגער אפריקאם זאל זיך גליטשען איבער איהר לייב... אין אזעלכע מינוטען פון פערבארגענעם גליק, האט זי געשוועבט איבער אונבע־וואוסטע טיעפענישען פון פערגניגען. די אויפגערעגטע צוריקגעהאל־טענקייט, דאס אונגעוועהנטע ארויסשלאגען זיך פון די כחות, די שטענדיגע נערווען אנשטרענגקייט האבען זי געבראכט צו א טעמפען, פערטומעלדיגען מעמד, עהנליך אויף דער ערשטער מדרגה פון שכרות. די פערגאנגענהייט האט זיך בעהאלטען, געזונקען אין דער טיעפעניש פון איהר זכרון און מעהר זיך ניט בעוויזען. צו יעדער צייט, אויף יעדען פלאטץ זיינען ארום איהר געווען פערשפרייט נעצען פון בייגקעניש, פון חשק און פון תאוות. די קדושים אויף די ווענט, די צניעות, דאס בילד פון דעם געקרייציגטען קריסטוסען, די קליינע משונה׳דיגע וועקסענע פיגורען, אלעס, אלעס האט ביי איהר אין די אויגען אנגענומען אינערליכע זינדיגע פארמען... אלע געגענשטענדע האבען זי געברענט און געבראטען, ווי מיט הייסען פייער.

— נו, יעצט מעג איך שוין ארויסגעהן אין גאס — האט זי צו זיך געזאגט, ניט זייענדיג מעהר אין כח אויסצוהאלטען.

אבער די הענט האבען איהר אנגעהויבען ציטערען, ווען זי האט געוואלט אויפמאכען די טהיר. זי האט זיך צוריק אומגעקעהרט און זיך אוועקגעווארפען אויפ׳ן בעט א טויט בלאסע און שיעור ניט גע־ריהרט פון זינען, פערפאלגט פון דעם שרעקליכען אויסזעהן פון דעם מאן....

## .9

אום זונטאג, ווען עס איז געווען דער יום טוב לכבוד יעזוס׳עס אריינקומען קיין ירושלים, איז זי צום ערשטען מאל ארויסגעגאנגען. קאמילא האט בעשלאסען צו פיהרען זי, אום זי זאל אבדאנקען גאט פאר דער רפואה, וואס ער האט איהר צוגעשיקט. די גלעקער האבען אנגעהויבען קלינגען און ארסאלא איז צוגעגאנגען צום פענסטער. די גאנצע געגענד איז געווען איינגעטהיילט אין א יום טוב׳דיגע פרייד.

אלעם האָט געשטראַהלט און געשמייכעלט מיט „פּסח". די גאַסען זיינען דורכאויס געווען בעדעקט מיט צווייגען פון אוילבירטה בוימער.

זי מוז זיך אָנטהאָן יום טוב'דיג — וואָרום די מענשען, וואָס געהן פערביי, וועלען דאָך געווים קוקען אויף איהר. פּלוצים האָט זי דער־פיהלט א פערטומלונג, וועלכע האָט זיך אָוועקגעשלעפּט וויים, וויים... זי האָט זיך פערמאַכט אין צימער און אָנגעהויבען זוכען אין קופערט די ליכטיגסטע קליידער. מיט אַ שאַרפען קאַמפער ריח זיינען געווען אָנגעזאַפּט אַלע בגדים: — ברייטע, לעפּישע זיידענע קליידער מיט בלימעלאַך, — וועלכע יונגע פרויען האָבען אַמאָל געטראָגען אויף קרינאַלינען — קליידער מיט ברייטע אַרבעל און לאַנגע טאַליעס; גרויע מענטעלאַך מיט בעפּוצונגען פון ווייסע שפּיצען; קאָלדרעס אויסגע־נעהט מיט זילבער, דורכזיכטיגע קעלנער פון דיענער זאַנע. דאָס אַלעס האָט שוין ניט געטויגט צום טראָגען, עס איז געווען אַלט־מאָדיש און פערשימעלט.

פּונקט ווי זי וואָלט געפיהרט געוואָרען פון עפּעס א נייעם אינס־טינקט, האָט ארסאלא פּאָרטגעזעצט צו רויען זיך אין די זאכען און אויף איהרע הענט איז פערבליבען דער קאַמפאַר ריח. די אַלע לאַ יצלח'ע זיידענע שמאַטעס האָבען זי שרעקליך אויפגערעגט און עס איז איהר געווען א גרויסער פערדרוס. זי האָט גאָר ניט געקענט געפינען וואָס זאָל ווי אַזוי שוין ניט איז פּאַסען צו איהר פיגור. זי האָט מיט כעס פערקלאַפּט דעם קופערט. די גלעקער האָבען אָנגעהויבען קלינגען צום דריטען מאָל. זי האָט אויף גיך אין קאמילא'ס געגענוואַרט ארויפ־געכאַפּט אויף זיך איהר איינפאַך, אָרעם, טאָג טעגליך קליידעל, וואָס האָט געהאַט אַן אַש גרויען קאָליר און געביסען איהרע ליפּען כדי איינצוהאַלטען די טרעהרען.

די גלעקער האָבען גערופען. די בינטלעך פּאַלמען צווייגען האָבען צוגעגעבען דער גאַס אַ כוואַלענדען און זילבעריגען אויסזעהן. איבער יעדער קופּקע גאָט בעטערם האָט זיך אויפגעהויבען אַ צווייגען וואַלד. און פון די וועלדער האָט זיך אין דער לופט פערשפּרייט דאָס ריינע גוטסקייט פון קריסטוס'ען, פּונקט ווי דער איש גליל, דער אָרימער, צאַרטער קעניג זאָל זיך דערנעהנטערען רייטענדיג אויף אַן עזעל, ארומ־גערינגעלט מיט אַ מאַסע זיינע תלמידים, און בעגעגענט מיט כבוד פון דעם בעפרייטען פאָלק.

אין קלויסטער האָט זיך געשטופּט אַן אונגעהייערע גרויסע מאַסע בעשאָטענד מיט אַ פּאַלמען וואַלד. אין דער גרויסער ענגשאַפט האָט זיך ארסאלא אָבגעריסען פון דער שוועסטער. זי איז געבליבען איינע אליין צווישען פערשיעדענע בעריהרונגען, שטויסונגען און אָטהעמס. זי האָט פּרובירט זיך דורכשלאָגען אַ וועג. איהרע הענט האָבען בעגע־גענט מאַנסבילשע זייטען און אַנדערע הענט, די בעריהרונג פון וועל־כע עס האָט זי צומישט. אין אוילבירטהה בלעטיל האָט פערטשעפּעט איהר פּנים, אימיצענס אַ קניע האָט איהר פערשטעלט דעם וועג, אונבע־קאַנטע האָבען געדריקט און געפּרעסט איהר ברוסט, איהרע פּלייצעס און איהרע זייטען. אין די וואָלקענס פון ווייראַך, אונטער דעם שאָ־טען פון די הייליגע פּאַלמען, אין דעם מיסטישען האַלב דונקעלהייט, אין דער גרויסער פערזאַמלונג פון קריסטען און קריסטינס, האָבען זיך אָנגעצונדען קליינע ליידענשאַפטליכע פונקען, די געהיימע ליעבע האָט זיך בעגעגענט... און זיך איבערגעביטען.... קריסטליכע מיידלאַך מיט פּאַלמען אין די הענט זיינען פערבייגעגאַנגען ארסאלאַן און אַ לויפענדער שמייכעל האָט געבליצט אין די ווינקלען פון זייערע אוי־גען, אַ שמייכעל, וועלכער האָט זיך געווענדעט צו די פון הינטען אָבוואַרטענדע ליעבהאָבערס. ליעבע און ליעבע איז געווען אַרום און אַרום און ארסאלא איז געשטאַנען ווי אַ מחיצה צווישען די הענט־דריקונגען און אומאַרמונגען. אָבער עפּעס פון די ליעבע לאַסקעס האָט אריינגעדרינגען אין איהר בלוט אריין. אויף איין פּלאַץ האָט זי זיך בעגעגענט פּנים אל פּנים מיט דעם בלאָנדען סאָלדאַט. זי האָט כמעט ארויפגעלעגט איהר קאָפּ אויף זיין ברוסט, וואָרום דאָס געדרענג פון דער מאַסע האָט זי צוגעדריקט צו איהם. זי האָט אויפגעהויבען די אויגען, און דער יונגער מאַן האָט אַ שמייכעל געטהאָן פּונקט אַזוי, ווי אין יענעם מאָל, ווען זי האָט איהם געזעהן אין דאַך־פענסטער פון דער קאַזאַרמע. דער רויך פון דעם ווייראַך האָט זיך צושפּרייט אין אַ געדיכטען וואָלקען, און דער דיאַק האָט געזונגען, און דאָס כאָהר האָט אָבגעענטפערט.

דערמיט האָט זיך ערקלעהרט דער אָנפאַנג פון דער פּראָצע־סיאָן און צווישען דעם עולם איז געוואָרען אַ בעוועגונג. ניט אָבגע־בענדיג זיך קיין רעכנונג, ניט טראַכטענדיג פון קיין זאַך, האָט זיך ארסאלא צוגעדריקט צו דעם מאַנספּאַרשוין, פּונקט ווי זי וואָלט שוין

בעלאנגט צו איהם. זי האט געפיהלט, אז די ארומגעהמענדיגע הענט טראגען זי כמעט אין דער לופטען, זי האט געפיהלט זיין אטהעם, פון וועלכען עס האט זיך אבגעגעבען א לייכטער ריח פון טאבאק. אזוי איז זי געגאנגען א מאכטלאזע, כמעט א בעוואוסטלאזע, אבגעבענדיג זיך אין גאנצען דער פלעצליכער תאוה, ניט זעהענדיג פאר זיך קיין זאך אויסער די בלענדענדע שיין.

דער קסיאנז מיט דער רויך־פאן אין האנט איז ארויסגעגאנגען פון דעם הויפט אלטאר און האט צוגאסען צווישען עולם וואלקענס פון בלויען, שמעקעדיגען רויך, און אין דעם מיטעלסטען טהייל פון קלויס־טער האט זיך צו־וויקעלט די שנעע ווייסע פראצעסיע. אלע האבען גע־טראגען אוילבירטהה צווייגען אין די הענט און האבען געזונגען.

## 10.

די גאנצע לייד־וואך (די וואך פאר דעם קריסטליכען פסח) איז געווען אן ארויסהעלפערין צו ארסאלא'ס ליעבע. די קלויסטערס זיינען געווען איינגעטהיילט אין דער האלב־דונקעלהייט פון די לייד־טעג. די קרייצען מיט יעזוס'עס קערפער אויף די אלטארען זיינען געווען פערהאנגען מיט פיאלעטעווע צודעקען; ארום די הייליגע טרונעס זיי־נען געשטאנען הויכע ווייסע פלאנצען. אין דער לופט איז געשטאנען א שווערער ריח פון בלומען און רויכעריגער סמאלע.

דארט האט ארסאלא געווארט, שטעהענדיג אויף די קניען, ביז לייכטע טריט פון הינטען האבען זי ניט געמאכט א ציטער טהאן. אומ־קוקען זיך האט זי ניט געוואגט, ווארום זי האט געוואוסט, אז קא־מילא גיט אויף איהר אכטונג, אבער זי האט געפיהלט ווי דעם מאן'ס קוק נעהמט זי ארום, פונקט ווי א פייערדיגער פלאם, און א ווייכע תאוה האט זי ארומגעכאפט. זי האט געקוקט אויף די ליכט, וואס זיי־נען געשטאנען אויף א הילצערנע דרייעקיגע פיגור איבער'ן אלטאר. די פריסטען האבען געזונגען, שטעהענדיג פאר א גרויסען בוך, און די ליכט זיינען אויסגעלאשען געווארען איינס נאכ'ן צווייטען. פון דער טיעפעניש פון דער ביי־קירכע האט זיך צוגאסען א פינסטערניש איבער

דעם עולם גאָט בעטערס. ענדליך, איז דאָס לעצטע ליכט פערלאָשען געוואָרען; פון אַלע בענק האָט זיך דערהערט דאָס אָבקלאַפּען פון די גרינע צווייגען. ארסאַלאַ האָט דערפיהלט ארום זיך צוויי שטארקע הענט זוכענדיג זי און זי האָט זיך אויפגעהויבען א מאכטלאָזע. נאָכ־הער, ווען זי האָט פערלאָזט די קירכע, האָט זי דער געדאַנק, אַז זי האָט פערשמוצט די הייליגקייט, אָנגעפילט מיט א ביטערער חרטה. עס האָט זי אָנגעכאַפּט א פחד, אַז גאָט וועט זי שטראָפען. און שפּע־טער האָט זי ווי געזונקען. אין א טיעפען שלאָף, אין וועלכען דאָס בלאַ־סע הייליגע געזיכט פון דעם טויטען קריסטוס, אי דער שאַרף פון די גרינע צווייגען, וואָס האָבען זיך אָבגעשלאָגען אין די בענק, אי דער שווערער גערוך פון די בלומען, אי דער אָטהעם פון דעם בלאָנדען מאנספערשוין האָבען זיך אויסגעמישט אין א דאָפּעלט געפיהל פון פרייד און לייד, אין אַן אמת׳ן „ויחד“.

.11

נאָר, ווען יעזוס איז טריאומפירענד און בשלום ארויף אין הימעל, זיינען שוין די קירכע און די פסח׳דיגע בשמים ריחות מעהר ניט גע־ווען די שוטץ און די טרייסט פון ארסאַלאַ׳ס ליעבע. די ליעבע האָט זיך דאָן איבערגעפיהרט אין קעניגרייך פון טויבען און קעץ. דורך דעם דאַך פענסטעריל האָט זי בעקומען ליעבע, צאַרטע סימנים. און די מחיצה צווישען איהר און איהם אונטען איז געווען אַן „אוננויטהיג“ הויז, וועלכעס איז געווען צולעגט ווי א קאַנאווע פון בלאָטיגע וואסער, אויף די ברעגען פון וועלכער עס האָבען געוואקסען בשמים, געשפּייזט מיט נוליע. טויבען זיינען געפלויגען און זייערע פעדערלאַך האָבען זיך איבערגעגאָסען אין גרויען און ווייסען.

דער געליעבטער האָט געהאַט א שעהנעם אַנטיטשנעם נאָמען — מען האָט איהם גערופען מאַרטשעלאָ. ער האָט געשיקט בריעף, פול מיט אייביגען פייער, בעשטעהענדע פון שטורמדיגע פראַזען, וועלכע האָבען געבראַכט די פערליעבטע אין א צושטאַנד פון אונאיינגעהאַלטענער ליידענשאַפטליכער תאוה. ארסאַלאַ האָט געלייענט דיעזע בריעף בסוד,

און טאָג און נאַכט זיי געטראָגען אויף דער ברוסט. פון דער וואַרעמקייט פון דעם קערפּער האָבען זיך די בלויע בוכשטאַבען אָבגעזיגעלט אויף איהר הויט. — דאָס איז געווען אַ צאַרטליכע אויסשטעכונג פון פיגורען אויף'ן לייב, אין וועלכע עס האָט זיך ענטהאַלטען דער קוואַל פון איהר פרייד. איהרע ענטפּפערס זיינען געווען אָהן אַ מאָס און אָהן אַ גרענעץ: די גאַנצע רייכקייט פון די פלאַמענדע פּסוקים תהלים דאָס גאַנצע איינגעהאַלטענע געפיהל פון אַ פּערזעסענער מויד, האָט זיך אויסגעגאָסען אויף געווירעטען פּאַפּיער ארויסגעריסען פון די שרייב ביכער פון דער שוהלע. בשעת שרייבען פלעגט זי אַרומגעכאַפּט ווערען מיט אַזעלכע כוואַליעס הייסע ווערטער און ברענענדיגע אויסדריקע, אַז זי פלעגט בלייבען זיצען ווי פערטומעלט און לאַנג לאַנג זיך פערגעסען, ניט וויסענדיג וואָס צו שרייבען. דער גרויסער שטראָם פון געהיימניספּאָלען ליריזם, וועלכער האָט זיך אין איהר אָנגעקליבען מיט די פיעלע יאָהרען רעליגיעזע, תפלות'דיגע איבערגעבענהייטען צום הייליגען חתן, האָט זיך יעצט דורכגעבראָכען, זיך בעפרייט מיט אירדישע ליעבע, און דער אָבשיין פון דער אָפּענער, פרייער וועלט האָט איהם צוגעגעבען אַ נייע זיסקייט... און די געדאַכטע און געטראַכטע תפלות לכבוד דעם אַלער הייליגען יעזוס'ען האָבען זיך פערוואַנדעלט אין אַן ערוואַרטונג פון פרייד דורך קערפּערליכע אומאַרמונגען. די איבערגעבענהייט פון דער אונבעפלעקטער נשמה צום הימלישען גוטס האָט זיך פערביטען אויף צאַרטע קערפּערליכע תאוות, וועלכע זיינען געלאָפען אַקעגען די פערלאַנגען פון דעם בלאָנדען יונגען מאַן... און די ליעבע ערוועקענדע שיין פון דער לבנה האָט זיך אויסגעשטאַטעט מיט די אַלע אותיות און שמות, פון וועלכע די קרוין פון דעם הייליגען גייסט איז געשאַפען, און די פריהלינג ווינטעלעך האָבען אוועקגעבלאָזט די בשמים ריחות פון די קירכען.

## .12

זייער שליח איז געווען איינער פון יענע מענשען, וועלכע ווערען געבאָרען ווי די פּאַציריצעס, פון דעם פייכטקייט און ווילגאָרנעקייט פון די שמוציגע גאַסען, און וועלכע מיט זייער גאַנצען אויסזעהן צייר־

גען אָן זייער אבשטאמונג פון שמוץ; איינער פון יענע, וועלכע קרי־
כען איבעראַל, שטופּען זיך אומעטום, וואו זיי זעהן נאָר די מעגליכ־
קייט אריינצוכאַפּען א מטבעה, עפּעס א שמוציגען ביסען, אָן אַלטע
שמאטע. היינט איז ער א סוחר פון אַלטע זאכען, מאַרגען א מעקלער
פון דיענסטען און א פערמיטלער פון אונגעטרייע פרויען. היינט איז
ער בעשעפטיגט מיט שווינדלעריי, מאָרגען — מיט כאַפּען הינט.

ער האָט געהאט א מעלאָדראמאטישען נאָמען — לינדארע;
און פון דעם שפּיטאַל קווארטאַל ביז דער פעסטונג סיינט אגאסטינא
איז ער געווען זעהר פּאָפּולאר. לינדארא האָט אָבגעשטאמט פון דער
פערבינדונג פון אָן ארומשלייענדען מוזיקאנט און א סעדורע. פון דעם
טאטען האָט ער גע'ירשנ'ט דעם אינסטינקט פון אָן ארומשלייענדען
בראָדיאגא, פון דער מאמען—די ליעבע צו קארגשאפט. אין אָנפאנג האָט
ער זיך מיט א בעזים אין האנד און מיט א קויש אויפ'ן קאָפּ ארומ־
געשלעפּט פון הויז צו הויז, גראָבענדיג און רויענדיג זיך אין די מיס־
טען; נאָכהער איז ער געוואָרען א משרת אין א קיך פון אָן אָרימען
שענקעל, וואו סאָלדאטען און מאטראָזען האָבען איהם אויסגעפּליר־
כעט אין פּנים אריין די ניט דערטרונקענע משקה פון די גלעזער. פון
דעם שענק האָט ער זיך אריינגעפּאקט אין א פּעקארנע, וואו ער האָט
די גאנצע נאכט געמוזט איבערקעהרען דאָס ברויט אין אויוועז. נאָכ־
הער איז ער געוואָרען א דיענער ביי די גאסען לאַנטערענס און האָט זיך
אויסגעלינקט אָן אַקסעל מיט א שווערען לויטער. נאָכדעם, ווען מען
האָט איהם אָוועקגעטריבען פאר גנב'ען קעראָסין, איז ער גאָר געוואָ־
רען א סוחר פון אלטע קליידער, געקויפט און פערקויפט; געטהאָן אין
די סאמע שמוציגסטע הייזער אַלע שמוציגע זאכען, וואָס מען האָט
איהם נאָר בעפוילען, זיך אָנגעשלאָסען אַלס מעקלער... און אזוי
זיך פערדיענט אויף דער חיונה.

יעדער „טשין" האָט אויף איהם געלאָזט א שפּור, אי אויסערליך,
אי אינערליך, צוגעגעבען איהם די אָדער יענע געוועהנליכע בעוועגונג,
אָן אונאָרדנונג פון עפּעס אָן אבר, א מאָזאָל, א וואולגארישע, ציניש
פראזע. ער איז געווען א קליינער, א דארער, מיט א גרויסען, כמעט
אין גאנצען פּליכעוואטען קאָפּ מיט בינטלאך שיטערע האָאר אויף די
בעפרישטשעטע באקען. זיינע קליידער האָבען זיך אויסגעצייכענט

מיט זייער „עפלעקטקייט און פערשיעדענארטיגקייט. אלע מאָדעס האָט מען אויף איהם געקענט געפינען, און אלע קאָלירען. ער איז געווען א קרעמער פון אלטע בגדים.

.13

און אזוי האָט ער יעצט אויף זיך גענומען די ראָלע אלס מעקלער און שליח. צוזאמען מיט די עמערס וואסער, וואָס ער האָט געטראָגען אין הויז אריין האָט ער אויך געבראכט ארסאלא'ן בריעף פון מארטשעלא, און מיט די לעדיגע עמער האָט ער אויך אוועקגעטראָגען איהרע ענט־פערס. פערציטערט און בלאָס פלעגט ארסאלא ווערען, ווען זי האָט דערהערט זיינע טריט אויף די טרעפּ, און האָט זיך געסטארעוועט אונ־טער עפּעס אַן אויסרייד משלח צו זיין קאמילען, כדי זי זאָל קענען זיין איינע אליין מיט דעם שליח פון פרייד. צווישען איהר און דעם שליח איז געוואָרען עפּעס גאָר אַן אנדער קרבות, זיי האָבען זיך איבערגעביטען מיט בליקען, וועלכע האָבען גערעדט צווישען זיך, ווי א פערשטענדיגע שפּראך, זיי האָבען גערעדט צווישען זיך מיט יענע קוים הערבארע, האַלבע ווערטער, וועלכע פערבינדען אויף אייביג פּערזאָנען, וואָס נעה־מען אנטהייל אין אַן אלגעמיינעם שווינדעל. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז אין ארסאלא'ס ליעבע האָט זיך אריינגעכאַפּט לינדארא'ס געמיינ־הייט.ווען ער איז געקומען אין דער צייט, וואָס קאמילא איז ניט געווען אין דער היים, האָט זי איהם פערוואָרפען מיט פראגען, צוגעגאנגען זעהר נאָהענט צו איהם און, אליין ניט בעמערקענדיג, ארויפגעלעגט איהר האַנד אויף זיין אַקסעל. לינדארא האָט געגעבען זיין צונג די פולע פרייהייט, גענוצט ווערטער פון דעם גנבה'ישען, ניאוף זשארגאָן און געגעבען אונפערשעהמטע אַנצוהערענישען, ביטרע און פּאָדלע גע־לאַכט, געמאַכט צווייזייטיגע מינעס און בעוועגונגען און צוגעקנאקט מיט דער צונג.

ער האָט אויסגעצייכענט פערשטאַנען די מלאכה אלס מעקלער און געקענט ביסלעכווייז און שטופּענווייז אריינגנארען דעם קרבן אין מארטשעלאס שטייגעל אריין. און די „געהייליגטע" מויד האָט איהם

שפאנענד אויסגעהערט, א פייער האָט געברענט אין איהרע אויגען און די ליפּען האָבען געטריקענט פון הייסער ליידענשאַפטליכער אויפרעגונג. לינדאָרא האָט באַלד בעמערקט, אז עס וועט איהם געלינגען צו ערוועקען אין איהר די תאוה — ניט שווער אויפצורייצען אַן אַלטע מויד, דער צו נאָך א מאָנאַשקע — האָט ער ביי זיך געטראַכט. — און דער „מאַן" האָט אין איהם ערוואַכט. עס האָט איהם אָנגעכאַפּט א יצר הרע אליין אָבצורייסען דאָס בלימעלע, וועלכעס ער האָט בעדאַרפט צו שטעלען פיר דעם פערגניגען וועגען פון אַן אַנדערען, אָבער די מורא, וועלכע האָט איהם דורכגעדרינגען בלויז פון דעם פערברעכערישען געדאַנק אליין האָט אָבגעקיהלט זיין יצר הרע'ש פייער און ער האָט זי ניט געטשעפּעט.

ארסאלא האָט ענדליך פערשפּראָכען מארטשאלאַן א „רענדעוואו". זיי האָבען זיך בעדאַרפט בעגעגענען אין א ווייטען הייזעל פון דעם פאָרשטעדטעל, אויפ'ן עק פון א טויבער גאַס, וואו מען זעהט קיין מאָל ניט קיין לעבעדיגע זעעלע, אין איינעם פון די יוני זונטאָגס, ווען קאמילא וועט זיך זאַמען לענגער אין קירכע און לינדארע וועט שטעהן אויף דער וואַך.

אין די טעג, וואָס זיינען פאָרגעשטאַנען די גרויסע פּאַסירונגען, איז ארסאלא תמיד געווען אין א שרעקליכער אויפרעגונג. די צייהן פלעגען איהר צייטענס קלאַפּען איינע אָן די אַנדערע און דאָס פּנים געברענט מיט א העלישען פייער. זי האָט ניט געקענט ניט זיצען, ניט שטעהן — איהר קערפּער האָט זיך געוואָרפען ווי אין א פיעבער. אין שוהלע צווישען דעם איינגעגעסענעם כאָהר פון די שילער פלעגט איהר מאַנכע מאָל ווערען אזוי קאַלאַמוטנע אויפ'ן הארצען, אַלעס אזוי אבשטויסענד, אז איהר האָט זיך געוואָלט אריינשפּרינגען צווישען די תלמידים, צובאַרשטען זייערע שעהן צוגעקעמטע קעפּ, איבערקעהרען די טישען, די בענק, שרייען, קוויטשען און אָנמאַכען א גאַנצען חורבן. דער קאַלטבלוטיגער קוק פון איהר שוועסטער האָט געשלאָגען אויף איהר אַנגסטען. דער געדאַנק, אז זי מוז זיך האַלטען גנבה'יש צו אַלעם ארום האָט זי שרעקליך אויפגערעגט.

קאמילא איז אוועקגעגאַנגען פון שטוב, און זי איז ארומגעלאָפען איבער די צימערען, געוואָרפען די בענקלאָך, אויסגעטרונקען מיט איין זופּ א גלאָז וואַסער, געקוקט אין שפּיעגעל, צוגעגאַנגען צום פענ־

סטער, זיך געוואָרפען אויפ'ן בעט און מיט טויזענדער אַנדערע מיטלען געפּרופט צו געבען מעהר פּלאַטץ צו דער קאָכעדיגער, געפּיהלפּאָלער ערוואַכונג פון איהר לעבען. איהר קערפּער האָט זיך ענטוויקעלט אַ דאַנק דער פערשפּעטיגטער אויפרעגונג פון איהרע מיידלישע בלוטען. אמת, איהר קאָפּ איז ניט געוועזען קיין שעהנער, זי האָט זיך ניט אויסגעצייכענט מיט שטאַרקע אברים און מיט אַ מאַטאָווען קאָליר פון דער הויט, וועלכע מאַכען די פּרויענצימער חן'עוודיג און רייצענד, איהר נאָז און קיננן האָבען ניט פערמאָגט יענע איידעלע ליניען, וועלכע גיבען צו צו אַן איטאַליענישען פּולען, רונדען געזיכט אַ גריכישען אָנבליק, אָבער דערפאַר האָט זיך אונטער איהרע ניט שעהנע, גרויע קליידער בעהאַלטען אַ שעהנער, פרישער איינגענעהמער קערפּער.

עס זיינען געווען די ערשטע טעג פון יוני. אַזוי ווי אויף דער וויזע וואַקסט ארויס אַן אַלאָי (אַזאַ בוים, וועלכער האָט ביטערע בלעטער, וואָס מען נוצט פאַר רפואות) אַזוי איז פון דעם פריהלינג אויסגעוואַקסען זומער. גאַנץ פּעסקאַרא, צווישען דעם טייך און דעם ים, האָבען זיך געפרעהט מיט דעם געזאַלצענעם ווינטעל און מיט דער פרישקייט פון דעם טייך. צו ארסאָלאָן אין צימער אריין האָבען אריינגעדרינגען די חניפה'שע לאַסקעס פון דער זומערדיגער לופט. פינקלענדע אינסטינקטען האָבען זיך אָנגעשלאָגען אין די פענסטער און אָבגעשפּרינגען עהנליך צו אַ גאָלדענעם האָגעל.

בלייבענדיג איינע אליין אין שטוב, האָט זיך איהר פערגלוסט אויסצוטהאָן נאַקעט און זיך אוועקלעגען אום דער גאַנצער קערפּער זאָל הנאה האָבען פון די לופטיגע לאַסקעס.

לאַנגזאַם האָט זי אָנגעפאַנגען זיך אויסצוטהאָן, שלאָבעריג פּונאַנדער צו בינדען די שנירלאַך, פויל ארויסצושלעפּען די העמט פון די ארבעל, און זיך אָבגעשטעלט, אום צו פערוואַרפען די האָאָר אהינטער און זיי דאָרט פערשפּיליען אין קורצע גרייזלען.

און אין מיטען דיעזען לוסטיג-ליידענשאַפטליכער מיעדקייט און שלאָבירינגקייט זיינען איהר די משונה'דיגע קליידער ארונטערגעפאַלען פון דעם נאַקעטען קערפּער און זי איז ערשיענען ווי אַ מאַרמאָרנע סטאַטוע, וועלכע איז בעפרייט געוואָרען פון אַ לאַנג יעהריגען צודעק. אויף דער קופּע פון די משונה'דיגע בגדים איז זי געשטאַנען, אַ בעגאָסענע מיט דער שיין, ווי אויף אַ פּעדעסטאַל, מיט פערלעגטע הענט

אויפ'ן קאָפּ עהנליך צו א קרוין און פון דער לייכטער בעריהרונג פון דער לופט איז איבער איהר לייב דורכגעלאָפען א קוים בעמערקבארער צי־טער. אלע ליניען פון איהר קערפּער האָבען זיך געצויגען און אָנגע־שטרענגט אין דער ריכטונג פון איהר „געקרוינטען" קאָפּ; דאָס בולט'קייט פון איהר בויך, וועלכער איז נאָך ניט מיאוס געוואָרען פון „מוטערליכקייט", איז געווען גלאַט, ווי א סאַמעטענער, צייטיגער אפּ־ריקאָס; די ריפּען האָבען זיך דורכגעפרעסט דורך דער הויט און האָ־בען זיך בולט אָבגעצייכענט. א פליעגעלע איז ארייגעפאלען אין צימער אריין. ארסאלא האָט זיך דערשראָקען פון זיין זשומען און זיין עקשנות נאָר צו בעריהרען איהר נאַקעטקייט. מיט שלאַנגישע בעוועגונגען האָט זי זיך פערטהיידיגט פון דער בייזער גיפט; איהרע מוסקולען זיינען קירצער געוואָרען, איהר קערפּער האָט אין דיעזער שפּיעל געציטערט.

די בעוועגונגען האָבען זי אויפגעפלאַמט און אויפגעלעבט און זי האָט זיך איבערגעגעבען אנדערע, נייע תאוות. זי האָט פּאַרזיכטיג אויפ־געמאכט די טהיר און אריינגעקוקט אין צווייטען צימער. דאָרט האָט געהערשט יענע טויטקייט און אומעדיגקייט, וועלכע איז תמיד צום בע־אָבאכטען אין א חדר, ווען די תלמידים זיינען ניטאָ. אויף זיעבען פיער־עקיגע ברעטער זיינען געבליבען די בוכשטאבען פון דעם „אלף בית" ווי שטומע הערשער. ארסאלא איז געגאַנגען ווייטער מיט יענער אונ־ענטשלאָסענהייט, וועלכע אימיצער, וואָס געהט א באָרפיסער איבער שטיינער פיהלט דורך און מיט דער בעאונרוהיגונג פון א פּרויענצי־מער, וואָס פיהלט ניט ארום זיך די דריקונג פון קליידער. אזוי איז זי צוגעגאַנגען ביז צום דריטען צימער, וואו עס איז געווען וואסער. זי האָט איינגעטונקען די הענט און זיך אָבגעשפּריצט פון קאָפּ ביז פיס און האָט אויפגעציטערט ווען א גרויסער טראָפּען איז ארויפגעפאלען אויף דער הויט. נאכהער, אין גאנצען בעדעקט מיט די שפּרינקלען וואסער, איז זי צוגעגאַנגען צום אלטען קאמאָד מיט א הויכען שפּיעגעל.

אויף דעם קאמאָד האָבען זיך דאָ און דאָרט געזעהן שפּורען פון אויפגעלעגטע בעפּוצונגען. דער שפּיעגעל, היגטער וועלכען עס איז גע־שטאנען א שאָפע, איז געווען איינגעראמט אין אן אָבגעגילטע ראָם. ארסאלא איז ארויפגעקראָכען אויפ'ן קאמאָד, וואָרום עס האָט זיך אין איהר ערוועקט א חשק צו זעהן זיך אין שפּיעגעל א נאַקעטע. איהר אָבגעפרישטער, דורך די בעשפּריצונג מיט וואסער, קערפּער האָט

ארויסגעקוקט פון דעם דונקעלען שפּיעגעל, ווי פון דער בלוי־גרינער ים טיפעניש. מיט א שמייכעל האָט זי געקוקט אויף זיך; און דער שמייכעל און יעדע בעוועגונג פון איהרע ארעמס האָבען געמאכט אין שפּיעגעל ציטערען אלע ליניען פון איהר נאקעטען קערפּער, פּונקט ווי אן אָבשפּיעגלונג אין וואסער. זי האָט געמאכט פערשיעדענע מימי־קעס און געקוקט אין א שפּיעגעל ווי אזוי זי זעהט אויס; זי האָט געעפענט דאָס מויל, אום צו זעהן די צייהן, זי האָט אויפגעהויבען די הענט און געקוקט אויף די האָאר פון די אונטער ארעמס. זי האָט פערוואָרפען דעם קאָפּ א הינטער און נאָך טויזענדער אנדערע זאכען ביז זי איז ניט געוואָרען ווילד ווי א וואהנזיניגע.

און הינטען, הינטער דעם נאקעטען פרויען־קערפּער, האָט זיך פון דער געגענאיבערדיגער וואנט אָבגעשפּיעגעלט איינע פון די זיע־בען פיערעקיגע ברעטער מיט דעם אויפגעשריעבענעם „אלף בית״.

## .14

עס האָט פּאסירט, אז אין איינער פון אזעלכע מאָמענטען האָט לינדארא, ברענגענדיג וואסער, אנגעקלאפּט אין טהיר.

— ווארט אויס! — האָט ארסאלא אויסגעשריען א טויט דער־שראָקענע און אויף שנעל אויפגעהויבען דאָס אָנטהועכטס פון דער ערד, עס אין איילעניש ארויפגעכאפּט אויף זיך און געגאנגען עפענען.

עס איז געווען זעקס א זייגער פארנאכט. דער וואסער אָבשיין פון דעם „פּאלאטצא די ברינא״ האָט אריינגעדרונגען אין צימער אריין; די גאנצע געגענד פון פּעסקארא, דער ליעבליכסטער שוטץ־פּלאטץ פון די שוואלבען, האָט אָבגעקלינגען מיט געזאנג.

ביידע זיינען געשטאנען אין מיטען צימער און גערעדט מכח דער פארשטעהענדער „רענדעוואו״. לינדארא האָט זיך געסטארעוועט מיט א שטראָם ווערטער צו בעזיעגען דער מיידעל׳ס לעצטען קווינק־לען זיך, ווארום א טהייל פון דער בעלוינונג האָט ער שוין געהאט גע־קראָגען און דאָס איבעריגע איז אויך ביי איהם געווען ווי מזומן. די קראפט, מיט וועלכער ער האָט איבערגערעדט און איבערגעצייגט אר־

סאלאָן, האָט איהם אויפגעפלאַמט; זיינע אויגען האָבען געברענט, ווי רויטע קויהלען און זיינע בעוועגונגען זיינען געוועזן אויפגערעגטע. פון דעם מויל האָט ביי איהם געשמעקט וויין און אויף זיינע וואָנצען און באָרד, וועלכע זיינען געוועזן ערשט ניט לאַנג אָבגעראַזירט, האָבען זיך געוויזען דאָ און דאָרט רויטע און בלויע פלעקען. בשעת ער האָט גע־רעדט, האָבען זיך ארויסגעוויזען צוויי רייהען געזונטע, שטאַרקע פלע־בעאישע צייהן און דיעזע מעלה האָט זיך זעהר בולט ארויסגעזעהן וואָרום דאָס גאַנצע מענשעלע, אויסער די צייהן, איז געוועזן העסליך און אבשטויסענד.

ארסאלא האָט איהם וויעדערגעשפּראָכען, אָנצייגענדיג איהר צווייפעל און איהר מורא, אָבער זי האָט אָנגעהויבען ביסלעכווייז נאָכ־צוגעבען, וואָרום דעם „מעקלער'ס" פייערדיגע, אויפרייצענדע און פערנאַרערשע ווערטער האָבען אָנגעהויבען צו פערטויבען אין איהר די פרוי און אויפוועקען די ליידענשאַפט. זי האָט זיך ביסלעכווייז אָב־גערוקט אהינטער צו דער וואַנט צו און זיך צוגעשפּאַרט צו איהר. פון הינטער דעם פונאַנדערגענומענעם קליידעל, וועלכעס איז געוועזן בלויז ארויפגעוואָרפען אויף איהר אין איילעניש, האָט זיך בעוויזען דער זוים פונ'ם העמד, דער האַלז איז געוועזן לחלוטין נאַקעט; די שיך, וועלכע זיינען געוועזן אָנגעטהאָן אויף די הוילע פיס, האָבען צוגעדעקט בלויז די טראָט און ניט מעהר.

אָבער, מיט דעם אינסטינקט פון א פרוי, וועלכע פיהלט, אז פאַר איהר שטעהט אַן אויפגערעגטער, פול מיט תאוה מאַנסביל, האָט זי אונווילענדיג א פיהר געטהאָן מיט דער האַנט איבער דער טאַליע, כדי צו פערשפּיעלען די העקעלאַך אויפ'ן בוזים און ארום האַלז. דיעזער טהאַט, מיט וועלכען ארסאלא האָט אנערקענט א „מאַן" אין דעם מעקלער. דיעזער אוואונווילענדיגער טהאַט, האָט ערוועקט אין לינדאַ־ראַ'ס שמוציגער, אויסגעלאַסענער נשמה א שטורם פון מענערשען שטאָלץ. — א א, הייסט עס, אז ער אליין איז אויך בכח צו ערוועקען... א פרוי — און ער האָט זיך צוגעלאָזט צו איהר. און אזוי ווי זיין דרייסט האָט זיך אין איהם צופלאַמט צוזאַמען מיט דעם וויין, האָט שוין יעצט קיין מורא ניט געקענט צוריק האַלטען די צורייצטע חיה.

15

ארסאלא איז געלעגען בעוועגלאָז, אויסגעצויגען אויף דער שטיי־נערנער פאָדלאָגע— אין צוקנייטשטשטע און אין אונאָרדנונג צודרעהטע קליידער, אין פולען אָנבליק פון א פערגוואלדיגטער פרוי.

נאָך דערהערענדיג קאמילא'ס טריט אויף די טרעפ, האָט זי זיך אויפגעהויבען פון איהר שרעקליכער שוואכקייט, זיך אָנגעשפארט אויף די עלענבויגענס, מיט א שנעלע בעוועגונג מיט דער האנד גע־בראכט אין אָרדנונג די צוקנייטשטשטע קליידער און שוין געהאט א תירוץ פאר דער שוועסטער, אז זי האָט פלוצים דערפיהלט אזוי שוואך און אזוי שלעכט אויפ'ן הארצען, אז זיא איז געווען געצוואונגען אוועק־צופאלען אויף דער פאָדלאָגע.

אין דרויסען האָט אָנגעהויבען צו ווערען פינסטער. איבער דער ערד האט זיך צוגאָסען די גרויסארטיגע, לויטערע, מחיה'דיגע פרישע לופט פון א יוני אבענד, מיט וועלכער דער אדריאטישער ים האט פערבלאָזען. די לופט איז געווען פול מיט קולות און געלעכטער. א יום טוב'דיגע שמחה פון די צוהוליעטע סאָלדאטען האָט זיך צוגעטראָגען פון דער קאזארמע און ליעדער נאך ליעדער האבען געהילכט. פון די צווייטע טרעפ האט זיך דערהערט די שטימע פון טהעאָדאָרא לא יעטשע.

— חברת'עם טהייערע, קאמילא, ארסאלא, איהר געהט?

ארסאלא האט נאכגעפאלגט דער שוועסטער, ניט אויסרעדענדיג קיין איין איינציג וואָרט און ניט דענקענדיג פון קיין זאך. עס איז איהר געווען זעהר שווער צו דערמאָהנען זיך אין עטוואס. עפעס א צוטומלונג האט נאָך אלץ געדריקט און געפרעסט איהר מח. אין איהרע אויערען האָט געזשומעט טהעאָדאָרעס שלעכטע, אונגינסטיגע, פערלוימדישע פלאפלעריי:

— ווייסט איהר שוין, טהייערע, אז קאטהענאָ'ס טעכטעריל געהט שוין חתונה האבען?

— אזוי.

— איך מוז איך זאגען—זי האט חתונה פאר דזשיאָוואנאָ ספּע־

ראנצאָ, דעם רויטען, וועלכער בעזיצט עפּעס אן ארעם שטיקעל רעס־טאָראַציע אין פּעסקערע און נאָך עפּעס.... אין צוגאָב...

— טאקע!

— און ווייסט איהר, טהייערענקע מיינע, בערקינא מאַזריגאלע איז דאָך שוין ווידער אנטלאָפען פון פראנקאווילא. איהר קענט זי דאָך: א גראָבע, א שווארצע, מיט א פויגלישער נאָז, וועגען וועלכע יעדער איינער ווייסט.

טהעאָדאָראַ איז געבליבען גלייך מיט ארסאלען. קאמילאַ איז אָב־געשטאנען אויף עטליכע טריט. זי איז געגאנגען מיט אן ארונטער־געהאנגענעם קאָפּ און ניט געשענקט די מינדעסטע אויפמערקזאמ־קייט צו די רכילות פון דער וועבערין אויף איהרע שכנים און פער־וואנדטע. אויף דער גאס האבען אלע שפּאצירענדע הנאה געהאט פון דער לופט. פרויען זיינען פערבייגעגאנגען אָנגעטהאָן אין לייכטע קליי־דער און מיט ענטבלויזטע ביז די עלבויגענס הענט.

— טהייערע, זעהט נאָר, וואס פאר אן אויפלאג אויף גראציעלא פּאטאווינים קלייד! גיט נאָר א קוק אויף ראָזע פאצעטא מיט די צוויי פעלדוועבעלס — איינער פון פאָרענט און איינער פון הינטען.... הא, איהר ווייסט נאָך ניט?

און דאָ האט זיך אָנגעפאנגען א שמוציגע מעשה פון ליעבע, פול מיט אלע פּיסטשעוועקעס. אום זיך צו פערגעסען, האָט ארסאלא זיך אין גאנצען פערטיעפט אין דער פּוסטער פּלאפּלעריי. מיט עפּעס א פלאטערענדער איילעניש, אבי ניט צו טראכטען, האָט זי געשטעלט טהעאָדאָראַ'ן פערשיעדענע פראגען, זי אויפגעמונטערט און ענט־מוטהיגט צו נייע רכילות און אויסגעפּילט די פּויזעס מיט א געלעכ־טער. זי האט געפונען עפּעס א ביטערע טרייסט, הערענדיג וועגען דער זינד פון אנדערע.

— הא, אָט געהט הער פּאאָלאָ! האט טהעאָדאָרא פּלוצלים אוים־געשריען.

פּאאָלאָ סעקאטשיע איז געווען אן אכציג־יעהריגער זקן, אבער ניט קוקענדיג אויף זיין עלטער, איז ער געוועזן פריש, געזונד און גלייך ווי א סאָסנע. ער איז זיי געגאנגען אקעגען מיט זיין געוועהנליכען, נאכלעסיגען גאנג.

אין די יאטקעס האבען אויף די טהירען געהאנגען זייטען פרישע

פלייש און דער ריח פון דעם פרישען, נאסליכען פלייש האָט זיך צו־שפרייט ארום און ארום און פערשלאָגען אין נאָז. די לבנה האט גע־שיינט. קופקעס סאָלדאטען האבען זיך רוישיג געשטופט און געשטוי־סען אָרום די סעדוכעס.

— מיר וועלען זיך דורכגעהן אויף באנדיעראָ — האט טהעאָ־דאָרא געזאגט, לאָזענדיג דעם אַלטען מיט קאמילא'ן געהן פריהער.

ווי א פערטומעלטע איז אָרסאָלאָ געגאנגען צווישען די פערשיע־דענע קולות און ריחות. אַן אומעדיגער פחד האָט זיך אויפגעהויבען פון עפעס א טיעפעניש און אויסגעקרימט איהר מויל, בשעת זי האט גערעדט און געלאכט, און געמאכט שווער איהר צונג. און די לייכטע קערפערליכע ליידען האבען אויך זי בעלאגערט און זיך געלאָזט פיהלען. זי האט שוין מעהר ניט געקענט אנטלויפען פון זיך אליין. די שטימע איז איהר אָבגעשטארבען אויף די ליפען, דער פחד האט געוואָרגען איהר האלז און דאס בילד פון דער שרעקליכער, אויף אייביג פערפאַ־לענער זינד, איז גרוייזאם געשטאַנען פאר איהרע אויגען. זי האט גע־פיהלט, אז זי געהט אויס פון מיעדקייט, אז זי קען זיך ניט האלטען אויף די פיס, אז זי קען ניט געהן ווייטער און אז דאס פרעהליכע לע־בען אויף דער גאס, וועלכעס בעלאנגט צו יעדען איינעם, איז פאר איהר דער שרעקליכסטער צער.

— און אזוי, טהייערע מיינע, הייסט עס, אז דיעזער מאַן, דיעזער בלינדער אידיאָט..... — האט טהעאָדאָרא זיך ווידער אָבגערופען, פאָרזעטצענדיג די איבערגעריסענע פלאפלעריי.

זיי זיינען געגאנגען דורך באנדיעראָ. לינקס איז געווען א בריק איבער א טייך. אויף יענער זייט האט זיך אויפ'ן ליכטיגען באָדען אומעדיג אָבגעצייכענט די פעסטונג. אַלטע אייזערנע קאנאָנען, מיט די מיילער געריכטעט צו דער ערד, זיינען געשטאנען אין א לאנגער רייהע און צו זיי זיינען געווען צוגעבונדען די אנקער שטריק פון שיפען. גרויסע אייזערנע אנקערס זיינען געלעגען לעבען די ברעג מאַ־גאזינען. ביים ברעג האט מען געקענט זעהן מאַטראָסען, עסענדיג ווע־טשערע און רויכענדיג. אין די ביידלאך, וועלכע זיינען געווען אינ־ווענינ בעלייכטעט מיט א בלוט־רויטען ליכט. ארום די פאָדערשטע טהיילען פון די שיפען האָבען לאנגזאם ארומגעשוואומען אויפ'ן וואסער

בריטע פלעקן, ווי אויף דער אויבערפלעכע פון א צושוואומענער מאסע.

— .... שטעלט איך פאר, מאדאם נערא מאמא שיקט און רופט מיך צו זיך! — האט טהעאדארא אונערביטליך פארטגעזעצט.

ארסאלא האט שוין גאר ניט געפיהלט. זי איז געווען בלאס, ווי די לבנה. אין אנפאנג האט זי די פרישע, אנגענעהמע לופט פונ'ם ים אביסעל ערמונטערט און ערלייכטערט. שפעטער אבער האבען זי די קולות פערטומעלט, די ריחות פערטשאדעט און זי האט אנגעהויבען פיהלען נאך ערגער ווי איידער זי איז ארויסגעגאנגען פון שטוב. די ערד האט זיך געוואקעלט אונטער איהר. בשעת עס האט איהר צוגעטראטען דאס קאפ־שווינדלען, האט זי ניט געקענט בעשטימען די גרענעץ פונ'ם וואסער; דער טייך האט פערטראגען די גאס. וואסער, וואסער האט זיך געגאסען פון אלע זייטען. נאכהער האבען אין איהרע אויגען אנגעהויבען שווינדלען פייערלאך, קליינע ווייסע פייערלאך, וועלכע זיינען דא פערשוואונדען און דא ווידער ערשיענען. און געטאנצט, און געשפרונגען האבען די פייערלאך און זיך צוזאמען געגאסען אין א שלאנגען רייהע, וועלכע האט זיך פערלארען אין דער פינסטערניש. אין דיעזען ים מיט וואסער בעלייכטעט פון פייערלאך איז ערשיענען דאס געשטאלט פון מארטשעלאן און איז אויף שנעל פערשוואונדען, ווי אין א חלום. דאס קאפשווינדלען האט אויפגעהערט. ארסאלא האט ווידער אמאל דערזעהן די אבשפיגלונג פון דער לבנה אויף דער גלאטער, רוהיגער אויבערפלעכע פון דעם טייך. זי איז געגאנגען ווייטער, א ניעדערגעשלאגענע, א מאכטלאזע, און גרייט צו פערליערען דאס בעוואוסטזיין.

— וואס? מיעד? — האט זיך טהעאדארא אבגערופען — הא, יא, איהר זייט דאך ניט צוגעוואוינט דערצו. שפארט אייך אן אויף מיר, שפארט אייך אן, נישקשה — איהר האט געזעהן? מענטינא אוסאריעם טאכטער, די יונגערע, איז געשטאנען לעבען דעם קרעמיל אויפ'ן פלאטץ...

זיי זיינען שוין געווען לעבען דער טאמאזשנע. גרויסע קופעס ברויט צוגעגרייט צו „איוואנ'ס טאג״, האבען ארויסגעגעבען א ריח, ווי געדובעטע פעל, און שאלעכטס פון טשערעפאכעלאך האבען געקריצט אונטער די פיס. ביים סאמע ברעג זיינען געווען צושפרייט דינע

נעצען, אין וועלכע עס האבען זיך, ביי דער אנגענעהמער שיין פון דער לבנה, געכאפּט שמאָלע פישעלאך. דער גדלות'דיגער רויש פון דעם ים האט אָנגעפילט די שטילקייט פון דער נאכט מיט טריאומף. איבער דער אויבערפלעכע פון דעם טייך זיינען דורכגעלאָפען גע־גרייזעלטע כוואליעס.

— לאָמיר געהן צוריק, טהייערע קינדער — האט הער פּאָאָלאָ געזאגט, נעהמענדיג א ברויט פון דעם נאָהענסטען הויפען.

ארסאלאָ איז געגאנגען געהאָרכזאם. עס איז איהר געווען שווער איינצוהאלטען דעם אטהעם. מיט א גרוויזאמען פּחד האט זי זיך דער־מאָהנט אָן איהר לאַגע און האט מיט געוואלד ארויסגעשטויסען דאס פערשיכורטקייט, מיט וועלכע די לוסט פולע לבנה נאכט האט זי אָנ־געפילט. אין איהרע אָנגעשטרענגט־פערקיהלטע געדאנקען איז ערשינ־נען דאס לעבעדיגע געשטאלט פון לינדראָ. און ווידער האט זי דער־פיהלט, ווי דיעזע שווערע, שטארקע הענט כאפּען זי ארום, דריקען זי און שטיקען; ווי זי פערטהעמט זיך פון דעם צוהיצטען, ליידענ־שאפטליכען וויין ריח. אָבער דעמאָלסט האָט זי זיך ניט ווידער־שטעלט, ניט געשריען, ניט געמאכט דעם מינדעסטען פערזוך צו פער־טהיידיגען זיך. זי איז אניעדערגעשליידערט געוואָרען א מאכטלאָזע, ניט אונטערשיעדעט און ניט געפיהלט קיין זאך אויסער א גרויסען מיט א שרעקליכען וועהטאָג אויסגעמישטען פערגניגען. און דער עקעל האט זיך פערביטען אין א טיעפער מיעדקייט פונ'ם קערפּער און זי האט דאָ געציטערט און זיך געטרייסעלט אין א פיעבער, און דאָ גע־ברענט מיט א העלישען פייער. א בלאסע ווי דער טויט, מיט פער־דונקעלטע און ברייט פונאנדערגעעפענטע אויגען האט זי בעוואוסט־לאָז געקוקט פאר זיך.

— הערט נאָר ווי דער וויין זינגט! — האט פּאָאָלאָ געזאגט און זיך אָבגעשטעלט.

אויף די שיפען זיינען געלעגען מאטראָזען אויסגעצויגען צווישען שטריק און אנדערע אינסטרומענטען פיר די שיפען, און האבען גע־רויכערט פּשוט'ן טאבאק און געזונגען ליעדער וועגען שעהנע פרויען.

## 16.

קאמילא האָט לאנג „געראָוועגט" מיט א ניעדעריגע אָרונטערגע־

בויגענעם קאָפּ און מיט פערלעגטע הענט, נאכהער האט זי אָנגעצונ־דען דאָס נאכט לעמפּעלע לכבוד דער הייליגער מרים און האָט זיך גע־לעגט שלאָפען. איהר אָטהעם, בשעת שלאָפען, איז געווען אזא פרומער פּונקט, ווי זי וואָלט אין דער שטיל מתודה געווען פאַר די הייליגע אויף איהרע מעשים פונ'ם טאָג. אויף איהר געזיכט האָבען זיך געביטען די שאָטענס מיט דעם ציטערען פון דעם קליינעם מיט בוימאויל גע־שפּייזטען פייעריל פונ'ם לעמפּעלע. דער רויש פון דעם טרוקענדען האָלץ און פון די ווערעמלאך, וועלכע האָבען עס געטאָטשעט, די גע־היימניסאָפעלע שטימען פון דעם אַלטען מעבעל אין דער נאכטיגער רוה האָבען געשטערט דער שטילקייט.

ארסאלא איז געלעגען אין איין בעט מיט קאמילאן. זי האָט זיך קיין ריהר ניט געטהאָן, קיין אויג ניט צוגעמאכט, ארומגעכאַפּט מיט א שטארקער שלאָפלאָזיגער מיעדקייט און דער פּחד, וואָס האָט זי ניט אָפּגעלאָזט אויף קיין סעקונדע האט געמאטערט און געפּייניגט איהר טרויעריגע נשמה. זי האָט זיך צוגעהערט צו דער שטילקייט.

פּלוצים האָט קאמילא אָנגעהויבען רעדען פון שלאָף ווערטער, וואָס האָבען זיך ניט געקלעפּט איינס צום צווייטען אין אָבגעריסענע אונפערשטענדליכע פראַזען. איהרע ליפּען האָבען זיך קוים געשאָקעלט און זי האָט שווער און טיעף אָבגעאָטהעמט. איהר פּנים, וועלכעס איז געווען אויסגעטריקענט און אויסגעדארט פון פאסטען און אנדערע פּייניגונגען און, וועלכעס האָט ביי דער שיין פון דעם קאנעץ אויסגעקוקט געל, איז געלעגען אויף דעם ווייסען קישען, ווי א שלעכט אָבגעגיל־טער אָבגאָט ארומגענומען מיט א קרוין פון שטראַהלען. די לייכטע בלויע שאָטענס האָבען געמאכט בולט די פאַלבען אויף דעם אויסגעצוי־גענעם פּול מיט אָדערלאך האַלז, אויף די איינגעפאלענע באקען, אויף די איינגעזונקענע אויגען, וועלכע זיינען געווען פערדעקט מיט די־נע וויהען. זי איז געווען עהנליך צו א קערפּער פון א געשטאָרבענער מארטירערין, איבער וועלכען עס שוועבט גאָט'ס גייסט.

כאָטש עס איז ניט געווען דאָס ערשטע מאָל, אז זי האָט גערעדט צו זיך אין שלאָף, דאָך האָט ארסאלא דערפּיהלט אַן אייז קאַלטקייט איבער איהר גאַנצען קערפּער. דער פּלעצליכער פּחד האָט זי ארומגע־כאַפּט און פערדריקט איהר אָטהעם. אונווילינג האָט זי זיך אָבגערוקט צום סאמע עק פונ'ם בעט. זי איז געבליבען בעוועגלאָז אין די שווייגענ־

דע פעריאָדען, געקוקט מיט אנשטרענגקייט אויפ'ן מויל פון דער שלאָ־פענדער און געפיהלט א קאָנוואולסיווע דריקונג אין איהר ברוסט ווען די ליפּען האָבען זיך געעפענט צו רעדען נאָך אמאָל. זי האָט ניט גע־קענט אויסמאכען קיין איין וואָרט, אָבער עטוואָס אונענדליך טיעפעס און טריאומפירענדעס האָט זיך געהאַלטען אין דעם אָבגעריסענעם בארמאטשען, אַן איבערנאַטירליכע געהיימניס האָט געשוועבט איבער דעם בעוועגלאָזען, בעוואוסטלאָזען קערפּער, וועלכער האָט גערעדט און אליין ניט געהערט זיין שטימע. איבער'ן צימער האָט זיך דורכגעטראָ־גען א טויטעס וועהען; אין דער אויפגערעגטער פאַנטאַזיע פון דער שלאָפלאָזער פרוי האָבען די ציטערענדע שאָטענס אָנגענומען אַן אויס־זעהן פון שרעקליכע, גרויזאמע ערשיינונגען. אַלע געגענשטענדע זיי־נען איבערגעפּאַרמירט און לעבעדיגע געוואָרען און האָבען זיך אָנ־גערוקט אויף איהר. און ווידער איז פאַר איהר געוויסען ענטשטאַנען די שרעקליכע שטראָף, וועלכע ערוואַרטעט זי, און איהר קערפּער האָט זיך אָנגעהויבען צאַפּלען אונטער דער שווערער משא פון איהר שרעקלי־כער זינד, און זי האָט איבערגעצלמ'ט איהרע הענט אויף דער ברוסט, כדי צו פערטהיידיגען זיך פון די מלאכי חבלה. איהר צונג איז אָב־גענומען געוואָרען פון שרעק, אָבער זי האָט פּרובירט צו דאַווענען...

קאמילא'ס שטימע איז אָבגעשטאָרבען צווישען די שווערע זיפ־צען, נאכהער האָט זיך די שטימע פערוואַנדעלט אין א ציטערענדען בארמאטשען, נאכהער אין גאנצען שטיל געוואָרען און דער שלאָף איז ווידער געוואָרען נאָרמאַל. די שאָטענס האָבען פּאָרטגעזעצט צו וואקלען זיך און „דער געקרייציגטער" האָט זיך נאָך אלץ ניט ארונטער געלאָזט פון דער וואנט אום אריינצונעהמען אין זיינע ארעמס דאָס פער־בלאָנזעטע שעפּסעלע... וועלכעס איז צוריקגעקומען אין זיין טשע־רעדע אריין...

## 17.

געזאָגט האָט גאָט דורך דעם מויל פון זיין נביא יואל, דעם זוהן פון פּתואל:

און עס וועט זיין נאכהער. איך וועל אויסגיסען מיין גייסט אויף אלע מענשען און נביאות וועלען זאגען אייערע זיהן און אייערע טעכטער. גראזען וועלען חלומות טרוימען, אייער יונגען וועלען ערשיי־נונגען זעהן.

— דיעזער גאסט, וועמענס ברכה און ערשטע זיסקייט די אפאס־טאלען האבען ערווארבען, איז געווען פאר זיי און פאר אונז דער גייסט פון אמת, דער גייסט פון קדושה און דער גייסט פון גבורה... א, געטליכע ליעבע, א, הייליגע ערד, וועלכע פעראייניגט דעם פאטער און זוהן, אלמעכטיגער גייסט, אמת'ער טרייסטער פון אלע אבלים, דרינג אריין אין די חדרי חדרים פון אונזערע הערצער און בעלייכט זיי מיט דיין גרויסען ליכט!

אזוי האט דער פאסטאר דזשענארא טיערנא גע'דרשנ'ט אום „שבועות — זונטאג" צו די צוזאמענגעדרענגטע גאט בעטערס. איבער איהם, אין דער הויך, האט געפינקעלט די שטראהלען קרוין פון די פליעגעל פון דער דריטער פערזענליכקייט פון דער אלערהייליגער „דריי איינינקייט". די שיין פון די וועקסענע ליכט האט זיך צוגאסען איבער דער קירכע מיט א שרפה'דיגען אבשיין. א צורה פון אן אפאס־טאל, אדער א האנד פון א קדוש, אדער א פליעגעל פון א מלאך האט וואו ניט וואו דורכגעשטעקט פון צווישען דער אייביגער פעררויכערט־קייט. און צווישען די גראבע שטיינער האט זיך אויפגעהויבען א גרופע געפלאכטענע ראזעווע, רויטע זיילען, וועלכע האבען אונטערגעשפארט די מארמארנע ביהמע, וואס איז געווען בעפוצט מיט בלעטער פון פער־שיעדענע פלאנצען און מיט פיגורען.

— גיס אויס די ראסע פון אויפלעבונג אויף דער פערוויסטער ערד, אום עס זאל זיין א סוף צום טרוקענעם וועטער. שיק די געטליכע שטראהלען פון דיין ליעבע אין דעם הייליגטהום פון אונזערע נשמות, אום זיי זאלען אין אונז אנצינדען א פייער, וועלכעס זאל פערניכטען אונזערע שוואכקייטען, אונזער שלאבערקייט, און אונזער פוילקייט — האט דער קסיאנדז פארטגעזעצט זיין דרשה אויף דער העכסטער שטימע און אויף דער העכסטער שטופע פון זיין קונסט־רעדע.

מיט בעהאלטענעם צער האט ארסאלא זיך צוגעהערט צו יעדע וואָרט פון דעם פרעדיגער, און איהר נשמה האט געפלאסען א תשובה אויף איהר גרויסע זינד. די אמונה האט זיך אין איהר אויף דאס נייע

אויפגעפלאַמט און זי האָט געוואָלט, אַז גאָט זאָל איהל מוחל זיין און איהר שענקען זיין גרויסען חסד. דיזער גייסטיגער צושטאַנד האָט זי גע־צוואונגען צו פערגעסען אָן דער גאַנצער פערגאַנגענהייט. עס האָט זיך געדוכט, אַז אַלע איהרע פלעקען אויף דער נשמה זיינען מיט אַמאָל ריין געוואַשען געוואָרען, זי איז קיינמאָל פריהער ניט צוגעגאַנגען צום געטליכען אַלטאַר מיט אַזאַ טיעפער האָפנונג, זי האָט קיין מאָל ניט אריינגענומען גאָט'ס ווערטער מיט אַזאַ חשק ווי יעצט.

פון יענעם מאָמענט אָן, ווען איהר האָט זיך ערוועקט דער פּחד פאַר דעם אייביגען יום הדין, האָט אַ מעלאַנכאָליע זיך פערשפּרייט איבער איהר און זי האָט אָנגעהויבען גוט נאָכצופאָרשען זיך אליין, אַלע איהרע בענעהמונגען, איהרע געדאַנקען, איהרע מינדעסטע בעווע־גונגען, מורא האָבענדיג, אַז מאָמער וועט זי עטוואָס דורכלאָזען און איהר חרטה וועט קיין חרטה ניט זיין און איהר תשובה וועט קיין תשובה זיין. מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיגקייט האָט זי יעצט אָנגע־האַלטען דאָס צווייגעלע פון איהר אויף דאָס ניי אויפגעלעבטער אמונה. זי האָט טאָג און נאַכט געהאַלטען איהרע אויגען אין די היילִיגע שריפ־טען, אויף הייליגע בילדער, געקעמפּפט מיט דעם יצר הרע, מיט דער פרישער לופט, מיט אַלע אונריינע, אויפרעגענדע מחשבות, מיט די ליעדער, וועלכע האָבען געקלינגען אין איהרע אויערען און זי געוועקט צו נייע תאוות.

איבערלעבענדיג אַ וואָך פון פּיין און ליידען, איינזאַם, אָבגעריסען פון דער וועלט, פונ'ם לעבען, איז זי יעצט געקומען מקריב זיין איהר ביטער הארץ צו די פיס פון דעם הייליגען אַלטאַר און געקוקט האָט זי מיט פערצערטע אויגען אין דער הייליגקייט, וועלכע האָט, ווי אַ ווייסע טויב, אומגעשוועבט הויך, הויך, איבער אַלעם און איהר ווע־זען האָט שטופּענווייז, שטופּענווייז געזונקען אין אַ ים פון ענטציקונג.

— קום זשע, קום דו גוטער טרייסטער פון אַלע ליידענדע נשמות, דו בעשיצער פון די געיאָגטע און פערפאָלגטע, דו שט'צער פון אָרימע, דו היילער פון קראַנקע.... האָט דער פרעדיגער פאָרטגעזעצט מיט גייסטיגען פייער, מיט פערגלאָצטע אויגען.

אין קירכע איז געוואָרען דושנע. אין איינעם פון די פענסטער האָט געפינקעלט די הייליגע צורה פון דעם יעוואַנגעליסט לוקאַ, בע־וואָרפען מיט גאַנצע בינטלאַך זונען שטראַהלען. די מאַרמאָרנע בימה

האָט זיך אויפגעהויבען פון דער האַלב דונקעלהייט, ווי אַ געהיימניס־פאָלע מערכען בלימעלע.

— קום, היילינער גייסט, און זיי זיך מרחם אויף אונז!

ארסאלא האָט אַלץ געקוקט ארויף; די כוואַליע פון דעם פּרעדיי־גער׳ס קולות האָט זי אויפגעהויבען צו דער קרוין פון די שטראַהלען און פון דאָרט אַוועק ווייט, ווייט אין די הימלען. מינוטענווייז האָט זיך איהר אויסגעצייגט, אַז די גאָלדענע טויב פינקעלט צו איהר אַ גרוס, און איהר האַרץ האָט אָנגעהויבען קלאַפּען מיט אַן אונבע־שרייבליכער פרייד.

— אין נאָמען פון אונזער אויבערהאַר יעזוס קריסטוס. אמן.

דער גייסטליכער, פינקלענדיג אין דער זילבערנער ראַסע, האָט זיך אומגעקעהרט מיט׳ן פּנים צום אַלטאַר, לייענענדיג אין דער שטיל אַ תפלה. צוויי פון זיינע בעהעלפערס, אָנגעטהאָן אין ווייסען, זיינען געשטאַנען ביי זיינע זייטען און צושאָקעלט די רויך־פאַן. אַ וואָלקען פון שמעקעדיגען רויך האָט איינגעהילט די געשענדעטע מיידעל, וועל־כע איז געשטאַנען זעהר נאָהענט און פּלוצים האָט איהר צוגעטרעטעטען אַ נודנעסט, וועלכע האָט געוואָרגען איהר האַלז און צוקרומט איהר מויל.

## 18.

און ארסאלא האָט איבערגעלעבט שרעקליכע טעג און שלאָפלאָזע, פּלאַגענדע נעכט. אויף קיין איין מינוט האָט זי זיך ניט געשיידעט מיט דעם געדאַנק גערעטעט צו ווערען. תמיד געטראַכט בלויז פון איין זאַך, אַז גאָט זאָל איהר מוחל זיין. זי איז ארומגעגאַנגען אַבגעלאָזען, פער־זאָרגט, געטהאָן איהר טעגליכע ארבייט שלאַבעריג, אָהן חשק. און וואָס האָט זי דען ניט געטהאָן? וואָס פאַר אַ יסורים האָט זי זיך דען אליין ניט פעראורזאַכט אַבי צו בלייבען אונבעפלעקט? אָבער קיין רעטונג איז פאַר איהר ניט געווען. געמוטשעט און געמאַטערט האָט זי דאָס גע־וויסען און — אומזיסט.

שטופּענווייז האָט זי אָנגעהויבען צו פיהלען זיך ענטווישט אין איהר

אמונה און זי האָט אויפגעהערט צו גען אין קירכע און צום רויך פון דער רויך־פאן האָט זי געפיהלט אַן עקעל.

פון מארטשעלאן האָט זי שוין מעהר ניט געטראכט און ניט גע־דענקט. זי האָט איהם מעהר ניט געזעהן און זיין געשטאלט איז געבלי־בען אין איהר זכרון, ווי אַ חלום.

ווי פריהער, איז לינדארא געקומען און געבראכט וואסער. אַ רוי־טער און אַ פערשוויצטער האָט ער ארויפגעקלעטערט ארויף, אוועקגע־שטעלט די עמער אויף דער פּאָדלאָגע און הינטערוויילעכס געקוקט אויף זיין קרבן. ארסאלא איז אָבגעגאנגען אין אַ צווייטען צימער, אָדער זי האָט זיך אָנגעבויגען איבער אַן ארבייט און מיט אַ פערשטיקטען כעס געקריצט מיט די צייהן. לינדארא איז אוועקגעגאנגען, ווי אַ בע־שטראָפענדער הונד, אָבער דער געדאנק, אַז ער האָט גובר געווען דיעזעס פרויענצימער האָט איהם אויפגעקאָכט די בליטען. ער האָט געהאט אַ שטארקען חשק צו פיהרען זי מיט זיך, האלטען זי לעבען זיך, צו טהאָן מיט איהר אַלעס, פונקט, ווי מיט אַ סחורה, וועלכע איז אין גאנצען אין זיין רשות. די טהירעשע תאוה האָט אין איהם שרעקליך געבור־שעוועט.

איין מאָל אבענד האָט ער אָבגעוואַרט אויף דער גאס ביז קאמילא איז אוועקגעגאנגען און ער איז ארויף אויבען מיט דער אבזיכט צו טרע־פען ארסאלאן אומגערעכט איינע אליין. ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טהיר, האָט ארסאלא איהם באלד דערקאָנט און זי האָט אָנגעהויבען פּלאַטערען.

— וואָס ווילסט דו פון מיר, וואָס דארפסט דו? — האָט זי גע־פרעגט מיט אַ פערשטיקטער שטימע, ניט אויפמאכענדיג די טהיר.

— הער מיך אוים בלויז איין מינוט, הער מיך אוים! האָב ניט קיין מורא, איך וועל דיר גאָר ניט טהאָן...

— אוועק פון דאנען, דו הונד, דו גזלן, דו מערדער! — האָט זי זיך צובייזערט — פערשאלטען זאָלסט דו זיין דו לומפּ, דו ניעדע־ריגער אויסוואורף! — אוועק, אוועק פון דאנען!

און אַ מאכטלאָזע איז זי אוועק צו זיך אין צימער, זיך אוועקגע־וואָרפען מיט אַ כליפּען אויפ׳ן בעט און געביסען דאָס קישען.

.19

ניטאָ קיין רעטונג, ניטאָ. מאַריאַ קאָמאַסטראַ'ס טאָכטער האָט אויס־געטרונקען גיפט און איז געשטאָרבען צוזאַמען מיט דעם דריי מאָנאַט־ליכען עופּה'לע אין בויך. קלעמענצאַ יאַריאַס טאָכטער האָט זיך אַרונ־טערגעוואָרפען פון דער בריק און איז געשטאָרבען אין דעם בלאָטיגען וואַסער פון דעם פּעסקאַראַ. זי מוז אויך שטאַרבען.

דיעזער געדאַנק האָט אַ בליטץ געטהאָן ביי אַרסאַלאַן אין מח, ווען עס האָט אָנגעהויבען נאַכט צו ווערען. עס איז דעמאָלסט געווען ערב יום טוב און די קירכען גלעקער האָבען געקלונגען, אָנזאָגענדיג דעם עולם, אַז מאָרגען איז יום טוב. גרויסע קאָמפּאַניעס שוואַלבען האָבען זיך רוישיג געדרעהט איבער „פּאַלאַצאָ די ברינאַ". אַ רויטער וואָל־קען האָט געהאָנגען איבער די הייזער, ווי יענער, וואָס האָט אויסגע־גאָסען ברענענדיגע סמאָלע און שוועבעל אויף סדום.

דער געדאַנק וועגען טויט האָט אַרסאַלאַן ווי פּאַראַליזירט. זי האָט מורא געהאַט פאַר זיך אַליין. און אַ קאַמפּף פון לעבען און טויט האָט זיך אין איהר אָנגעפאַנגען. זי האָט דערפּיהלט, אַז אַ הייסער שטראָם בלוט האָט זיך איהר געגעבען אַ גאָס אין פּנים און אין שטערען אריין. זי האָט זיך אויפגעהויבען פון דעם בענקעל און געבראָכען די הענט אין דער אויפרעגונג פון דעם שרעקליכען קאַמפּף. און אַ שרעקליך נערוועזע איז זי ארויס פון צימער, אריין אין קיך, געכאַפּט אַ גלאָז מיט וואַסער, אַ פּעקעל שוועבעלאך, אָבגעבראָכען די קעפּלאך, אריינגעוואָרפען אין גלאָז וואַסער, אויסגעמישט און איז וויעדער אריין צו זיך אין צימער און בעהאַלטען דאָס גלאָז מיט גיפט אין אַ ווינקעל הינטער'ן מעבעל.

— מיין גאָט! מיין גאָט! — האָט זי אויסגעשריען.

זי האָט געהאַט פּחד צו בלייבען אַליין מיט איהר שרעקליכען, בע־שלאָסענעם פּלאַן. פּלוצים איז אין איהר געדאַנק ערשיענען דער קער־פּער פון כריסטינאַ אוריאַ'ס טאָכטער, ווען זי האָט איהם געזעהן אַ דערטרונקענעם טראָגען אויף אַ מטה אהיים צו דער מוטער. זי האָט געזעהן דעם געשוואָלענעם קערפּער מיט דער בלאָטע צווישען די האָאָר,

אין די איינגעפאלענע אויגען, אין מויל און צווישען די פינגער פון די פיס.

— מיין גאָט! מיין גאָט! שטארבען!

און זי האָט זיך א צאפּעל געטהאָן, פונקט ווי אימיצער זאָל א שפריץ טהאָן איז קאלטע וואסער אויף איהר צו־וואָרעמטען קערפּער. א דראָזש איז דורך איבער איהר גאַנצען לייב און א וועהטאָג האָט זי אָנגעכאפּט פונקט, ווי א שארפער מעסער וואָלט זיך אין דעם איינגע־שניטען.

— ניין, ניין, ניין! — האָט זי אויסגעשריען ניט מיט איהר קול, ווי וועלענדיג מיט עפּעס אָבטרייבען פון זיך דעם שרעקליכען געדאנק, און זי איז צוגעגאַנגען צום פענסטער זוכענדיג א בעשיטצונג פלאַץ.

אָן ארומגעכאפּטע מיט א פּחד איז זי געשטאַנען און געקוקט אויף דעם בילד פון דער ביבלייעשער שרפה. אומקוקענדיג זיך צוריק האָט זי דערזעהן אין די שאָטענס פון דעם צימער א משונה'דיגע שיין — דעם בליאסק פון די גאָלדענע האלבע לבנות אויף די קליידער פון דער „הייליגער" פון לארעטא. א נייע מורא האָט זי אָנגעכאפּט. זי האָט זיך אָנגעשפּארט אָן דעם געזימס פון דעם פענסטער און ווידער געקוקט אויף די וואָלקענס. אַזוי איז זי פערבליבען, ניט וואַגענדיג א ריהר צו טהאָן זיך.

— הא! — האָט זי אָבגעזיפצט.

פּלוצים האָט די האָפנונג ווידער א שיין געטהאָן אין איהר. יא, יא, דער מכשף ספּאַקאַנע, דער אַלטער, מיט דער לאַנגער באָרד בעוויזט דאָך מופתים און ווייסט מיטלען פאר אַלע צרות... ער פלעגט קומען צייטענווייז אין שטאָדט אריין אויף א ווייסען עזעל. אַלע פרויען פלעגען ארויסלויפען פון די שטיבער און איהם מקבל פנים זיין מיט כבוד און מיט ברכות. מיט פערשיעדענע גראָזען, מיט משקאות, מיט דער בעוועגונג פון דעם גרויסען פינגער, מיט שפּרוכען האָט ער אויס־געהיילט אַלערליי קראַנקהייטען. ער מוז אָהן צווייפעל וויסען אויך א מיטעל געגען דיעזער צרה... יא, יא, ער ווייסט!

און אין מיטען דער אויסוואַקסענדער מיעדקייט און פערצווייפ־לונג האָט ארסאַלא דערפיהלט די ערוואַכונג פון האָפנונג. א שוואַלב איז דורכגעלאָפען און פערטשעפּעט איהרע האָאָר ווי א פלעדער־מויז.

א מילד זומער ווינטעל האָט איהר געבלאָזען אין פּנים אריין, אויפרע־גענדיג דאָס בלוט.

מיט א אונווילענדיגער און וויסענסלאָזער בעוועגונג האָט זי צו־געלעגט די הענט צו איהר קערפּער. אן אונבעשרייבליך מוטערליכעס געפיהל האָט אריינגעדרינגען צו איהר אין דער נשמה אריין. און אין דער געהיימניספּאָלער טיעפקייט האָט זיך ערוואַכט איינער פון די ער־אינערונגען פון דער לאַנגער קראַנקהייט... — אך, עס איז געווען אין מארט... איבעראל א פערגניגענד וויסקייט... און אויף איהר איז געפאלען א רעגען פון ווייבע, צולאָזטע זוימען...

.20

און אויפ'ן צווייטען אין דער פריה איז זי בסוד אוועק פון דער היים און זיך געלאָזט איבער דעם וועג קיין קיעטי.

ספּאָקאַנע האָט געוואוינט לעבען סאן ראקא. אונטער דעם שאָטען פון אלטע דעמבעם האָט ער געמאכט זיינע מופתים און צוגעבען זיינע קמיעות אין גאַנצען די סביבה אויף א שטח פון צוואַנציג מייל איז גע־קומען צו איהם נאָך אָבשפּרעכונגען און רפואות און האָט איהם בע־טראַכט אלס אן אמת'ן שליח פון גאָט. אין דער צייט, ווען עס איז אומגעגאַנגען א מאָרד אויף בהמות, האָבען זיך גאַנצע טשערעדעס מיט אָקסען און פערד צוזאַמענגעקליבען ארום דעם בעוואוסטען דעמב; די סימנים פון די קאָפּיטעס האָבען געמאכט א פערשיכור'טען עיגול אויף דעם גראָזיגען שטח.

און ארסאלא איז געגאַנגען מיט א קלאַפּענדער ברוסט. די שעהנע נאַטור, די ברייטע פעלדער, די שטראַהלענדע בוימער, די טרוימענדע וועלדער, די פויגעלאך'ס שירה, דאָס פּליסטערען פון די וואסערלאך, דאָס וויספּערען פון די פליעגעלאך, אלעס, אלעס צוזאַמען האָט זי אליץ מעהר ענטמוטהיגט, אליץ שנעלער געטריבען, אליץ פערשטאַרקט איהר איינציגע האָפנונג, אליץ שנעלער געמאכט לויפען דאָס בלוט אין איהרע אָדערען. אלע איהרע פּחדים זיינען פערשוואונדען און זי האָט געלעבט און געאָטהעמט מיט בלויז צוויי זאכען — מיט דער האָפ־

נוג צו בעפרייען איהר קערפּער פון וועהטאָג און צער און דעם חשק צו דערגרייכען איהר וואונש. איהר פאַנטאַזיע איז געוועזן פערנומען מיט דעם וואונדערליכען אַלטען. זי האָט איהם אין איהר איינבילדונג געמאָהלען אַלס אַ גיגאַנט, אַלס פּאַטריאַרך, אַלס גרעסטער, אַלס שטאַרקסטער. אַלע מעשות, וואָס זיי האָט זי אָנגעהערט וועגען איהם האָבען זיך צוזאַמענגעדרינגען אין איהר מח און צוזאַמענגעגאָסען גע־וואָרען אין איין גרויסען, מעכטיגען מופת. זי האָט זיך דערמאָהנט ווי בשעת זי איז געלעגען קראַנק, איז ראָזע קאַטענע געשטאַנען לעבען איהר און דערצעהלט וועגען די גרויסע וואונדער פון דעם גרייז. אַ בלינ־דער פון טאַרע דע פּאַסער, איז געקומען צו איהם און אין דריי טעג אַרום איז ער אַהיים געגאַנגען אַ זעהענדיגער און מיט אַ טונקעל בלויען צייכען אויף דעם שלייף. אַ פרוי פון ספּאַלטאַרע, אין וועמען אַ דיבוק איז אריין איז אָבגעוועזן ביי איהם בלויז צוויי טעג און איז אַהיים גע־גאַנגען אַ געהאָרכזאַמע און רוהיגע ווי אַ שעפּס. זי האָט דאָרט אַ פּאָר מאָל אַ זופּ געטהאָן וואַסער, וועלכעס אז געוועזן בעהאַלטען אין אַן אויסגעטריקענטער דיניע.

און אַזוי האָט זיך דערמאָהנט איין געשיכטע נאָך דער אַנדערער, איין מופת נאָכ'ן צווייטען און ארסאַלאַ איז געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר ערמונטערט אין איהר האָפנונג.

זי האָט דערפיהלט אַ מיעדקייט אין איהרע פיס און זי האָט זיך געזעצט אָברוהען אונטער אַן אויל־בירטהע בוים. אַ מחנה האַלב נאַקע־טע, מיט בראָנזענע קערפּער ציגיינער זיינען פערביי געפאָהרען אויף רויטע עזלען. זיי האָבען געהאַלטען לאַנגע שטעקענס אין די הענט און קלימעקלאַך אָנגעבינדען ביי די זייטען. דערזעהענדיג די אָברו־הענדע פרוי, האָבען זיי זיך צולאַכט און זיך איבערגעשעפּטשעט. ארסאַלאַ'ס הארץ האָט אָנגעהויבען קלאַפּען אונרוהיג, דערזעהענדיג ד פינקלענדע אויגען און איז ניט געבליבען רוהיג ביז די ציגיינער זיינען אַוועק ווייט, ווייט פון איהר.

זי איז געגאַנגען ווייטער און אין איהר געדאַנקען האָט ווידער אָנגעהויבען שוועבען און פליהען איין רעיון נאָכ'ן אַנדערען, איין ערוואַ־נערונג נאָך דער צווייטער און די בוימער האָבען זיך גע'סוד'ט איבער איהר קאָפּ און די פויגעלאַך זיינען איהר נאָכגעפלויגען און מעשות דערצעהלט.

זי איז ווידער געוואָרען מיעד, אָבער דאָס מאָל שוין אויף אַזוי פיעל, אז זי האָט געפיהלט, אז אָט אָט פאלט זי אוועק צו דער ערד. „אָט, ביז צו יענעם בוים" האָט זי זיך געטראכט „און דאָרט וועל איך פאלען פון די פיס", אָבער זי איז ניט געפאלען .רעכטס האָבען זיך בעוויזען די שטיבער פון סאן ראקא. א פויער איז איהר מיט'ן וועג גע־לאפען אנטקעגען.

— גוטער מענש, איז דאָס ניט סאן ראקא? —

— יא, יא, אָט דאָרט איז דער נאָהענטסטער וועג.

עס האָט אָנגעהויבען רעגענען. א שטורם האָט זיך אויפגעהויבען. דאָ און דאָרט האָבען זיך בעוויזען פייערדיגע פאסען. די ווייטע בערג־לאַך האָבען מיט אמאָל אויפגעפלאמט און באלד צוריק פערשוואונדען אין דער געדיכטער וואָלקען־טונקעלקייט.

ארסאלא האָט פּרובירט צו צו לויפען צום דעמב, וועלכער איז גע־ווען פון איהר אויף א שטח פון אן אויסשאָס. די גרויסע געדיכטע רע־גען טראָפּען, האָבען איהר געקלאָפּט אין נאקען, ארונטער גערונען איבער דער פּלייצע, געפּאטשט אין פּנים אריין און איהרע קליידער זיינען געוואָרען נאס דורך און דורך. די פיס האָבען זיך איהר אונ־טערגעהאָקט. צוויי מאָל האָט זי זיך אויסגעגליטשט און ווידער אויפ־געשטאנען. ענדליך האָט זי כמעט אן אָבגענומענע אָנגעהויבען שרייען אין דער ריכטונג צום הויז.

— העלפט! העלפט!

פון טהיר איז ארויסגעגאנגען א פרוי און האָט איהר געהאָלפען, צוויי הינט זיינען איהר נאָכגעלאָפען און געבולען.

א האלב טויטע האָט זי זיך נאָכגעשלעפט אן אָנגעשפּארטע אויף דער פרוי און האָט ניט געוואוסט, וואָס עס טהוט זיך מיט איהר. נאָר ווען די פרוי האָט זי אָנגעהויבען אויספרעגען און דערמאָהנט דעם נאָמען ספּאקאנע איז זי געקומען אביסעל צו זיך.

— א, וואו איז ספּאקאנע? — האָט זי געפרעגט.

— ער איז אין פּאפּאלי, הייליגע פרוי, מען האָט איהם אַהין ארויסגערופען.

די כחות האָבען פערלאָזט ארסאלאן. זי האָט אָנגעהויבען קלאָגען און רייסען אויף זיך די האָאר.

— וואָס דאַרפט איהר, הייליגע פרוי? וואָס איז מיט אייך?

איך בין — זיין פרוי. איך פערנעהם זיין פּלאַטץ... — האָט די מכשפה געמיוקעט, צוזאַמענדריקענדיג איהרע הענט.

ארסאלא איז אויך אַ מינוט געבליבען אין פערלעגענהייט, נאָכ־דער האָט זי איהר דערצעהלט אַלעס, סאָפּענדיג, קלאָגענדיג און פער־שטעלענדיג דאָס פּנים מיט די הענט.

— איך האָב אַ מיטעל. עס וועט אייך קאָסטען 50 סאָלדען, הייליגע פרוי. — האָט די מכשפה ווי אויסגעזונגען איהרע ווערטער.

ארסאלא האָט צוגעבונדען אַן עק פון איהר נאָז טיכעלע און געגעבען דער מכשפה פינף זילבערנע מטבעות. נאָכהער האָט זי אָנגעהויבען וואַרטען מיט אַ פערבעהאַלטענער טרייסטענדער רוהיגקייט.

דאָס צימער איז געוועזן קליין, ניעדעריג, קויטיג, די ווענט בעהאַנגען מיט אַלערליי בילדער פון דער קדושה און טומאה. אויפ'ן טיש זיינען געלעגען פערשיעדענע משונה'דיגע אינסטרומענטען און כלים. אַ מרה שחורה האָט ארומגעשוועבט איבער אַלעס.

— אָט איז עס, הייליגע פרוי! דרייסטער! — ארסאלא האָט מיט אַמאָל אויסגעטרינקען דאָס פליסיגקייט און אין דער זעלבער סעקונדע האָט ווי אַ פייער אָבגעבריהט איהר גומען און אַלעס אינע־וועניגסטס. זי איז געבליבען מיט אַן אָפענעם מויל, צוגעדריקט די הענט צום קערפּער און, אין מיטען די קאָנוואולסיווע צוזאַמענשרים־פּפונגען פון דער „מוטער", האָט זי געטופּעט מיט די פיס אָן דער שטיינערנער פּאָדלאָגע.

— דרייסטער, הייליגע פרוי, דרייסטער! — האָט די מכשפה איבערגע'חזר'ט, אָנהאַלטענדיג זי ביים גארטעל — איהר וועט נאָך פּאָספּייען צוריק צו קעהרען זיך קיין פעסקרא.. אָט אזוי! אָט אזוי!

ארסאלא האָט ניט געקענט רעדען. זי האָט נאָר געקענט קוויטשען. די קאָנוואולסיען האָבען אריינגעשרומפּפט איהר מאָגען, איבערגעהאַקט איהר אָטהעמען און ארויסגערופען אַ ברעכען. די שוואַרצאַפּעלאָך האָבען זיך פערקאַטשעט ארויף פּונקט, ווי זאָל ליגען אין דער פּאַליגע. זי האָט געפּיהלט אַ שרעקליכען וועהטאָג אין יעדען אבר. דאָס „מפּיל" האָט געפּאָלגט כמעט אויפ'ן שטעל מיט אַ שרעקליכען בלוט פערלוסט.

— יעזוס, יעזוס, יעזוס! — האָט די מכשפה אונרוהיג באַר־

מאַטשעט, דערזעהענדיג דאָס אויסגעצויגענע אונגליקליכעס פּרויענ־צימער — יעזוס, העלף מיר!

ארסאלא איז געקומען אביסעל צו זיך. און אזוי ווי דער בלוט־שטורץ האָט, ווי עס האָט אויסגעצייגט, אויפגעהערט, האָט די אונ־גליקליכע אוטערגעהויבען און מיט דער הילף פון דער אַלטער, ארוים־געהן אויף דער לופט. זי האָט זיך קוים מיט אַלע כחות צוגעשלעפּט ביז צום וועג.

די לופט איז געווען ערפרישט פון דעם רעגען. אַ רייהע פוהרען אָנגעלאָדען מיט פולע זעק איז פערבייגעפאָהרען און געזונטע בעלי עגלות, אָנגעטרונקענע, זיינען געלעגען אויסגעצויגען אויף די זעק און געדרויכערט.

— העי, יפהפיה, ווילט איהר אפשר ניט פאָהרען מיט מיר?

און צוויי הענט האָבען אַ כאַפּ געטהאָן די מאַכטלאָזע ארסאלא און זי ארויפגעזעצט אויף אַ זאַק. זי האָט ניט געהערט די ציניש־רייד און די לצנות, וואָס די חברה האָט זיך דורכגערעדט פון פוהר צו פוהר.

מיט דער קראַפט פון אינסטינקט האָט זי צוזאַמענגעדריקט די קניען כדי צו פערהאַלטען דאָס בלוט. ביסלעכווייז האָט זי זיך אָנ־געהויבען צאַפּלען און דאָס טרייסלען פון דעם וואָגען האָט איהר פּעראורזאַכט אַ שטומפּיגען וועהטאָג. עס האָט איהר אָנגעהויבען שווינדלען אין די אויגען. זי איז אַ פּאָאָר מאָל שיעור ניט ארונטער־געפאַלען, נאָר דער אַנטרייבער האָט זי אָנגעכאַפּט און ער האָט גרויס הנאה געהאַט פון אַ טאַפּ טהאָן דאָס „שטומע" פרויענצימער.

אויפ'ן עק פון דעם וועג האָט זיך בעוויזען די שטאָדט פּעסקאַרא איינגעהילט אין זונען שטראַהלען און דער ווינד האָט צוגעבראַכט דאָס גערויש פון דער שטאָדט.

— עס געהט די קירכען פּראָצעסיע — האָט איינער פון די אָנ־טרייבער געזאָגט.

די אַנדערע האָבען אַ קנאַק געטהאָן מיט די בייטשען. די פּערד־לאַך האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן, די פוהרען האָבען זיך אָנגעהויבען טרייסלען שטאַרקער און די גלעקלאַך האָבען אָנגעהויבען קלינגען.

דאָס טרייסלען און דאָס גערויש האָט ווי ערוואַכט אַביסעל אר־סאַלאַן איינער פון די מענער האָט זי ארומגענומען און דער ריח פון וויין האָט איהר אַ זעץ געטהאָן אין פּנים אריין. זי האָט זיך אָנגעהויבען

וועהרען, שרייען און מאכען מיט די הענט אין אלע זייטען. און דאס שרעקליכע געשטאלט פון לינדראן איז פלוצים ערשיענען פאר איה־רע פערדונקעלטע און האלב צוגעמאכטע אויגען און דאס האט וויעדער ארויסגערופען ביי איהר א שרעקליכען ציטער.

אזוי ווי די פוהר האט זיך נאר אבגעשטעלט, האט זי זיך ארונ־טערגעגליטשט פון די זעק אויף דער ערד און מיט אלע כחות זיך גע־שלעפט ווייטער.

מיידלאך אנגעטהאן אין ווייסען, מיט לאנגע, דינע וועקסענע ליכט זיינען געגאנגען איבער דער גאס און געזונגען. נאך זיי איז געגאנגען די איבעריגע פראצעסיע. ארסאלא האט זיי בעמערקט פון ווייטען און האט זיך פערקירעוועט אין א זייטיג געסעל. טרעפענדיג זיך ביי דער טהיר פון ראזע קאטענא'ס שטוב, איז זי ארייננעגאנגען און, אזוי ווי זי האט גאר קיין כח ניט געהאט, האט זי זיך אוועקגעלעגט אויף דער פאדלאגע אין מיטען צימער, און דער בלוט שטורץ האט וויעדער אנגעפאנגען. די אונטערשטע העלפט קערפער איז אבגענומען געוואָ־רען און זי האט בשום אופן ניט געקענט מאכען קיין בעוועגונג.

ראזע איז ניט געווען אין דער היים. יענעם טאג האט די רעליגי־עזע פראצעסיע צוגעצויגען יעדען איינעם. אין א ווינקעל איז געזעסען מוא, ראזעס פאטער, א בלינדער און א ליידענדער פון רהומאטיזם פאר יאהרען און יאהרען. מיט'ן עק פון דעם שטעקען האט ער גע־טאפט אויף דער פאדלאגע ארום זיך, כדי זיך איבערצוצייגען אין וואס עס בעשטעהט דאס גערויש, וואס איז פלוצים געווארען אין צי־מער. און פון זיין הוילען מויל האט זיך ארויסגעריסען א ווארטשען בעגלייט מיט שפריצען סלינע.

און ביי די פיס פון דעם אבשטויסענדען שרעקליכען, אין דעם בלוט פון איהר זינד, מיט קרעמפהאפט צוזאמענגעדריקטע פויסטען, ניט ארויסלאזענדיג קיין איין געשריי האט זיך איינינע מינוטען גע־קנייטשט אין גוסס'דיגע קאנוואולסיען קריסטום'עס געשענדעטע כלה.

—אוועק! אוועק! וועסט דו אוועק געהן? אוועק פון דאנען?

דער אלטער, מיינענדיג אז דעם קצב'ס הונד האט זיך אריינגע־כאפט אין צימער אריין, האט אויסגעצויגען דעם שטעקען כדי איהם ארויסצוטרייבען, און ער האט א קלאפ געטהאן די שטארבענדע...



# דער איבערשיפער.

## 1.

דאנא לאאורא אלבאניקא איז געזעסען אין גאָרטען, אין א מיט גראָז בעשלאָגענער בעסעדקע, און געגאָסען פון דער בייטאָגעדיגער פרישער לופט.

דאָס ווייסע זומער הויז מיט ארונטערגעלאָזטע פאָרהאנגען און צוגעמאַכטען פאָרהייזער איז רוהיג געשטאַנען צווישען די פאָמעראַנ־צען און ציטראָנען בוימער. די זונן האָט געשיינט און פערשפרייט אַן אונוואהרשיינליכע היטץ און א גלאַנץ. עס איז געווען האלב יוני, און דער געשמאקער גערוך האָט זיך אין דער שטילער לופט צוזאַ־מענגעגאָסען מיט דעם אראָמאַט פון די ראָזען. צייטענווייז איז די לופט, אָנגעזאָפט מיט דעם בשמים'דיגען ריח, געווען אזוי צארט און שטארק, ווי א גרויסארטיגער וויין.

געזשומעט און געפליסטערט האָבען די אין גראָז בעהאלטענע פאָנטאַנען. ווען ניט ווען האָט זיך א דינער, פינקלענדער שטראָם אויפ־געהויבען און געשטאָלצירט איבער'ן גראָז, באלד איז ער נעלם געוואָ־רען און טאקע באלד וויעדער זיך בעוויזען, — אין בעהעלטעניש האָט ער זיך געשפיעלט — און אייניגע קליינינקע שטראָמעלאך האָבען זיך געשאָרכעט און געמאַכט א משונה'דיגע אונאָרדנונג אין די בלומען און אין גראָז, דערמאָהנענדיג אין לעבעדיגע בהמות, וועלכע זיינען גע־לאָפען, אָדער זיך געפּאַטשט אָדער געראָיעט דאָרט געלעגערם פיר זיך. אונבעמערקבארע פויגעלאך האָבען געזונגען.

דאנא לאאורא איז געזעסען און געטראַכט.

דאָס איז געווען שוין אַן אלטע פרוי זי האָט געהאַט א ריינעם, עדעלען פּראָפיל, א לאנגע, כמעט אדלערשע נאָז, א הויכען שטערען און א שעהן, נאָך פריש און חן'עוודיג מויל. שעהנע גרויע לאָקען

האָבען זיך אויפגעהויבען אויף די שלייפען און בעציערט איהר קאָפּ ווי מיט קרוינען. אין די יונגע יאָהרען איז זי, אפּנים, געווען זעהר שעהן און יצר־הרע'דיג.

אין דיעזען איינזאַמען הויז איז זי געקומען צופאָהרען ערשט מיט צוויי טעג צוריק צוזאַמען מיט איהר מאַן און מיט אַ גרויסער צאָהל דיענערשאַפט. זי האָט זיך ענטזאָגט פון אַ רייכען זומער וואוי־נונג אויף איינעם פון פּיעמאָנטעס בערגלאַך, וואו זיי האָבען יעדען זומער פערבראַכט; זי האָט זיך ענטזאָגט פון דעם ים און בלויז צוליעב דיעזען איינזאַמען, כמעט אָהן אַ סימן פון לעבען, פּלאַטץ.

— איך בעט דיך, לאָמיר פאָהרען אין פּענטי — האָט זי גע־זאָגט צו איהר מאַן.

דער 70 יעהריגער באַראָן האָט זיך אָנפאַנגס אביסעל געוואונ־דערט אויף זיין ווייב'ס זאָנדערבאַרען חשק:

— וואָרום עפּעס אין פּענטי? וואָס וועלען מיר טהאָן אין פּענטי?

— איך בעט דיך, לאָמיר פאָהרען. גלאַט אַזוי. פאַר אַן איבערבייט אַמאָל — איז דאָנאַ לאַאורא צוגעשטאַנען.

דער באַראָן האָט ווי געווענליך נאָכגעגעבען.

— לאָמיר פאָהרען.

די געשיכטע איז, אַז דאָנאַ לאַאורא האָט אין זיך געהאַלטען אַ סוד:

אין די יונגע יאָהרען איז זי געווען פול מיט ליידענשאַפט און ליעבע. צו אַכטצעהן יאָהר האָבען זי די עלטערן, צוליעב עקאָנאָמי־שער אויסרעכנונג, חתונה געמאַכט פאַר באַראָן אַלבאַניקאַ. דער באַ־ראָן האָט זיך געשלאָגען אונטער די פאָהנען פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען און איז דעריבער קיין מאָל ניט געווען אין דער היים. אין איינער פון באַראָן'ס לאַנגע אַבוועזענהייטען איז געקומען מאַרקיז פאַנ־טאַנעלע, אַ יונגער מאַן פון אַ ווייב און קינדער און זיך פערליעבט אין לאַאורען, און אַזוי ווי ער איז געווען אַ שעהנער, האָט ער ענדליך זי בייגעקומען...

אַ צייט לאַנג האָבען די געליעבטע גענאָסען דאָס אונבעגרענעצ־טע גליק, לעבענדיג אין פולער פערגעסענהייט.

נאָר איין מאָל האָט לאַאורא בעמערקט, אַז זי איז מעוברת;

זי האָט אָנגעהויבען וויינען, קלאָגען, ווערען פערצווייפעלט. עס האָט זי אָנגעהויבען מוטשען און פּלאָגען, ניט וויסענדיג וואָס צו טהאָן און אויף וואָס זיך צו בעשליסען. אויף דער עצה פון א פריינד איז זי אַבגעפאָהרען קיין פראנקרייך און דאָרט זיך בעהאלטען אין א קליין דערפעל, אין איינעם פון יענע בעוואקסענע און מיט דער זונן בעגאָסענע פּלעטצער, וואו די פרויען רעדען אויף דער שפּראך פון דיכטער.

עס איז געווען פריהלינג. און אין מיטען פון איהר שווערער אונרוהיגקייט און טיעפער מעלאנכאָליע פלעגען מיט איהר פּאסירען מינוטען פון אַן אונבעגרענעצטער, רוהיגער צערטליכקייט. שטונדען לאנג פלעגט זי איבערזיצען אין שאָטען אין א האלב-בעוואוסטזיניגען צושטאנד. בלויז דאָס טרויעריגע געפיהל פון ווערען מוטער פלעגט זי מינוטענווייז אויפציטערען. די אָרומיגע בלומען האָבען זיך צולאָזט און ארויסגעגעבען א שטארקען ריח. זי פלעגט דערפון דערפיהלען א לייכטען נוצען און א מיעדקייט אין איהר גאנצע קערפּער.

א, ווי טיעף יענע טעג האָבען זיך איינגעפּרעסט אין איהר זכרון!

ווען דער טריאומפירענדער מאָמענט האָט זיך דערנעהנטערט, איז איהר געווינשטער פריינד געקומען צו פאָהרען. די אָרימע פרוי האָט געליטען. מיט א בלאָסען געזיכט איז ער געשטאנען לעבען איהר. געררעדט ווייניג, נאָר אָפט געקושט איהרע הענט. זי האָט זיך ענטבונדען ביינאכט. מיט יעדען אָנגעכאַפּטען ווערהטאָג האָט זי געשריען, קאָנוואולסיוו זיך אָנגעכאַפּט אַן בעט און גערענקט, אז אָט שטאַרבט זי. דער ערשטער געשריי פון דעם קינד האָט זי אויפגעשווידערט ביז דער טיעפעניש פון דער נשמה. ליגענדיג אויף א זייט מיט דעם קאָפּ פערוואָרפען אהינטער אויף א קישען, ווייס ווי א לייוועגט, אָהן לשון, מיט ארונטערגעלאָזטע, פון מאַכטלאָזיגקייט, וויהען, האָט זי מאַט געשאָקעלט מיט איהרע בלוטלאָזע הענט, מאַכענדיג שוואַכע, אונבעשטימטע בעוועגונגען, פּונקט ווי איינער א גוסס, וואָס שלעפּט זיך צו דער וועלט.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט זי די גאנצע צייט געהאלטען דאָס קינד לעבען זיך אין בעט אונטער א קאָלדרע. דאָס איז געווען א קרישנע, ווייך, רויטליך בריאה'לע, אין וועלכע דאָס לעבען האָט בולט און

אַהנאויפהערליך געקלאַפּט. די האַלבגעשוואָלענע אויגלאַך זיינען געווען צוגעמאַכט און פון דעם מיילעכעל האָט זיך ארויסגעריסען א שוואַכעם טרויעריגעם קוויטשען דערמאַהנענדיג אָן דעם מיוקען פון א קעצעלע.

די מאַמא האָט, פון גרויס שמחה, זיך ניט געקענט זאַט אָנקוקען אויף דעם קינד און אָהנאויפהערליך עס געטאַפּט, געגלעט און געלעקט. א ליכטיגע שיין האָט זיך דורכ'ן פענסטער אין צימער אַריינגעגאָסען און אַקעגען זיינען געלעגען אויסגעשפּרייט שעהנע, ברייטע מיט גראָז בעוואַקסענע פעלדער. דיזער טאָג איז אין איינינע הינזיכטען געווען א הייליגער.

שפּעטער האָט מען דאָס קינד פון איהר צוגענומען און עס ערגעץ אוועקגעפיהרט. זי האָט עס מעהר ניט געזעהן. דאַן איז זי צוריק אהיים געפאָהרען און פאָרטגעזעצט צו לעבען מיט איהר מאַן גלייך ווי עס איז גאָר ניט געשעהן.

— קיין אנדערע קינדער האָט זי ניט געהאַט.

אָבער די עראינערונג, די אין געדאַנקען פערגעטערונג פון יענעם בעשעפעניש, וועלכעס זי האָט מעהר ניט געזעהן און וועלכעס האָט געוואַקסען ווער ווייסט וואו, האָבען איהר קיין רוה ניט געגעבען. איהר גאַנצער געדאַנק איז געווען פערנומען מיט בלויז איין זאַך: — מיט דעם קינד. זי האָט זיך עראינערט אָן יעדע קליינינקייט פון יענע געבענשטע טעג, ווען זי האָט געפיהלט איהר עופה'לע לעבען איהר ברוסט. זי האָט דייטליך געזעהן פאַר זיך דאָס דערפעל, די עטליכע בוימער פאַר איהרע הייזער, דאָס אָנצייכנונג פון די בערגלאַך, דעם ארונטערגעלאָזטען הימעל איבער זייערע קעפּלאַך, דעם קאָליר און די צייכנונגען פון דער קאָלדרע אויפ'ן בעט, דאָס קליינע בעמאָהלטע טעציל, אויף וועלכער מען האָט איהר צוגעטראַגען א גלאָז, אלעס, אלעס האָט בולט אויפגעלעבט אין איהר זכרון. מאַנכע מאָל פלעגט זי זיך אליין וואונדערען. עס פלעגען פאַר איהר ערשיינען בולט און לעבעדיג איינינע מענשען, וועלכע זי האָט דאָרט געזעהן, מיט זייערע בעוועגונגען, מיט זייערע מאַנערען און יעדער איינער מיט זיין בעזונדערען אויסזעהן. אין איהרע אויערען פלעגט קלינגען דעם קינד'ס פּיסטשען. עס פלעגט זיך איהר דוכטען, אז זי האָלט זיינע דאַרינקע, ראָזעווע, ווייכענקע הענטעלאַך. די קליינינקע הענטעלאַך, וועלכע זיי־

נען געווען די איינציגע פּאָלקאָמע אברים׳לעך אין גאַנצען קערפּעריל. א, די הענטלאַך! וויפיעל צער און עגמות נפש די אונגליקליכע מאַמע האָט געפיהלט זייענדיג געריבט פון דעם גרויסען תענוג צו האַלטען, צו קושען, צו לעקען און צו לאַסטשען יענע קליינינקע אברים׳לאַך.

אַזוי האָט דאַנא לאַאורא אָבגעלעבט יאָהרען, לאַנגע יאָהרען ביז דער עלטער, אָבגעשלאָסען אין איהר אינערליכען וועלטעל. זי האָט פיע־לע מאָל געפּרעגט איהר געליעבטען אויף דעם קינד. זי האָט זעהר גע־וואָלט וויסען, וואָס איהר איינציג קינד מאַכט.

— איך בעט אייך, זאָגט מיר אַמוועניגסטען וואו עס איז.

דער מאַרקיז האָט זיך ענטזאָגט צו רעדען, מורא האָבענדיג, אַז זי וועט ניט זיין געגוג פּאָרזיכטיג.

— זי דאַרף איהם ניט זעהן. זי וואָלט זיך ניט געקענט איינהאַל־טען. דער זוהן וואָלט זיך אַלעם דערוואוסט און ער וואָלט בענוצט די געהיימניס פיר זיין טובה וועגען. ניין, ניין, זי טהאָר איהם ניט זעהן.

לאַאורא האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן, אויסהערענדיג די טענות פון דעם פּראַקטישען מענשען. זי האָט זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען, אַז איהר קינד האָט שוין אויסגעוואַקסען, אַז ער איז שוין געוואָרען אַ מאַן, אַז ער איז שוין קרוב אַלט צו ווערען. פערציג יאָהר זיינען פאַראיבער זייט ער איז געבאָרען געוואָרען און אין איהרע געדאַנקען האָט זי אַליץ געזעהן ניט מעהר ווי דאָס ראָזעווע קינד מיט די צוגעמאַכטע אויגען.

מאַרקיז פּאַנטאַנעלע איז געשטאָרבען.

ווען דאָנא לאַאורא האָט זיך דערוואוסט, אַז דער אַלטער איז קראַנק, איז זי געוואָרען אַזוי אונרוהיג, אַז איינמאָל אָן אבענד, ניט קענענדיג מעהר אויסהאַלטען, איז זי ארויסגעגאַנגען און זיך געלאָזט צום הויז פון דעם קראַנקען דער געדאַנק וועגען דעם זוהן האָט זי געשטופּט אַהין. זי האָט געוואָלט זיך דערוויסען די געהיימניס איי־דער דער אַלטער שטאַרבט.

זי איז געגאַנגען ביי די זייטען פון די הייזער, צוזאַמענגעקנייטשט גלייך ווי זי האָט ניט געוואָלט אימיצער זאָל זי מערקען. די גאַסען זיינען געווען פול מיט מענשען. די לעצטע שטראַהלען פון דעם טאָג האָבען געפאַרבט די הייזער אין אַ ראָזעווע קאָליר. גאַנצע טשערעדעס

שוועלבעלאך, זיינע געפלויגען, זיך געדרעהט און איבערגע׳צלם׳ט איי־נע די אנדערע אונטער׳ן הימעל. האלאטעם איינגעלאך זיינען פערבייגע־לאפען און געשריען איינע צו די אנדערע. פון צייט צו צייט איז פערביי דאנא לאאורען דורכגעגאנגען א מעוברת׳ע פרוי געארמט מיט איהר מאן, און דער שאטען פון איהר הויכען בויך האט זיך אבגעצייכענט אויף דער וואנט.

אין גאנצען דיעזעס פרעהליכעס לעבען אין די ארומיגע געגענ־שטענדע און אין די מענשען האט געשיינט צו טרייבען לאאורען פאר־ווערטס. זי האט געמאכט שנעלערע טריט און איז געלאפען. די אויס־געפוצטע קראמען, די העל בעלייכטעטע קאפע הייזער, די רייכע פענס־טער, אלעס רייכעס, ליכטיגעס און שיינענדעס האט געשניטען איהרע אויגען. זי איז שטופענווייז אריינגעפאלען אין א צוטומעלטען צו־שטאנד. — וואס האט זי געטהאן? וואוהין האט זי זיך געלאזט געהן? אין דעם פלאנטער פון איהרע געדאנקען האט זיך איהר אויס־געצייגט, אז זי בעגעהט א פערברעכען, אז אלע קוקען אויף איהר, פרעגען זי און טרעפען איהרע רעיונות.

די שטאדט איז געווען בעגאסען מיט די לעצטע, רויטע שטראהלען פון דער זונן. דא און דארט אין די קעלערס האבען זיך געהערט ליעדער פון וויין.

ווען לאאורא איז צוגעקומען צו דער טהיר, האט איהר ניט געסטייעט קיין כחות אריינצוגעהן. זי איז פערבייגעגאנגען, געמאכט צוואנציג שפאן, געגאנגען צוריק און וויעדער פערבייגעגאנגען דאס הויז און ניט געקענט אריינגעהן. ענדליך האט זי אריבערטראטען די שוועל, אויפגעהויבען זיך אויף די שטיגען און געבליבען שטעהן מאכטלאז אין פארהייזעל.

אין הויז האט מען באלד געקענט דערקענען, אז עס איז פאראן א חולה. דאס דיענערשאפט איז געגאנגען אויף די שפיצען פינגער, טראגענדיג אין די הענט דאס אדער יענעס. אין קארידאר האבען זיך געהערט דיאלאגען גאר אין דער שטיל קוים, וואס מען האט געקענט הערען. עפעס א מאן מיט א פליכעוואטען קאפ, אנגעטהאן אין שוואר־צען, איז פערבייגעגאנגען די זאל, זיך פערנויגט פאר לאאורען און איז אבגעגאנגען.

קומענדיג מעהר צו זיך, האט לאאורא געפרעגט ביים לאקעי:

— איז דער מארקיז אין דער היים?

דער לאקעי האָט איהר מיט א פינגער אָנגעצייגט אויף דעם צוויי־טען צימער, און, מיט א נויג מיט'ן קאָפּ, איז ער אַוועק דערלעגען ווע־גען איהר קומען.

די מארקיזען איז אריינגעקומען דאָס איז געווען אן עלטערע פרוי, אביסעל דיקליך, מיט גרויע האָאר. איהרע אויגען זיינען געווען אָנגעפילט מיט טרעהרען. זי האָט שווייגענד ארומגענומען איהר פריינדין און א כליפּען האָט זי געשטיקט.

אין אייניגע מינוט שפּעטער האָט זי לאאורא ניט אויפהויבענ־דיג די אויגען געפרעגט:

— קען מען איהם זעהן? — און זי האָט בשעת מעשה צוזאַ־מענגעדריקט איהרע באַקען ביינער, כדי מען זאָל ניט קענען בעמער־קען איהר ציטערען.

— קום — האָט די מארקיזין געזאָגט.

ביידע פרויען זיינען אריינגעגאַנגען אין קראַנקען צימער. עס איז געווען בעגאָסען מיט א ווייכען ליכט. די לופט איז געווען אָנגע־זאפּט מיט דעם ריח פון רעצעפּטען. די זאכען, וואָס זיינען געשטאַנען אין צימער האָבען אָבגעגעבען גרעסערע און קלענערע שאָטענס. דער מארקיז, אויסגעצויגען אויף זיין בעט, א בלאַסער און בעדעקט מיט קנייטשען, האָט א שמייכעל געטהאָן, דערזעהענדיג לאאורען, און ער האָט זיך לאַנגזאַם אָבגערופען:

— איך דאנק אייך באַראָנעסע — און ער האָט איהר אויסגע־שטרעקט א הייסע און אין גאַנצען א פייכטע האנד.

ער איז אויגענבליקליך, געקומען צו זיך, אָנגעווענדעט אַלע זיינע כחות און אָנגעפאַנגען צו רעדען פון פערשיעדענע זאכען, אָבער מיט דער זעלבער גלאַסענהייט און פאָרזיכטיגקייט ווי ווען ער איז געווען געזונד.

אָבער לאאורא האָט אין דער האַלב פינסטערניש אָנגעשטרענגט אויף איהם איהר בליק, וועלכער איז געווען פול מיט אַזאַ הייסען געבעט, אז ער האָט איהם באַלד פערשטאַנען און ער האָט זיך געווענ־דעט צו דער פרוי:

— דזשיאָוואַני, זיי אַזוי גוט און גרייט מיר צו דעם רעצעפּט אַזוי ווי אין דער פריה.

די מארקיזין האָט זיך ענטשולדיגט פאַר איהר פריינדין און איז אָבגעגאַנגען, ניט פערדעכטענדיג קיין זאַך.

דאנא לאאורא האָט זיך דאן איבערגעבויגען איבער דעם אַלטען, גענומען זיינע הענט אין איהרע אריין, און מיט די אויגען ארויסגערי־סען פון איהם די געהיימנים....

— אין פענטי... לוקא מארינא... ער האָט א ווייב, קינדער, א הויז... פאָהר ניט צו איהם... פאָהר ניט צו איהם!... — האָט דער אַלטער מיט אנשטרענגקייט געשטאַמעלט און זיינע שווארצאַפּלען זיינען געוואָרען ברייט פון א פּלעצליכען פּחד — אין פענטי... לוקא מארינא... דעק ניט אויף די געהיימנים!...

די מארקיזירין האָט זיך צוריקגעקעהרט מיט דעם פערפערטיגען רעצעפּט.

דאנא לאאורא איז געזעסען און מיט כחות זיך בעהערשט. דער קראַנקער האָט אויסגעטרונקען די רפואה און מען האָט געקענט הע־רען ווי זי איז דורכגעגאַנגען אין האַלז.

דאן איז געוואָרען שטיל. עס האָט געשיינט, אז דער קראַנקער איז אנדרימעלט געוואָרען. זיין געזיכט האָט בעקומען א ברוגז'דיגען אויסזעהן און טיעפע, כמעט שווארצע שאָטענס האָבען זיך בעוויזען אונטער זיינע אויגען, אונטער דער נאָז, אויף די באַקען און אויפ'ן האַלז.

דאנא לאאורא האָט זיך געזעגענט מיט איהר פריינדין און איז מיט גאָר שטילע טריט, מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטהעם ארויסגע־גאַנגען.

.2

איבער דעם אַלעם האָט לאאורא ווייעדער געטראַכט, זיצענדיג אין דער בעסעדקע, אין דעם שטילען גאָרטען. וואָס זשע אַזוינס האָט זי יעצט אָבגעהאַלטען פון צו זעהן איהר זוהן? עס וואָלט ביי איהר גע־ווען געגוג כח און מוטה איינצוהאַלטען זיך, זי וואָלט איהם גאָר ניט אויסגעזאָגט, אָ, ניין! זי וואָלט זיך בעגניגענד מיט בלויז איין קוק טהאָן אויף איהם, אויף איהר זוהן, אויף איהר קינד, וועלכען זי האָט געהאַט נאָר איין טאָג די זכיה צו האַלטען אויף איהרע הענט. אַזוי

פיעל יאָהרען שוין אוועק זייט דאן! האָט ער אויסגעוואַקסען? איז ער א הויכער? איז ער א שעהנער? ווי אזוי זעהט ער אויס?

און שטעלענדיג זיך אָט דיעזע אַלע פראגען, איז זי ניט געווען בכח אין געדאַנק זיך פאָרצושטעלען יענעם מאַן. אין איהרע געדאַנקען האָט אַלץ ארומגעשוועבט דאָס קינד און ניט דער מאַן, דאָס קינד אין פערשיעדענע פאָזען און קיין אנדער זאַך האָט ניט געקענט פערוואַל־קענען און פערשאָטענען יענע ליכטיגע, בולט'דיגע שטריכען פון דעם קליינעם עופ'לע.

— איך וועל איהם זעהען, איך וועל איהם זעהן! — האָט זי אין איהרע געדאַנקען אייניגע מאָל איבערגע'חזר'ט, ווי א פערשיכור'טע.

אַלעס ארום איז געווען שטיל. די בלומען האָבען אָנגעבויגען זייע־רע קעפעלאַך און קערפערלאַך אונטער דעם שטאַרקען בלאָזען פון דעם ווינד, און האָבען זיך געשאָקעלט נאָך לאַנג נאָך דעם ווי דער ווינד איז שוין איינגעשטילט געוואָרען. שטראָמען וואסער האָבען געפינקעלט און זיך געשלענגעלט אין גראָז.

דאָנא לאאורא איז געזעסען אייניגע מינוטען און זיך צוגעהערט. די שטילקייט פון ארום און ארום צוזאַמען מיט איהר טראַגישער לאַ־גע האָבען אין איהר ערוועקט אַזעלכעס, וואָס האָט אָנגעפילט איהר נשמה מיט א געהיימניספאָלער אונענטשלאָסענהייט. זי האָט ניט גע־וואוסט אויף וואָס זיך צו בעשליסען. און זי איז נאָכהער אוועק איבער דער אַלעע. צו ערשט איז זי מיט שנעלע טריט צוגעגאַנגען צו דעם מיט גראָז בעוואַקסענעם טהירעלע, זיך אָבגעשטעלט, ארומגעקוקט זיך און האָט עס ענדליך אויפגעמאַכט. פאַר איהרע אויגען האָט זיך אויס־געשפּרייט א פּוסטער פּלאַטץ, בעגאָסען מיט דער בייטאָגידיגער זונן. פון דער ווייטען האָט אין דער לויטערקייט פון דעם הימעל זיך אָבגע־ווייסט די הייזער פון פּענטי, מיט דעם גלאָקען־טהורעם, מיט דעם קר־פּאָל און צוויי דריי סאָסנע בוימער. דער טייך איז געלאָפען איבער'ן שטח, זיך געשלענגעלט, געפינקעלט און ארומגעוואַשען די הייזער.

—ער איז דאָרט — האָט לאאורא א טראַכט געטהאָן און אַלע מוטערליכע סטרונעס האָבען אין איהר א ציטער געטהאָן. זי האָט אָנגעהויבען צו שפּאַנען מיט מעהר אויפלעבונג, קוקענדיג פאַר זיך און ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט אויף דער היטץ און אויף דער בלענדענדער שיין, וועלכע האָבען זי ניט געלאָזט געהן. פון

איין פונקט פון דעם וועג האָבען זיך אָנגעפאנגען בוימער, דיקע, ניע־דעריג געוואקסענע טאָפּאָליעס, פערהילעכט פון די היישערעקלאך'ס זשומען און זינגען. צוויי באָרפיסע פרויען מיט קוישלאך אויף די קעפּ זיינען איהר געגאַנגען אַקעגען.

— וואו איז דאָ לוקא מארינא'ס הויז? — האָט זי געפרעגט.

די פרויען האָבען זי מיט פערוואונדערונג אָנגעקוקט און פּע־ענטפערט:

— מיר זיינען ניט פון פענטי.

אַן אונצופריעדענע האָט לאאורא פאָרטגעזעצט איהר וועג, אָב־וואָהל זי האָט שוין אָנגעהויבען פיהלען אַ מיעדקייט אין אַלע איהרע אָרימע, אַלטע אברים. די הייסע זונן האָט געברענט, געבלענדעט און געשווינדעלט איהרע אויגען. פון דער היטץ און פון מיעדקייט האָט איהר אָנגעהויבען וועה צו טהאָן דער קאָפּ און זי האָט געפיהלט ווי פערטויבט.

פענטי איז אַלע מאָל געווען נעהענטער. פון צווישען געדיכט וואקסענדע רויזען האָבען זיך ארויסגעזעהן די ערשטע שטיבעלאך. עפּעס אַן אומגעלומפּערט־פעטע פרוי איז געזעסען אויף אַ שוועל פון אַ הויז. איהר גרויסער גראָבער קערפּער האָט זיך געענדיגט מיט אַ קינדריש קעפּעלע, מיט צארטע אויגען מיט אָפענע צייהן און אַ צו־פריעדען, זעהר צופריעדען שמייכעלע.

— אַ, סינארא, וואָהין געהט איהר? — האָט די פרוי געפרעגט מיט אַ נאאיווער נייגעריגקייט.

דאָנא לאאורא איז צוגעגאַנגען נעהענטער צו איהר. דאָס גאַנצע פּנים איז ביי איהר געווען אָנגעצינדען און דער אָטהעם האָט זיך איהר איבערגעריסען. די כחות האָבען זי פערלאָזט.

— גאָט מיינער! אַ, גאָט מיינער! — האָט זי געקרעכצט און גע־דריקט די שלייפען מיט די הענט. — אָ, גאָט מיינער!

— רוהט אייך אָב, סינארא, — האָט די גאַסטפריינדליכע פרוי געזאָגט, איינלאָדענדיג זי צו זיך אין הויז אריין. די שטוב איז געווען אַ ניעדעריגע און אַ פינסטערע און האָט זיך אויסגעצייכענט מיט יע־נעם בעזונדערען ריח, וועלכער האָט אַ שייכות מיט יענע פּלעצער, וואו עס וואוינען אַ פולע מענשען צוזאַמען אויף איין קופּע. אַ דריי־פיער נאַקעטע קינדערלאך מיט אונגעהייער געשוואָלענע בייכלאך זיינען

ארומגעקראָכען אויף דער הוילער ערד, געשטאַמעלט און געוואָרטשעט עפּעס און אינסטינקטיוו צוגעטראָגען צום מויל אַלעס, וואָס עס איז זיי געקומען אין די הענט אריין.

בשעת לאאורא איז געזעסען און זיך אָנגענומען מיט אביסעל כחות האָט די פרוי, ניט האָבענדיג וואָס צו טהאָן, גענומען אויף איהרע הענט א פינפטעס קינד וועלכעס איז געווען בעדעקט מיט שמאטעס און פון צווישען זיי האָבען ארויסגעקוקט צוויי גרויסע, ריינע, בלויע אויגען, דערמאָהנענדיג אָן צוויי וואונדערבארע בלומען.

— וועלכעס הויז בעלאַנגט צו לוקע מארינא? — האָט לאאורא א פרעג געטהאָן.

די בעל הבית'טע האָט איהר מיט א צייכען אָנגעצייגט אויף א רויטליכען הייזעל אויפ'ן עק דאָרף, נאָהענט צו א טייך און כמעט אין גאַנצען ארומגערינגעלט מיט הויכע טאָפּאָליעס.

— אָט יענעם הייזעל דאָרט — האָט זי ווערטערליך ערקלעהרט איהר אָנצייגונג.

די אַלטע דאַמע האָט זיך אויסגעצויגען, כדי א קוק צו טהאָן.

איהרע אויגען האָבען וועה געטהאָן פון דער זונען שיין, און זי האָט געפינטעלט מיט די וויהען, אָבער זי איז אָבגעשטאַנען אין אזא פּאָזע אייניגע מינוטען, מיט שווערקייט אָבפיהרענדיג דעם אָטהעם און ניט ענדערענדיג, דאָס צוגעשטאַנענע מוטערליכעס געפיהל האָט זי ניט וועניג געשטיקט. הייסט עס, אז דאָס איז איהר זוהן'ס הויז?

אין איהר מח האָט באַלד א בליטץ געטהאָן דאָס אינערליכעס פון דעם „ווייטען" צימער, דאָס דערפעל פראוואנסא, די מענשען, די גע־געגנשטענדע. דיעזעס בילד איז מיט א בליטצען שנעלקייט דורך איהר מח דורכגעפלויגען, אָבער קלאָהר, דייטליך און בולט. זי האָט זיך וויע־דער ארונטערגעלאָזט אויף דעם בענקעל און, שווייגענדיג, פערקיהלט געוואָרען אין א צוטומלונג און אין א צושטאַנד פון עפּעס א פיזישע טומפּיקייט, וועלכע איז, מעגליך, ערשינען אלס רעזולטאַט פון דער זון'ס ווירקונג. אין די אויערען האָט איהר אונאויפהערליך געשומעט.

— ווילט איהר אריבער פאָהרען דעם טייך? — האָט די בעל הבית'טע געזאָגט.

לאאורא האָט געמאַכט א שוואַכען צייכען, בלינד ווערענדיג פון א וויכער רויטע רינגען פאַר די אויגען.

— לוקא מארינא פיהרט אריבער מענשען און בהמות פון איין ברעג אויפ'ן צווייטען. ער האט א שיפעל און א פאראם — האט די בעל הבית'טע פארטגעזעצט — אנדערש מוז מען צו געהן ביז פרעצי און דארט זוכען א דריבנע וואסעריל. שוין דרייסיג יאהר, אז ער בעשעפטיגט זיך מיט דיעזער פראפעסיאן. מיט איהם מעג מען זיין גאנץ רוהיג, סינארא!

לאאורא האט געהערט, שטארקענדיג זיך מיט אלע כחות צוזאמענגנעהמען זיך מיט די געדאנקען, וועלכע זיינען זיך צולאפען אין פערשיעדענע זייטען. פון דעסטוועגען האט זי זיך דאך פערלארען, הערענדיג אזעלכע בשורות וועגען זוהן און זי האט כמעט ניט פערשטאנען, וואס מען רעדט.

— לוקא איז ניט קיין היגער — האט די פולע פרוי פארטגעזעצט אויף א פלאפלערשען שטייגער. — איהם האבען אויפגעבראכט די מארינאס, וועלכע האבען ניט קיין קינדער און איינער א הער, אויך ניט קיין היגער, האט געגעבען זיין פרוי נדן. יעצט לעבט לוקא זעהר גוט, ער ארבייט. דאס איינציגע, וואס ער שיכורט.

די פרוי האט גערעדט און גערעדט און נאך אמאל גערעדט איינפאך, אהן דער מינדעסטער גיפטיגער אנדייטונג אויף לוקא'ס אונבעקאנטע אבשטאמונג.

— זייט געזונד, זייט געזונד — האט לאאורא געזאגט, אויפשטעהענדיג און פיהלענדיג, אז עס זיינען איהר צוגעקומען איינגעבילדעטע קרעפטען — איך דאנק אייך זעהר ליעבע פרוי.

זי האט דערלאנגט א מטבעה צו איינעם פון די קינדער און איז ארויסגעגאנגען אויף דער ליכט

— מיט דיעזען געסעל! — האט איהר די בעל הבית'טע נאכגעשריען, אנצייגענדיג דעם וועג.

לאאורא איז געגאנגען איבער'ן געסעל. ארום איהר האט געהערשט א פאלקאמע שטילקייט, בלויז די באביטשקעלאך האבען געזונגען. אייניגע צוקרומטע, קניפעלדיגע, גוזוואטע אוילבירטה בוימעלאך האבען זיך געשטאלצט אויף דעם אויסגעטרוקנטען באדען. לינקס האט דער טייך געבליסטשעט.

— עי, מארטינא־א־א! — האט צושריען אימיצענס א שטימע ווייט, פון דער זייט פונ'ם טייך.

דיעזע מענשליכע שטימע האָט פּלוצים געצוואונגען די אַלטע אַ פלאַטער צו טהאָן מיט איהר גאַנצען קערפּער. זי האָט געקוקט אין דער ריכטונג פון וואַנען עס איז געקומען. איבער דעם טייך האָט גע־שוואומען אַ שיפעל, קוים בעמערקבאַר דורך דעם בליסטשענדען טו־מאַן. אַ צווייטעס שיפעל, נאָר מיט זעגלען, האָט זיך געוויסט אויף אַ גרויסען, ווייטען שטח. אין ערשטען האָט מען געקענט אונטער־שיידען פיגורען פון בהמות, וואַהרשיינליך, פערד.

— עי, מארטינא־א! — האָט ווידער אַ קול גערופען.

די שיפען האָבען געשוואומען איינע אַקעגען דער אַנדערער. עס איז געווען אַ דריבנעס, וואַסעריג, זאַמדיג און קרייטיג פּלאַטץ, וואו די שיפער האָבען זיך אונטערוואָרפען אַ ריסק, ווען די פראַכט איז געווען צו גרויס.

אָבשטעלענדיג זיך אונטער אַ בוים און, צושפּאַרענדיג זיך צו זיין קערפּער, האָט דאָנא לאַורא פערפאָלגט די שיפען מיט איהר קוק. דאָס הארץ האָט איהר געשלאָגען מיט אַזאַ קראַפט, אַז עס האָט אויס־געוויזען, אַז די גאַנצע ארומיגע געגענד איז פול דערמיט. דאָס שאָר־כען פון די צווייגען, דאָס געזאַנג פון די באַבימשקעלאַך, דאָס פינקלען פון דעם וואַסער, אַלעס, אַלעס, וואָס מען האָט געקענט הערען און זעהן האָט זי אויפגערעגט און זיך, אין אַ וואַנזיניגער אונאָרדנונג, געפּלאָנטערט אין איהר קאָפּ.

דאָס לאַנגזאַמע צוזאַמענקלייבען זיך פון דעם בלוט אין איהרע געהירען, אונטער דער זונן'ס ווירקונג, האָט איהר געמאָהלען אַלעס אין אַ רויטליכע פאַרב און ארויסגערופען אַ קאָפּ שווינדעל.

ביידע שיפען זיינען דערשוואומען ביז צום פונקט, וואו דער טייך פערשלאָנגט זיך, און זיינען פון אויג פערשוואונדען.

לאַורא האָט דאַן פאָרטגעזעצט איהר וועג, וואַקלענדיג זיך, ווי אַ שיכור'טע. פאַר איהר איז ערשיענען אַ גרופּע הייזלאַך צולעגט אין דער לענג עפּעס אַ הויף. זעכס־זיעבען אָרימע לייט, צוזאַמענגעדריקט אין איין קופּע, האָבען אין אַ ווינקעל געהאַט זייער נאָכמיטאַגען אַברות. זייערע רויטליכע קערפּער, פערמיאוסט און פערעקעלט מיט פערשיע־דענע הויט קראַנקהייטען, האָבען ארויסגעקוקט פון אונטער די שמאַ־טיגע בגדים. דער שלאָף האָט אויף זייערע מגושם'דיגע געזיכטער אָבגע־זיענעלט אַ שווערוואַגיגען, בהמה'ישען אויסדרוק. אייניגע זיינען גע־

שלאָפען, ליגענדיג אויפ'ן בויך און בעהאַלטענדיג דעם קאָפּ אין די הענט, וועלכע זיינען געווען אויסגעמאַכט, ווי אַ רינג. אנדערע זיינען גע־שלאָפען אויף דער זייט מיט אויסגעשפּרייטע הענט, אין אַ פּאָזע פון דעם געקרייציגטען קריסטוס. אַ געדיכטער, פליסיגער, וואָלקען פליעגען האָט זיך געדרעהט און געזשומעט איבער די אָרימע מענשליכע סקעלעטען, פּונקט ווי איבער אַ קופּע מיכט. פון די האַלב־אויפגעמאַכ־טע טהירען האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּען פון וועבער ווארשטאַטען.

לאאורא איז דורכגעגאַנגען דאָס הויף. דאָס קלאַפּען פון איהרע טריט אויף די שטיינער האָט אויפגעוועקט איינעם פון די קבצנים, וועלכער האָט זיך אונטערגעהויבען אויף די עלענבויגענס און געשטאַ־מעלט מעכאַניש, נים פּאַספּיענדיג זאָגאַר די אויגען זיך אויסצואווי־שען:

— שענקט אַ נדבה!

— שענקט אַ נדבה!

און חברה אין שמאַטעס האָבען אָנגעפאַנגען נאָכפאָלגען די פּאָר־בייגעהערין, בעטענדיג אַ נדבה און אויסשטעקענדיג די הענט. איינער פון זיי האָט געהונקען און ער האָט זיך גערוקט מיט קליינע שפּרונגען, פּונקט ווי אַ פּערוואונדעטע מאַלפּע. אַ צווייטער איז געקראָכען אויף די הענט, ווייל זיין הינטערשטער טהייל קערפּער איז געווען פּאַראַלי־זירט. דער דריטער האָט געהאַט אַ בלויען געקנייטשטען און געקאָר־טשעטען האַרב, וועלכער האָט זיך געוואָרפען מיט יעדען שריט. ביים פיערטען איז געווען אויסגעדרעהט אַ האַנט, וועלכע האָט אויסגעקוקט ווי אַ גרויסער וואָרצעל.

זייערע שטימען זיינען געווען לחלוטין פערשיעדענע. אייניגע זיינען געווען טויב און הייזעריג, אנדערע שאַרף און ווייבליך און אַלע האָבען איבערגע'חזר'ט איינע און די זעלבע ווערטער, מיט איינעם און דעם זעלבען טאָן, אויף איינעם און דעם זעלבען האַרצרייסענדען אַרט:

— שענקט אַ נדבה!

ווערענדיג פערפאָלגט פון די אומגעלומפּערטע, מגושם'דיגע מענ־שען, האָט לאאורא דערפיהלט אַן אינסטינקטיווען חשק צו אַנטלויפען און זיך רעטען. אַ בלינדער פּחד האָט זי בעהערשט. זי וואָלט פיליכט געווען געשריען, ווען אין האַלז זאָל געווען זיין אַ שטימע. די אָרימע

האָבען זיך צוגעשפּאַרט צו איהר, זי בעריהרט, אויסשטרעקענדיג זייע־רע הענט. אַלע האָבען געוואָלט קריגען אַ נדבה.

די אַלטע דאַמע האָט געזוכט אין קלייד, אַרויסגענומען עטליכע מטבעות און זיי געוואָרפען אַהינטער זיך. די הונגעריגע קבצנים האָ־בען זיך אַבגעשטעלט, זיך אַרויפגעוואָרפען אויף די מטבעות, באָרענדיג זיך, פאַלענדיג אויף דער ערד, שטויסענדיג זיך, שטופענדיג איינער דעם צווייטען מיט די פיס און שילטענדיג זיך.

דריי זיינען געבליבען מיט לעדיגע הענט און, אין כעס ווערענדיג, האָבען זיי זיך ווידער אַ לאָז געטהאָן פערפאָלגען די אַלטע.

— מיר האָבען ניט געקריגען! מיר האָבען ניט געקריגען!

פּיהלענדיג פערצווייפעלט פון דער לעצטער פערפאָלגונג, האָט לאאורא זיי געוואָרפען נאָך עטליכע מטבעות, ניט אומקוקענדיג זיך אפילו. צווישען דעם קריפּעל און דעם הויקער האָט אויסגעבראָכען אַ געשלעג. ביידע האָבען געקראַגען. נאָר איינער, אַן אונגליקליכער, פאַ־ליגער־אידיאָט, איבער וועמען אַלע האָבען חוזק געמאַכט און גע־לאַכט, איז נעבאַך געבליבען ביי גאָר ניט, ער האָט זיך צוכליפּעט און לעקענדיג די טרעהרען, האָט ער זיך צולאָזט אין שרעקליכע:

— אאו, אאו, אאו־או־או!

### 3.

דאָנאַ לאאורא איז ענדליך צוגעקומען צום הויז מיט די טאָפּאָ־ליעם זי האָט זיך געפיהלט זעהר מאַט. די ריאה איז איהר געוואָרען פערדונקעלט, אין די שלייפען האָט געקלאַפּט, די צונג האָט געברענט, די פיס האָבען זיך איהר אונטערגעהאַקט.

דאָס טהירעל פון דעם פאַרקען איז געוועזן אָפען. זי איז אריינ־געגאַנגען.

אַ קיילעכדיגער שיער איז געוועזן מיט גאָר הויכע טאָפּאָליעם אַרומגערינגעלט. לעבען דעם האָט געוואַקסען גראָז, און צוויי רויטע קיה האָבען זיך בשלום געפּאַשעט, קלאַפּענדיג מיט די קאַלטאַוואַטע עקען אָן זייערע אויסגעפילטע זייטען. צווישען די פיס האָבען ביי זיי אַרונטערגעהאַנגען גרויסע, קיילעכדיגע, מיט מילך אָנגעפילטע איי־טערס. אויף דער ערד זיינען געוועזן צו־וואָרפען פערשיעדענע אינסטרו־

מענטען פיר ערד בעארבייטונג. הויך איבער די בוימער האבען באַ־ביטשקעלאך און פערשיעדענע אנדערע זומער־פויגעלאך געזונגען. אין מיטען הויף האבען זיך צוויי־דריי הינטעלאך געשפּיעלט, בילענדיג אויף די קיה אדער נאכלויפענדיג די היהנער.

— וואס זוכסט דו דא סינארא ? — האט עפּעס אן אלטער, ארויסקומענדיג פון הויז, געפרעגט — ווילסט אפשר אריבערפאה־רען ?

ער האט געהאט א פליכעוואטע קאפּ ; די באָרד געגאָלט, דער גוף, וועלכער האט זיך געהאלטען אויף רייפען־אויסגעבויגענע פיס, האט ארויסגעשפּארט פארווערטס. זיינע אברים זיינען געווען געקריפּעלטע פון שווערער ארבייט : פון אקערען, וואס שפּארט ארויס דעם לינקען אקסעל און קרומט אויס דעם גוף ; פון אונטערשניידען בוימער, וואס צווינגט צו בויגען זיך אין צעהנען, פון אלערליי מינים ערד ארבייט, וואס פאדערט דאס גיהנום׳שע געדולד. ביים לעצטען ווארט האט ער אנגעצייגט אויפ׳ן טייך.

— יא, יא— האט לאאורא געענטפערט, ניט וויסענדיג, אין פערלעגענהייט, וואס צו זאגען און וואס צו טהאן.

— טא געה זשע. אט קעהרט זיך לוקא צוריק — האט דער אל־טער צוגעגעבען, אומקעהרענדיג זיך מיט׳ן פּנים צום טייך, איבער וועלכען עס האט געשווימען, מיט דער הילף פון די שיפער, א פלאכע שיף, אנגעפילט מיט שעפּסען.

ער האט בעגלייט די פרוי איבער׳ן בענעצטען גארטען ביז צו דער מיט גראז בעשלאגענער בעסעדקע, וואו אנדערע פּאסאזשירען האבען געווארט. געהענדיג פאראויס, האט ער געלויבט די בוראקעס און נביאות געזאגט, לויט זיין מבינות אלס אן אלטער פּויער, וועלכער האט זיך געעלטערט צווישען די ערד פרוכטען, וועגען די אנדערע מינים ירקות.

אומקוקענדיג זיך פּלוצים א הינטער, ווייל די דאמע האט איהם גאר ניט געענטפערט, האט ער בעמערקט, אז אויף איהרע וויהען הענ־גען גרויסע טרעהרען.

— וארום וויינסט דו, סינארא ? — האט ער געפרעגט מיט דער זעלבער רוהיגקייט, מיט וועלכער ער האט גערעדט פון די בוראקעס און וועגען די אנדערע ירקות. — דו פיהלסט שלעכט ?

— ניין, ניין, גאָר ניט... — האָט לאאורא ארויסגעשעפּטשעט, פיהלענדיג. אז זי שטארבט אוועק.

דער אלטער האָט מעהר גאָר ניט געזאָגט. דאָס לעבען האָט איהם אזוי פערהארטעוועט, אז פרעמדע ליידען האָבען איהם ניט געריהרט. ער האָט יעדען טאָג געזעהן אפילו אזעלכע פּאסאזשירען!

— זעץ דיך — האָט ער געזאָגט, צוקומענדיג צו דער בעסערקע.

דריי יונגע פויערים, אנגעלאָדען מיט פעק האָבען דאָרט גע־ווארט. אלע דריי האָבען געדויכערט גרויסע ליולקעס און זייערע אלע געדאנקען זיינען געווען קאָנצענטרירט אויף דעם רויבענען, פון וועל־כען זיי האָבען, ווי עס האָט געשיינט, געוואָלט שטארק הנאה האָבען, ווי דער מנהג איז מיט די דאָרפס גוים, וואָס האָבען ניט קיין אנדערע פערגניגענס. ווען ניט ווען האָבען זיי גערעדט צווישען זיך איבער דעם, וואָס אינטערעסירט פויערים.

זיי האָבען מיט ספקות א קוק געטהאָן אויף לאאוראַן און נאכהער פאָרטגעזעצט זייערס.

איינער פון זיי האָט רוהיג ערקלעהרט:

— אָט איז שוין דער פּאראָם.

דער צווייטער האָט צוגעגעבען.

— ער פיהרט שאָף פון בירענע.

דער דריטער:

— אפשר א שטיק פּופּציג.

און אלע דריי זיינען מיט אמאָל אויפגעשטאנען און בעהאלטען די ליולקעס אין קעשענע אריין.

לאאורא איז ארייגעפאלען אין עפּעס א מין לעבענלאָזיגער טעמפּקייט. טרעהרען זיינען פערקיהלט געוואָרען אויף איהרע וויהען. איהר האָט פערלאָרען דאָס בעוואוסטזיין פון דער ווירקליכקייט. „וואו איז זי? וואָס האָט זי געטהאָן?“

די שיף האָט זיך לייכט אנגעקלאפּט אָן ברעג. די שאָף האָבען זיך געשטופּט איינע צו דער אנדערע און געמעקעט, מורא האָבענדיג פאר'ן וואסער. דער פּאסטוך, דער איבערשיפער און זיין זוהן האָבען זיי געהאָלפען ארויסגעהן אויפ'ן ברעג ארונטערשפּרינגענדיג אויפ'ן ברעג, האָבען זיך די שאָף דערשראָקען און זיך געלאָזט לויפען, אָבער זיי האָבען זיך באלד אָבגעשטעלט, וויעדער צוזאמענגעשטופּט זיך

אין איינעם און אָנגעהויבען וויעדער מעקען. צוויי־דריי קליינינקע לעמעלאַך האָבען אַרומגעשפּרונגען אויף זייערע דינענקע פיסעלאַך און אַלע מאָל זיך אָנגעכאַפּט פאַר די מוטער'ס אייטערס.

אַרויסגעענדיגט זיין אַרבייט, האָט לוקאַ מאַרינאַ צוגעבונדען זיין שיף צום ברעג און זיך געלאָזט געהן מיט שנעלע טריט איבער דעם ברעג אין דער ריכטונג צום גאָרטען. ער איז געווען אַ הויכער, דאַ־רער מאַן פון אַ יאָהר פיערציג מיט אַ רויטליכען פּנים און אויסגעפּליכע־וואַטע שלייפען. זיינע וואָנצען האָבען געהאַט אַן אונבעשטימטען קאָ־ליר און דער קיהן און די באַקען זיינען געווען בעוואָרפען מיט אונ־גלייכמעסיגע האָאָר. זיינע אויגען זיינען געווען מוטנע אָהן אַ סימן פון שכל אָדער לעבעדיגקייט און פולע מיט רויטע אָדערלאַך, פּונקט ווי ביי אַ שיכור. דורך דאָס אָפענע העמד האָט אַרויסגעקוקט אַ האָאָריגע ברוסט. דער קאָפּ איז געווען צוגעדעקט מיט אַ דורך און דורך פער־שמאָלצעוועטען היטעל.

— אַאוף! — האָט ער פּלוצים אויסגעשריען פאַר דער בעסערקע, אָבשטעלענדיג זיך, ברייט צושפּאַרענדיג די פיס און אָבווישענדיג מיט אַ טיכעל דעם שוויים פון דעם שטערען.

ער איז פערבייגעגאַנגען די וואַרטענדע פּאַסאַזשירען, ניט אומ־קוקענדיג זיך אויף זיי. אין אַלע זיינע בעוועגונגען און פּאָזען איז גע־ווען עטוואָס מגושם'דיגס און כמעט בהמה'יש גראָבעס. זיינע גרויסע הענט מיט די אָנגעשוואָלענע, שטאַרק בולט'דיגע אָדערען פון אַרביי־טען מיט די וועסלעס, האָבען געשיינט צו שטערען איהם. זיי האָ־בען מאַכטלאָז, לעבענסלאָז אַרונטערגעהאַנגען ביי די זייטען פון דעם גוף און זיך געשאָקעלט, ווען ער איז געגאַנגען.

— אַאוף! ווי עס ווילט זיך אַ טרונק!

לאַאוראַ איז געזעסען ווי פאַרשטיינערט, אָהן ווערטער, אָהן זי־נען און אָהן אַ ווילען.

דאָס איז איהר זוהן! דאָס איז איהר זוהן!

אַ מעוברת'ע פרוי, מיט שוין אַן עלטערער פיגור, מגושם'דיג פון אַרבייט און „קינדלען", האָט צוגעבראַכט איהר דורשטיגען מאַן אַ גלאָז וויין. ער האָט עס אַריינגעגאָסען מיט איין ציה. נאַכהער האָט ער מיט דער האַנד אָבגעווישט די ליפּען, אַ קנאַק געטהאָן מיט דער צונג און

געזאָגט מיט אַ מינע גלייך ווי די פאַרשטעהענדע ארבייט איז געווען שווער פאר איהם:

— קומט.

ער האָט פערפערטיגט די שיף צוזאַמען מיט זיין זוהן, א פופ־צעהן־יעהריגער גרויסגעוואַקסענער יונג, איבערלעגענדיג צוויי ברעטער פון דעם ברעג.

— ווארום געהסט דו ניט? — האָט דער אַלטער געפרעגט, זע־הענדיג, אַז לאאורא ריהרט זיך ניט פון פלאַטץ און רעדט ניט.

לאאורא האָט זיך אויפגעהויבען מעכאַניש און נאָכגעפאָלגט דעם אַלטען, וועלכער האָט איהר געהאָלפען אריינצוזעצען זיך אין שיף. ווארום האָט זי זיך אריינגעזעצט? ווארום זאָל זי אריבערפאָהרען דעם טייך? זי האָט וועגען דעם ניט געטראַכט און ניט געאורטהיילט איהרע האַנדלונגען. איהר דערשלאָגענער מח איז יעצט געווען אָהן לעבען און כמעט זיך ניט בעוועגט — דאָס איז איהר זוהן — און זי האָט געפיהלט אַז עפּעס לעשט זיך און פערשווינדעט אין איהר, זי האָט געפיהלט, אַז אין איהר מח ווערט שטופענוויז פוסט. זי האָט מעהר גאָר ניט פער־שטאַנען און אַלעס ארום איהר האָט זיך איהר אויסגעצייגט, ווי אין אַ חלום.

ווען לוקא׳ס עלטערער זוהן איז צוגעגאַנגען צו איהר און געפאָ־דערט זי זאָל בעצאָהלען איידער די שיף געהט אָב פון דעם ברעג, האָט זי ניט דערהערט. דער יונג האָט איבערגעוואָרפען מיט דעם געלד, וואָס ער האָט גענומען ביי אַן אנדער פּאַסאַזשיר און ווידערהאָלט זיין פאָ־דערונג, מיט אַ העכערער שטימע, אָננעהמענדיג, אַז די דאַמע איז טויב פון אַלטקייט.

דערזעהענדיג ווי די איבעריגע צוויי מענער טהוען אריין די הענט אין די קעשענעס און צאָהלען, איז זי געקומען אביסעל צו זיך און נאָכגעפאָלגט זייער ביישפּיעל, אָבער געגעבען מעהר וויפיעל עס איז געקומען.

דער יונג האָט פּרובירט איהר ערקלעהרען, אַז ער קען איהר ניט געבען דעם רעשט, וויל ער האָט ניט אַזוי פיעל געלד. זי האָט ניט פערשטאַנען. ער האָט צוגענומען דאָס גאַנצע געלד, וואָס זי האָט איהם געגעבען און געמאַכט אַ פיעל בעדייטענדע גרימאַסע. די אַנוועזענדע

האָבען זיך איבערגעשמייכעלט מיט יענעם מין שמייכעל, וואָס איז צו בעמערקען אויף דאָרפס לייטע, ווען זיי זעהן אימיצען אָבנאַרען.

לוקא, וועלכער איז די גאַנצע צייט געווען פערנומען מיט׳ן ארויס־שלעפּען דעם אנקער, האָט א שטופּ געטהאָן די שיף, וועלכע איז לאַנג־זאַם אָבגעשוואומען איבער דעם שווימענדען און רוישענדען וואַסער. דער ברעג, בעוואַקסען מיט טשערעט און טאָפּאָלען, האָט אָנגעהויבען ווי צו אַנטלויפען און זיך אויסבויגען עהנליך אויף א קאַסע. די זונן האָט אָנגעצינדען דעם גאַנצען טייך, קוים קירעווודיגען זיך צו מערב זייט, וואו עס האָט זיך אויפגעהויבען א בלויער נעבעל. אויפ׳ן ברעג האָט זיך יעצט געזעהן א גרופּע מענשען בעוועגענדיג זיך מיט פער־שיעדענע מינעס און אין פערשיעדענע פּאָזעס. דאָס זיינען געווען די חברה קבצנים, בעפּאַלענדיג דעם אידיאָט. פון צייט צו צייט האָט דער ווינד געבראַכט שטיקלאַך ווערטער און געלעכטער, וועלכע דערמאָה־נען אָן דעם בעוועגען זיך פון כוואַליעס.

די פיהרער פון דער שיף, מיט די אויבערשטע האַלבע קערפּער נאַקעט, האָבען מיט גרויס אָנשטרענגונג געאַרבייט צו בעזיעגען די קראַפט פון דעם שטראָם. לאאורא האָט פאַר זיך געזעהן לוקא׳ס שוואַר־צע פּלייצע, וואו די ריפּען ביינער האָבען זיך אָבגעצייכענט און דער שוויים האָט גערונען ריטשקעסוויז. איהרע טעמפּע, אביסעל פונאַנ־דערגעעפענטע אויגען, האָבען געקוקט אין איין פּינטעלע אריין.

— געקומען צו פאָהרען — האָט איינע פון די פּאַסאַזשירען, צו־זאַמענגעהמענדיג זיינע זאַכען, ערקלערט.

לוקא האָט געכאַפּט דעם אנקער און איהם געוואָרפען אויפ׳ן ברעג. די שיף האָט זיך א לאָז געטהאָן מיט דעם שטראָם אויף דער גאַנצער לענג פון דעם שטריק און האָט זיך מיט אַן אבשטויס אָבגע־שטעלט. די מענער־פּאַסאַזשירען זיינען מיט איין שפּרונג שוין געווען אויפ׳ן ברעג און רוהיג געהאָלפען דער אַלטער דאַמע ארונטערגעהן. נאָכהער האָבען זיי פאַרטגעזעצט זייער וועג.

דאָס גאַנצע פּלאַץ אויף דיעזען ברעג איז געווען בעדעקט מיט טרויבען־צווייגען. קליינע און דאַרע קוסטעס האָבען אין רייהען געגרינט. אייניגע בוימער האָבען פּלעצערוויז געשטערט די אייגאַרטיגקייט פון אַרום און ארום מיט זייערע קיילעכדיגע ליניען.

לאאורא איז געבליבען איינע אַליין אויף דעם ברעג אָהן א סימן

פון שאָטען, ווי אַ פערלאָרענע, ניט אַנערקענענדיג קיין זאַך אויסער דאָס שטענדיגע קלאַפּען אין איהרע אָדערען און דעם שווערען, פערטויבענדען רויש אין איהרע אויערען. דער באָדען האָט זיך ווי אַרויסגעשטעלט פון אונטער איהרע פיס און זי איז מיט יעדען שריט ווי פערסטעמפּעט געוואָרען אין דער ערד, פּונקט ווי אין אַ גערינכטער בלאָטע, אָדער אין אַ זאַמד. אַלעס אַרום איהר האָט זיך געדרעהט, געשווינדעלט און פערשוואונדען, אַלעס און זי אויך צוזאַמען האָט זיך איהר אויסגעציינט ווי פערנעבעלט, דערווייטערט, פערוואָרפען און פערגעסען אויף אייביג. אַ וואהנזין האָט זי בעהערשט. זי האָט פּלוצים דערזעהן פאַר זיך מענשען, הייזער, אַן אַנדער דאָרף, אַן אַנדער הימעל, זי האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן אַ בוים געפאַלען איבער אַ שטיין און זיך צוריק אויפגעהויבען. איהר אָרימער, מאַכטלאָזער קערפּער האָט זיך געוואַקעלט, מאַכענדיג פערצווייפעלטע און צו דער זעלבער צייט לעכערליכע בעוועגונגען, אָבער קיין זאַך אַרום האָט אַזוי ניט געגלאַנצט ווי איהרע גרויע האָאָר אונטער די שטראַהלען פון דער גרויזאַמער זונן.

די אָרימע אויף'ן צווייטען ברעג האָבען, אַלס אַ צייט פערטרייב, געצוואונגען דעם אידיאָט אַריבערשווימען דעם טייך און זיך נאָכיאָגען דער אַלטער פרוי, אַז זי זאָל איהם געבען אַ נדבה. זיי האָבען איהם אַריינגעשטויסען אין וואַסער אַריין, אַרונטערנעהמענדיג פון איהם פריהער די שמאַטעס. דער אידיאָט איז געשוואומען, ווי אַ הונד, אונטער אַ שטיינערנעם רעגען, וועלכער האָט איהם ניט דערלאָזט צוריק צו קעהרען זיך. די קריפּעלס האָבען געסוויסטשעט און געריטשעט, געפינענדיג אין דער גרויזאַמקייט אַ מין תענוג. לויט דעם שטראָם, וואָס האָט אָוועקגעטראָגען דעם תם, זיינען זיי אַרומגעשפּרונגען און געהונקען איבער'ן ברעג און געהילעכט און געגרגזנ'ט:

—ער טרינקט זיך! ער טרינקט זיך! —

דער אידיאָט האָט זיך דערשלאָגען צו דער האַרטער יבשה מיט פערצווייפעלטע אָנשטרענגונגען, און אַ נאַקעטער, — ווייל דאָס געפיהל פון שאַנדע איז אין איהם אָבגעשטאָרבען צוזאַמען מיט דעם פערשטאַנד, — האָט ער זיך געלאָזט געהן צו דער פרוי מיט זיין געוועהנליכען האַלב־פּאַראַליזירטען גאַנג.

דערזעהענדיג פאַר זיך דעם פאַרשוין, האָט די פרוי אין אַ טויט שרעק, מאַכענדיג מיט די הענט און, שרייענדיג מיט משונה'דיגע קולות,

זיך געלאָזט לויפען צום טייך. האָט זי געוואוסט, וואָס זי טהוט? האָט זי געוואָלט שטארבען? פון וואָס האָט זי אין יענעם מאָמענט גע־טראכט?

צולויפענדיג ביז צום סאמע עק פון טייך, איז זי ארייגגעפאלען אין וואסער. דאָס וואסער האָט א פליוסקע געטהאָן און זיך צוגעמאכט איבער איהר. פיעלע רינגען זיינען אָבגעלאָפען פון דעם איינגעפאלע־נעם פלאטץ, זיך צוגאנגען מיט לייכטע גלאנצענדע שאָקלען און זייגען פערשוואונדען.

די חברה קבצנים אויף דעם אנדערען ברעג האָבען נאָכגעשריען דער אָבשווימענדער שיף:

—א, לוקא! א, לוקא מארינא!

און זיי זיינען געלאָפען צום הויז מיט די טאָפּאָלען אָנזאָגען די נייעס.

דערווייסענדיג זיך פון דער פאסירונג, האָט לוקא געריכטעט זיין שיף צום אָנגעצייגטען פלאטץ און האָט גערופען לא מארטינא׳ן, וועל־כער איז זיך בשלום געשוואומען מיט׳ן שטראָם אויף זיין שיפעל.

— דאָרט איז א פרוי דערטרונקען געוואָרען — האָט לוקא גע־זאָגט.

ער האָט ניט דערצעהלט אלע איינצעלהייטען ווער עס האָט זיך געטרונקען און ווי אזוי עס האָט פאסירט, ווייל ער האָט ניט ליעב גע־האט צו רעדען א סך.

די איבערשיפערס האָבען זיך אויסגעגלייכט מיט די שיפען און רוהיג זיך געשוואומען.

— האָסט דו פּרובירט דעם נייעם וויין פון קיאקיא? — האָט לא מארטינא געפרעגט און ער האָט מיט א סימן מיט דער האנד אויס־גערריקט, אז דער וויין איז אויסגעצייכענט.

— נאָך ניט — האָט לוקא געענטפערט.

— וואָלסט דו פיעלייכט איהם געוואָלט פערזוכען? — האָט לא מארטינא ווייעדער געפרעגט.

— פאר וואָס ניט — האָט לוקא געענטפערט.

— נאכהער. ווארט אונז יאנאנזשלא— האָט לא מארטינא גע־זאָגט.

— זעהר שעהן — האָט לוקא געענטפערט.

זיי זיינען צוגעשוואומען צום פלאטץ. דער אידיאָט, וועלכער האָט געקענט אָנצייגען דעם פלאטץ פון דער טרויעריגער פּאסירונג פּינקט־ליכער פון אלע, איז אַנטלאָפען און בעקומען די פּאַליגע צווישען די טרויבען בוימלאך. אויפ'ן צווייטען ברעג האָבען זיך אָנגעפאנגען צו־זאַמענקלייבען נייעגעריגע.

— שטעל אָב דיין שיפעל און שפּרינג אריבער אין מיינעם. איי־נער וועט עס טרייבען און דער צווייטער וועט זוכען — האָט לוקא גע־זאָגט.

לא מארטינא האָט אַזוי געטהאָן. ער האָט געפיהרט דאָס שיפעל אהין און צוריק אויף א שטח פון צוואַנציג פוס און לוקא האָט מיט א הוק געזוכט און גענישטשערט אויפ'ן דנאָ פון דעם טייך. פון צייט צו צייט האָט ער אונטערגעבורטשעט, בעגעגענדיג אין וועג עפּעס א שטערונג.

— אָט. —

— אָט. —

אָבער יעדעס מאָל האָט ער געמאכט א טעות.

ענדליך, נאָך לאַנגע זוכען, האָט ער געזאָגט:

— יעצט האָב איך עס — און אָנבויגענדיג זיך, צושפּארענדיג די פיס, אום אָנצונעהמען זיך מיט כחות, האָט ער לאַנגזאַם ארויסגעהוי־בען די משא אויפ'ן עק פון דעם הוק, זיינע אָנגעצויגענע ארעמס האָבען געציטערט.

— העלפען דיר? — האָט לא מארטינא געפרעגט, ארונטערלע־גענדיג די וועסלע.

— עס לוינט זיך ניט — האָט לוקא געענטפערט.



# מונזשיא.

אין אלע סביבות פון פעסקארא, אין סאן סילוועסטרא, אין פאנ־טאנעל, אין סאן פאקקא, ביז צום סאמע פאלטארע, אין די וואלעלונער פלאנטאציעס, אויף יענער זייט אלענטא, און הויפּטזעכליך, אין אלע דערפלאך, וואס ליגען ביים ים, נאהענט צום פלאטץ, וואו דער פעס־קארא פאלט אריין, און אין אלע ווינקעלאך ארום די שארפע, שפּיצינע בערג — געהט פון לאנגע אלטע יאהרען ארום א מעשה פון איינעם א ראפּסאד, וועלכער האט אויף זיך געטראגען דעם נאמען פון א בעריהמ־טען ים־רויבער, און וועלכער איז געווען בלינד, ווי דער אמאלידינער האמער.

אום פריהלינג פלעגט מונזשיא אנפאנגען זיין וואנדערען און ענ־דיגען — אין אקטאבער, פונקט צו ערשטע קעלטען. ער פלעגט גערן פון דארף צו דארף אין דער בעגלייטונג פון א פרוי אדער א קינד.

אין דעם שטילען, רוהיגען וועלטעל ארומגענומען מיט ברייטע שעהנע פעלדער פלעגען וויינעדיג אבקלינגען זיינע ליעדער, זיין תהלים זיינע תפלות פאר די נשמות פון די געשטארבענע. ער איז אויף אזוי פיעל געווען יעדען בעקאנט, אז זאגאר די הינט האבען שוין אויף איהם ניט געבולען, ווען ער פלעגט צוקומען צו א הויז. מיט א טרעל אויף א קלארנעט פלעגט ער זיך לאזען וויסען און, דערהערענדיג דעם בעקאנטען סיגנאל, פלעגען שוין די אלטע פרויען זיך באלד בע־ווייזען אויף די שוועלען פון די טהירען, מקבל פנים געווען דעם גאסט. מיט גרוים כבוד, ארויסגעטראגען פאר איהם א בענקעל אונטער א בוים און אנגעהויבען איהם אויספרעגען מכח זיין געזונד.

דערהערענדיג דעם חשוב'ן גאסט אנקומען, פלעגען אויך די פויע־רים אוועקווארפען זייער ארבייט אין פעלד און מיט די כלי עבודה אין די הענט, אבווישענדיג אויפ'ן וועג דעם שוויים, וואס האט געררו־

נען פון זיי ריטשקעסווייז, געקומען צולויפען און ענג ארומגערינגעלט מונזשיאן און שטופענווייז האָבען זיך אַלע צוזאַמענגעשטופּט אין איין קופּע און עס איז געווען אַ וועהטאָג צו קוקען אויף זייערע צוקרימטע, אוראַדישע, צוקריפּעלטע און מיט מאַזאָלען בעדעקטע פיס, וועלכע האָבען אויסגעזעהן, ווי אַ מאַסע אוסגעקאַרטשעטע וואָרצלען.

מט הייליגען טריאומף האָט געוועהט פון דעם בלינדען און געשוועבט האָט שלום און פריעדען איבער די אַלע פערזאַמעלטע און איבער אַלעם ארום. די זונן, די פּראַכטפאָלע פרוכטען אויף דער ערד דער פּחד און די שמחה, פון דעם ארומרינגלענדען לעבען, — די צאַרטע, מחיה׳דיגע ליעדער, וואָס האָבען זיך געטראָגען פון ווייטענס — אַלעס, צוזאַמען איז געווען גאָר ניט מיט גאָר ניט אין פערגלייך מיט יענעם עגמות נפש און צער, וועלכע האָבען בעהערשט די פּויערים, ווען דער בלינדער מונזשיע האָט נאָר אָנגעפאַנגען זינגען.

איינע פון די אַלטע פרויען האָט אָנגערופען אַ נאָמען פון אַ טויטען פאַר וועמענ׳ס נשמה זי האָט געבעטען מתפּלל צו זיין, און מונזשיע האָט אָבגעהויבען זיין קאַפּעליוש.

זיין ברייטער, בלישטשענדער שאַרבען איז אין גאַנצען געווען בעצייכענט מיט אַ גרויקייט. און זיין גאַנץ געזיכט, וועלכעס איז אין דער געוועהנליכער צייט עהנליך געווען אויף אַ מאַסקע, אין גאַנצען ווי פון אַ זויער שטאָף אויסגעגעסען, איז מאָמענטאַל בעדעקט געוואָרען מיט פאַלדען און אויפגעלעבט, ווי נאָר ער האָט מיט זיין געוועהנליכער מינע צוגעטראָגען דעם קלאָרנעט צו זיינע ליפּען. טויזענדער קליינענקע און דינענקע קנייטשעלאך האָבען בעדעקט זיינע שלייפען, שטערען, נאָז און ליפּען, האָבען זיך צוזאַמענגעדריקט, צוזאַמענגעמישט און זיך ריטמיש איבערגערוקט פון פּלאַטץ אויף פּלאַטץ מיט יעדען בלאָז אין קלאָרנעט אריין. בלויז די באַקען־ביינער זיינען געבליבען אָנגעצויגענע, בלישטשענדע, געקאָלירטע מיט בלוטיגע אָדערען, וועלכע דערמאָהנען אָן די אָדערלאך פון אַ וויינבלאַט אין דער צייט, ווען מען נעהמט צוזאַמען די טרויבען. און פון די אויגען זיינען בלויז געבליבען שמאָלע פּאַסעקלאַך פון די איבערגעקעהרטע אונטערשטע וויהען.

און אויף דיעזען שערכעוואַטען געזיכט, אויף דעם לאַנגען דאַרען האַלז, אויף די קורצע, האַרטע האָאַר פון דער באָרד האָט זיך כישוף־

דיג דורכגעבראָכען אַ שיין, דאָ פערשווינדענדיג, דאָ צוריק ערשיי־
נענדיג און זיך צוגאָסען און צושלאָגען אין טחיילעכלאַך פונקט, ווי די
טהוי צושלאָגט זיך אין טראָפּענווייז אויף אַן אָבגרונד, וועלכע איז בע־
דעקט מיט באַראַדאַווקעס און שימעל; ער האָט געשפּיעלט אויף טוי־
זענדערליי אַרטען, זיך געשאָקעלט און געוואַקעלט, און זיין פּנים
האָט זיך אָנגעצונדען און עס האָט איהם צוגעגעבען אַן אָבשיין פון
אַלטען, אַלטען יחוס און אדעל.

און טענער האָבען זיך געגאָסען פון דעם קלאַרנעט לויט די שטע־
לונג פון די פינגער. עס האָט אויסגעצייגט ווי דער דומב, דער גוף
פון האָלץ און מעטאַל פערמאָגט אין זיך אַ נשמה, אַ טיעפע לעבע־
דיגע נשמה, וואָס איז לייכט זיך איבערצוצייגען. מיט אַ פעטע פּאָלי־
ראָווקע האָט דער קלאַרנעט אָבגעשיינט. זיינע לעכעלאַך האָבען אום
ווינטער געדיענט אַלס נעסטען פאַר קליינינקע שפינדעלאַך און אום
זומער זיינען זיי געווען פערשטאָפּט מיט שטויב און שמוץ. זיינע מע־
טאַלישע חלקים זיינען שוין פון לאַנג, לאַנג געווען בעדעקט מיט אַ
גרינעם ראָסט — און אין גאַנצען כמעט איז ער געווען פעררינכט מיט
וואַקס און סמאָלע און אַרומגעבונדען מיט פאָדעם. די קלאַנגען זיינע
זיינען געווען שוואַכע און ציטערענדע.

פאָלקאָם מעכאַניש האָבען זיך דעם בלינדען'ס פינגער איבערגע־
רוקט אויף דעם קלאַרנעט, ווייל אַלעס, וואָס ער האָט געשפּיעלט איז
איהם געווען גוט בעקאַנט. מונזשיע'ס הענט, לאַנגע, אומגעלומפּערטע,
בעדעקט מיט גוליעס און מאָזאָלען מיט אַ צוקוועטשטען נאָגעל אויף
דעם גראָבען פינגער, זיינען געווען עהנליך אויף די לאַפּעס פון אַן אַל־
טער, שוואַכער מאַלפּע און האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער
טונקעל־גרינקייט, ווי אויף צוגעפוילטע פרוכטען.

נאָך דער פּרעלאָדיע אויפ'ן קלאַרנעט פלעגט מונזשיא תמיד
זינגען די בעוואוסטע תפלה: „זיי מיר מוחל, גאָטעניו דערמאָהן מיך
ניט צו שלעכטען!..." בענוצענדיג זיך מיט די איבערגיסונג פון
בלויז פינף נאָטען, און זיין שטימע איז דאָ ארויף העכער, העכער און
דאָ געוואָרען שטיל קוים, וואָס מען האָט געהערט. אָפט האָט זיך גע־
הערט גאָט'ס נאָמען און אַלע זיינע מעלות און חסדים און דיהרענה־
האַרצרייסענד האָט די גאַנצע תפלה אָבגעקלונגען.

ניט אָבריייסענדיג די אויגען פון דעם זינגער'ס ליפּען, האָבען די

פויערים זיך צוגעהערט רעליגיעז און בע'צער'ט. ווען ניט ווען האָבען זיך פון די ווייטע פעלדער — לויט דער צייט פון דעם יאָהר — צוגע־טראָגען די ליעדער פון די שניטער אָדער פון די, וואָס האָבען צוזאַ־מענגעקליבען די ווייגטרויבען און זיך צוזאַמענגאָגסען מיט די קלאַנ־גען פון דעם הייליגען הימן, און מונזשיע, זייענדיג טויבליך, האָט אַלץ פאָרטגעזעצט זיין זינגען מיט דער זעלבער הויכער שטימע, ווי פריהער. זיינע ליפען האָבען זיך אויפגעהויבען און אַרונטערגעלאָזט אויף די צייהנלאָזע יאַסלען און איבער דער באָרד האָט אַלץ אָפטער און געדיכטער געראונען די סלינע. דאַן האָט ער ווידער צוגעטראָגען דעם קלאַרנעט צו די ליפען און געשפּיעלט עפּעס אַן אינטערמעצאָ (צווישען־שפּיעל), וועלכע איז ווידער געווען דורכגעוועבט מיט געט־ליכקייט. אַזוי האָט ער אימער אָנגעפאַנגען און אַזוי געענדיגט. זיין בעלוינונג איז בעשטאַנען אין אַ שטיקעלע קעז, אַ ציבעלקע, ברויט, אַ קריגעלע ווין און ווען ניט ווען אַ היהנדעלע.

געענדיגט זיין קאָנצערט, פלעגט זיך מונזשיע באַלד אויפהויבען פון דעם בענקעל. זיין קערפּער איז געווען אַ גרויסער און אַ דאַרער, זיין פּלייצע איינגעבויגען און זיינע פיס אויסגעבויגען. אַ קיילעכדיג יאָהר האָט אויפ'ן קאָפּ געטראָגען אַ גרינעם קאַפּעליוש און אויף די אַקסלען אַ ראָק, וואָס האָט דערגרייכט ביז צו די קניען און ביים האַלז געווען צוגעשפּיעלט אויף צוויי גרויסע מעשענע קנעפּ.

געגאַנגען איז ער לאַנגזאַם, קוים געשפּאַנט, און יעדעם מאָל זיך אָבגעשטעלט, כדי זיך אויסצוהוסטען און אָבצוכאַפּען דעם אָטהעם.

*

* *

אין אָקטאָבער, ווען אַלע ווייגטרויבען זיינען אַרונטערגענומען און די וועגען טרינקען זיך אין בלאָטע, האָט זיך מונזשיע צוריקגע־קעהרט אין זיין אָרעם חדר'ל, אין וועלכען ער האָט געוואוינט צוזאַ־מען מיט אַ שניידער, מיט זיין פּאַראַליזירטער פרוי און מיט אַ גאַנצען קעהרער מיט זיינע ניין אָבגעריסענע, אָבגעשליסענע, געלזיכטי־גע קינדער.

אין די טעג, ווען דאָס וועטער איז געשטאַנען שעהן, פלעגט

מונזשיא, אין דער בעגלייטונג פון אימיצען אַרויסגעהן אויף דער פּאַר־טאַנעווסקע בריק, זיך אוועקזעצען אויף אַ שטיין אונטער דער זונן און גאָר אין דער שטיל, בלויז צו פּרובירען זיין שטימע, אונטערזינגען „יו דעאום״ (דו גאָט) און באַלד פלעגט זיך אַרום איהם כמעט אי־מער צוזאַמענקלויבען אַן עולם פון קבצנים. דאָ זיינען געווען קאַליקעס מיט צוקריפּעלטע אברים, הויקערס, עפּילעפּטיקער, קרעציגע, אַלטע, שוואַכע פרויען, בעדעקטע מיט וואונדען, מיט טשערעקעס און בלויע ביילען, אָהן צייהן, אָהן האָאַר, גרינע, ווי די היישערעקלאַך, דארע, קווארע, אויסגעמוטשעטע קינדער, מיט דורכדירנגענדע אויגען, ווי ביי ווילדע פויגעל, מיט בלאַסע, פערוויאַנעטע באַקען, מיט בלייכע, פער־טריקענטע און צופאַלענע ליפּען, שוויינענדע, טרויעריגע, מעלאַנכאָ־לישע און מיט אַלע סימנים פון אַ שלעכטער, ביטערער ירושה....
און אַלע די פּערזעהעגישען פון קבצנות און דלות, אַלע די אָבגעריסע־נע, אָבגעשליסענע, נאַקעטע און באָרפיסע שלעק האָבען זיך געשטופּט און געדריקט אַרום דעם ראַפּסאָד און געשמועסט מיט איהם ווי מיט זייערען אַ גלייכען.

דאָן, צו בעפּריעדיגען דאָס בינטעל קבצנים, פלעגט מונזשיא זיך צולאָזען אביסעל העכער און שטופּענוויז פלעגען די פּערזאַמעלטע זיך צו רוקען נעהענטער און נעהענטער. אָט קריכט און שלעפּט זיך שיאשיא אויף אַלע פיער איבער דער ערד. אָט איז שעניליא, מיט דעם אויס־זעהן פון אַן אנדרוגינס, מיט זיין אבשטויסענד געזיכט, דער גאַנצער האַלז בעדעקט מיט גרינע, געלע און רויטליכע טשערעקעס און מיט געצייהלטע, געגרייזעלטע האָארעלעך אויף די זייטען פון קאָפּ, נאָהענט צו די שלייפען. אָט זיינען די דריי ברידער מאַמאַלושי, אַלע אידיאָ־טען, מיט פּנים'ער, ווי ביי די שעפּסען, ווען מען שעהרט זיי... אָט איז פּאַססעדע מיט זיין אוילבירטהע קאַליר געזיכט, מיט זיין איינגע־פלעטשעטער נאָז, מיט איבערגעקעהרטע וויהען. אָט איז קאטאַלינא, אַ פרוי פון אַן אונבעשטימטער עלטער, מיט לאַנגע צעפּ רויטליכע האָאַר און דאָן, ווי אַן אויסגעהונגערטע צויג. אַ „וועגעראַ״ אין איהר וועל־טיל, אַן אונאויסגעשעפּטער קוואַל פון ליעבע, צו וועלכען אַלע מיעדע און דורשטיגע קומען.— אָט איז יאַקאָב, אַן אונגעהייער געזונטער זקן, אין גאַנצען בעדעקט מיט אַ גרינעם פוך. אָט איז האראגאַלא, קאָנס־טאַנטינא קאַרפאַלי מיט צוסטשערעטע ליפּען פונקט ווי אַ שטיק פלייש

וואָלט תמיד געלעגען צווישען זיינע צייהן. אָט זיינען נאָך אנדערע, וועלכע האָלטען אין קומען און קומען אהין אָן עק.

אַלע שמוציגע און פערבלוטיגטע פון ארום דעם ברעג פעסקאַ־ ראַ, פון די שארפע, שפּיציגע, בערג, פון די ברעגעס פון דעם נאָהענטען ים, האָבען זיך ארויסגעזעצט ארום מונזשיען אונטער דער זונן, וועלכע האָט געשיינט פאר יעדען איינעם גלייך.

און העכער און שטארקער האָט זיך מונזשיע'ס שטימע געהערט. מיט א מין שטאָלץ, מיט אַן אונדייטליכע שטרעבונג צו טריאומף האָט זיך זיין נשמה אָנגעפילט, ווייל ער איז געווען א קינסטלער, ווייל ער האָט זיך איבערגעגעבען מיט זיין לייב און לעבען דער הייליגער קונסט גיט פאר קיין אנדער זאַך ווי אוים ליעבע צו איהר.

און אָפט פלעגט זיך צווישען דער מאַסע אָבגעריסענע דערהערען אַפּלאָדיסמענטען, אויסדריקע פון בעגייסטערונג און דאנקבארקייט, אָבער דער פערטיעפטער מונזשיא האָט, ליידער, גאָר ניט געהערט.

און ווען די זונן איז פערגאנגען און, זעגענדיג זיך, געלאָסטשעט בלויז די קעפּעלאַך פון די זיילען פון דער פּאָרטאנאָווסקע בריק, האָט מונזשיא געענדיגט זיין זינגען. די דאנקבארע אביונים האָבען מיט כבוד זיך פערנעגט דעם בלינדען און זיינען זיך צוגאנגען אין פער־ שיעדענע זייטען און ניט זעלטען פלעגט זיך מאַכען, אַז שיאשיא און די ברידער מאַמאַלושי זיינען פערבליבען מיט דעם אלטען, וועלכער איז נאָך געבליבען זיצען אויפ'ן שטיין און געטראַכט — געטראַכט מעגליך וועגען די אמאָלידיגע גוטע צייטען, זיך ערשטענערט אָן זיין כבוד, ווען עס האָבען נאָך געלעבט לוציאקאפּעלאַ, האַלפּאַ און קוואַ־ טאָרצע.

*

* *

**אַך, ווי גוט עס איז דאַן געווען מונזשיא'ס קווארטעט!**

**דער קליינער ארקעסטער האָט געהאַט אַ גרויסען, בכבוד'יגען שם איבער דעם גאַנצען ברעג.**

האַלפּאַ די־קאַזאַלי האָט געשפּיעלט פּיעדעל. ער איז געווען אַ קליין, גרוי מענשעלע ווי אַ יאַסטשעריצע און זיין שעררעוואַטע פּנים איז

געווען אין גאנצען בעדעקט מיט פריסטשעקלאך און בלאָטערלאך ווי אן אָבגעקאָכטע טשערעפּאכע.

פון זיין קליין היטעלע האָבען תמיד ארונטערגעהאנגען צוויי פעדערען. אָפט און שנעל האָט ער געפיהרט מיט'ן סמיק, מיט זיין גאנצען שפּיצידיגען בערדעל איינגעגראָבען אין פיעדעל, זיינע איינ־געבויגענע, ציטערענדע פינגער האָבען געדריקט די סטרונעס און אין זיין שפּיעלען האָבען זיך בולט ארויסגעזעהען קראפּט און ליידענ־שאפט.

נאָך איהם איז אימער געשטאנען קוואטארעצע מיט זיין קאָנטר־באס, וועלכער איז געווען צוגעבונדען צום בעל הבית בויך. לאנג און דאַר, ווי א ליכט האָט קווארטארעצע מיט זיין גאנצען לייב און לעבען געהאט א פּאָמעראנצען קאָליר און אויסגעקוקט, ווי איינע פון יענע איינ־קאָלירענדיגע פיגורען, וועלכע זיינען מיט גרויס פּאָרזיכטיגקייט אויס־געמאָהלען אויף די אלטמאָדישע רייכע וואזען. זיינע אויגען, וועלכע האָ־בען געהאט א מערקווירדיגע קרבות מיט די אויגען פון הינט, וואָס הי־טען די שעפּסען, האָבען געהאט א קאָליר פון טונקלען גאָלד. זיינע גרוי־סע, אוועקגעשפּארטע אויערען ווי ביי א פלעדער מויז, האָבען אָבגע־שיינט אין א טונקעל געלען קאָליר. זיין מלבוש האָט געהאט יענעם טאבאק קאָליר, וועלכען די יעגער האָבען זעהר ליעב. און דער אלטער, ברוין־רויטער קאָנטרבאס, וועלכער איז געווען בעפּוצט מיט פעדערען, מיט זילבערנעם שעך, מיט בילדעלאך, מיט מעדאלען, מיט ביינדעלעך, מיט גלעקלאך און קלעפּערלאך, האָט אויסגעקוקט ווי א בארבארי־שער אינסטרומענט, וועלכער האָט געשיינט ארויסצוגעבען די זאָנדער־בארסטע, די פרעמדסטע, די שרעקליכסטע קלאנגען.

לוציאקאפּעלא איז אימער געשטאנען הינטען מיט זיין צוויי־סטרוניגע גיטארע אויף אן אקסעל באנד. ער איז געווען דער אינגסטער, דער ריהרעוודיגסטער און דער קלוגסטער חברה־מאן פון דעם גאנצען קווארטעט. אויף זיין גרויסער קופּע צושויבערטע האָאר איז שעלמיש געלעגען א העל רויט מיצעלע. אין די אויערען האָט ער מיט א פרויען־קאָקעטסטווע געטראָגען אויערינגלאך. ווען ער איז געגאנגען האָט ער אונטערגעטאנצט און זיין פנים האָט אויסגעדריקט אן אונערשעפּליכע פרייד. ער האָט ליעב געהאט ווייך, געזאנג, זיין גיטארע, טענץ אויף דער פרייער לופט, סערענאדען לכבוד שעהנע פרויען און סעודה'לאך.

איבעראל, אויף חתונות, אויף ברית'ען, אויף שמחות און אויף לויות איז מונזשיאס קוואַרטעט געווען דער געווינשטער און ערוואַר־טעטער גאַסט. ביי אַ חתונה איז ער געגאַנגען פריהער פאַר דער גאַנ־צער פּראָצעסיאָן איבער אַלע גאַסען, וועלכע זיינען געווען אויסגע־שפּרייט מיט בלומען און שמעקענדיגע גראָזען אין געהילכט מיט פריינד־ליכע בעגריסונגען. פינף עזלען בעפּוצט אין גירלאַנדען האָבען געפיהרט די מתנות. אַ וואָגען איינגעשפּאַנט מיט צוויי אָקסען,בעדעקט מיט דיוואַנעס, האָט געפיהרט דעם נדן. פּאָנען, טאַצען, שיסלען און קעס־לען — דאָס גאַנצע קופּערנע געשיער האָט געקלונגען און געקלאַפּט ביי יעדען פערקירעווען זיך, אַז מען האָט ניט געקענט איבערטראָגען. שטוהלען, טישען, בענק, קאַסטענס און קוישען — דאָס גאַנצע אַלט־מאָדישע בעל הביתישקייט — האָט געקנאַקט און געטראַכקעט. רייכע עלעגאַנטע, קאָלירענדע קליידער, מיט הענט אויסגענעהטע קאָפּטעס, זיידענע פאַרטוכער — אין גאַנצען דער פרויען־גאַרדעראָב — האָט גע־בליסטשעט אויף דער זונן, זיך איבערגעגאָסען אין פערשיעדענע פאַר־בען אין דער פרעהליכער לופט. און די ווערטענא מיט דעם פלאַקס — דער סימבאָל פון ברכה און הצלחה — אָנגעקניפּט אויפ'ן סאַמע שפּיץ, האָט אין ליטערען לאַזור פון דעם הימעל אויסגעקוקט, ווי אַ גאָלדענע שפּילקע.

יעדע קרובה האָט געטראָגען אויפ'ן קאָפּ אַ קוישעל מיט ווייץ, אויפ'ן ווייץ איז געלעגען אַ שטיקעל ברויט און אויפ'ן ברויט אַ בלימעלע. מיט ליעדער האָבען זיי לאַנגזאַם, שטאָלציג איינע נאָך דער אַנדערער, ווי די גענז, געשפּאַנט און, קומענדיג אין הויז אריין, האָבען זיי לעבען דער חתן־כלה'ס שטוהל אַרונטער געשטעלט די קוישלאַך, אָנגענומען פולע הענט ווייץ און בעשאָטען חתן־כלה און דערביי זיי אָנגעווינשעוועט אַלדאָס גוטס, און אַז זיי זאָלען זיך פרוכפּערען און מעהרען. די זעלבע צערעמאָניע האָט די מוטער דורכגעמאַכט און נאָכ־הער, בליפּענדיג אויפ'ן קול, האָט זי מיט אַ קליין ברויטעל בעריהרט דער טאָכטער'ס פּלייצעס און שטערען און זיך מיט איהר אָבגעזעגענט אין טרויעריגע און צאַרטע ווערטער.

נאָכדעם האָט זיך אויפ'ן הויף אין אַ שנעל אויפגעשטעלטער פּאַ־לאַטקע, אָנגעהויבען די סעודה.

מונזשיא, וועלכער איז ערשט בלינד געוואָרען אויף דער עלטער,

איז א מיעדער געשטאַנען אָנגעצויגען אין א גרינעם בגד אין מיטען הויף, געבלאָזען מיט אַלע כחות אין קלאַרנעט אריין און, קלאַפּענדיג מיט די פיס אונטערגעטריבען זיינע חברים.

האלפא האָט וואהנזיניג געריפּעט מיט דעם סמיק. קוואטארעצע האָט מיט גרויס מיה נאָכגעפאָלגט דעם מוזיקאַלישען אורגאַן און גע־פּיהלט, אַז דער סמיק רייבט איהם מעהר איבער'ן בויך איידער איבער די גראָבע סטרונעס פון דעם קאָנטרבאַס. לוציאקאפּעלע האָט מיט דער לינקער האנד געהאַלטען דאָס הענטעל פון דער גיטאַרע און מיט דער רעכטער געלאָפען איבער די צוויי סטרונעס און מיט אויגען געשוועבט איבער די פרויען, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען פון ווייטען און גע־שיינט און געלאַכט אין דער זונען שיין און צווישען די צולאָזטע בוימער.

און צו דער זעלבער צייט האָט דער שמש צוטראָגען דאָס עסען און די בע'טעם'טע פּאַרע האָט זיך אויפגעהויבען, זיך געדרעהט צווי־שען די צווייגען און זיך געלעגט אויף די בלעטלאך.

קרוגען פול מיט וויין זיינען געגאַנגען פון האנד צו האנד. אי־בער'ן טיש האָבען זיך הענט געשטופּט, געדריקט, „גע'צלם'ט" און איבערגעפלאָכטען, כאַפּענדיג פּאָמעראַנצען, ציטרינען, און אוילבירטען. דער ריח פון די זיסע זאכען האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם אַראָמאַט פון די פעלדער. דאָ און דאָרט צווישען איין „לחיים" און צווייטען האָט מען דעם „יונגען פּאָארעל" צוגעטראָגען קליינע מתנות.

און ביסלעכוויז, ביסלעכוויז האָט די אויסגעלאסענע שמחה אָנגעצינדען אַלע הערצער, און אין נעכסטען מאָמענט איז מונזשיא מיט א הוילען קאָפּ, מיט א פולען כוס צוגעגאַנגען נעהענטער צום טיש און אָנגעהויבען זינגען דאָס טראַדיציאָנעלע ליעד, וועלכעס האָט געעפענט יעדענ'ס מויל, און אָבגעקלונגען האָט אין דער לופט

**"Quisto vino e dolce e galan,**
**A la solute de tutti quonti!**

(שעהן איז דער וויין און זיס
לאָמיר זשע טרינקען פאַר אַלעמענ'ס געזונד!)



# אננאָ׳ס לעבען

1.

לוקא מינעלא, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין 1789, אין אַטראַן, אין איינעם פון די שטיבעלאַך פון פּאָרט קאַלדאַר, איז געווען א מאטראָז. אין זיין פריהער יוגענד האט ער א געוויסע צייט געשוואַר־מען אין א זעגעל־שיפעל פון אָרטאַן צו די דאַלמאַצישע פּאָרטען, פיהרענדיג גרינוואַרגס, תבואה און געטרוקענטע פרוכטען. שפּעטער האט זיך איהם פערוואַלט איבערבייטען זיין בעל הבית און ער איז אַנגעקומען צו ראַקא פאַנצאַוועקאַנטע, וואו ער האט אָנגענומען א שטעלע אויף זיין נייער שיף צו פיהרען לימאָנעס און מאַראַנצען צום באָרטען ראָמאָ.

ווען ער איז אַלט געווען ביי זיעבען און צוואַנציג יאהר, האט זיך אין איהם אָנגעצונדען א ליעבע צו פראַנטשעסקאָ נאָבילע, מיט וועלכער ער האט שפּעטער מיט עטליכע מאָנאַטען חתונה געהאַט.

ניט קוקענדיג אויף זיין ניעדריגען וואוקס, איז לוקאָ געווען זעהר א געזונטער און א קרעפטיגער. זיין בליהענד פּנים איז געווען ארומ־גענומען מיט א בלאָנדען בערדיל. אין די אויערען האט ער געטראַגען גאָלדענע אויערינגלאַך, ווי א פרוי. ער האט ליעב געהאַט צו טרינקען, צו רויכערען און איז געווען א פרומער. זיין „הייליגער“ ליעבלינג איז געווען דער אַפּאָסטאָל פּאָמאָ. פון דער נאַטור איז לוקאָ געווען אבער־גלויביש און מעגליך אז דערפאַר טאַקע האט ער געקענט דערצעהלען וואונדערליכע, פאַנטאַסטישע ים מעשות. מעשות איבער דאַלמאַצישע פעלקער, איבער די אַדריאַטישע אינזלען און אפילו איבער די לענדער, וואס ליעגען ביים סאַמע פּאָל.

פראַנטשעסקאָ איז געווען א פרוי שוין פון מיטעלע יאהרען. שטאַ־מענדיג פון דעם אָרטאָנאַשען שבט, איז זי געווען בליהענד, שעהן און

פערמאָגט צאַרטע געזיכט׳ס ציגע. זי האט מיט׳ן גאנצען הארצען ליעב געהאט די קירכע, די רעליגיעזע צערעמאָניעס, דאס הייליגע געזאנג און האט געפיהרט אן איינפאך ארט לעבען. זי האט געגלויבט אין אלערליי מינים אונגעוועהנליכע זאכען און פאר יעדען טריט, וואס זי האָט געמאכט, האָט זי אָבגעדאנקט גאָט מיט א תפלה.

פון דיעזע טאטע־מאמע איז געבאָרען געוואָרען אננא. דאס איז געשעהן אין יוני, 1871. אזוי ווי די „וועהען" זיינען געווען זעהר שווערע און מען האט מיט יעדער מינוט ערווארטעט א זעהר טרויעריגען סוף, האט מען אננא׳ן „געהייליגט" דורך דער מוטער׳ס בויך, נאָך איידער זי איז געקומען אויף דער וועלט. נאָך לאנגע שרעקליכע „וועהען" איז דאס קינד געקומען אויף דער וועלט בשלום. דאס קינד האט אָנגעהויבען זויגען דער מוטער׳ס ברוסט און האט געוואקסען געזונט און פרעהליך.

אבענד צו פלעגט פראנטשעסקאָ נעהמען דאס קינד און ארונטער געהן צום ברעג פון ים און ערווארטען דאס אָנקומען פון דער בארזשע, וועלכע איז געשוואומען אן אָנגעלאָדענע פון ראָטאָ. נאכדעם ווי לוקא האט אויסגעגרוזעט די בארזשע, איז ער זיי געגאנגען אקעגען. זיין העמד איז געווען אָנגעזאפט מיט א וואונדערבאָרען גערוך פון זידישע פרוכטען. זיי האבען זיך צוזאמען אויפגעהויבען דעם בארג, וואו עס האבען זיך אָנגעפאנגען די בעוואוינטע שטיבלאך און צוקומענדיג צום קלויסטער, האבען זיי געקניעט. אין די קירכען־טהורעמס האבען שוין געברענט די לעמפלאך. אין דער טיעפעניש, דורך זיעבען בראָנזענע גראטעס האט ווי א ציערונג ארויסגעשיינט די סטאטוע פון דעם אפאָסטאָל. לוקא און פראנטשעסקאָ האבען געבעטען גאָט פאר זייער קליינער טאָכטעריל. ביים אוועקגעהן האט די מוטער בעקראפּעט דעם שטערן פון איהר קינד מיט דעם הייליגען וואסער, וואס איז געשטאנען אין א שיסעל. די קליינע האט זיך צושריען און די קולות האבען אָנגעפילט דעם גאנצען בארטען, ווי די אבקלאנגען פון גרויסע מעטאלענע כלים.

רוהיג האבען געשוואומען אננא׳ס קינדער יאהרען אָהן וועלכע נים איז זאָנדערבארע פאסירונג. אין מאי, 1823, האט מען זי אָנגעטהאָן אין פליעגעל, ווי א מלאך. זי האט אויף זיך געטראגען א ווייסען שלייער און א קראנץ פון ראָזען. אויסגעמישט צווישען א מאסע פון

אנדערע מלאים'לאך, האט זי אנטהייל גענומען אין א פּראָצעסיאָן, האלטענדיג אין האנד א דין וועקסען ליכטעל. אין קירכע האט די מאמע געוואָלט אונטערהויבען דאס טאָכטעריל אויף די הענט צו דער סטאטוע, אום די קליינינקע זאָל זיך צוריהרען צום הייליגען בעשיצער. נאָר אזוי ווי די אנדערע מאמעס האבען געטהאָן דאס זעלבע, איז ארויסגעקומען א געדרענג, און אננא'ס שלייער האט זיך אָנגעכאפּט פון איינעם פון די ליכטלאך. אין איין מינוט האָט דער פלאם ארומגעוויקעלט דעם מיידעלע'ס דארען קערפּעריל. א טויט שרעק האט אָנגעכאפּט אלע אנוועזענדע און יעדער האט זיך געשטופּט וואס פריהער ארויסצורוקען זיך פון דער קירכע. פראנטשעסקע, ביי וועלכער די הענט האבען זיך ווי אָבגענומען פון שרעק, האט דאָך בעוויזען ארונטערצורייסען די ברענענדע קליידעלאך און קאָנוואולסיוו צוגעדריקט צו איהר ברוסט דאס נאַקעטע, בעוואוסטלאָזע טאָכטעריל. ארויסלויפענדיג פון קירכע, האט זי געהאלטען אין איין רופען יעזוסען צו הילף.

פון די צוברענטע וואונדען איז אננא געווען לאנג און געפעהרליך קראַנק. זי האט שרעקליך געליטען און איהרע אויגעלאך האבען אויסגעדריקט א טיעפען צער. אין הערבסט איז זי געזונד געוואָרען און אלס א דאנק גאָט פאר דער רפואה האט זי געגעבען אין קלויסטער אריין א הייליג בילד.

ווען דאס וועטער איז געווען גוט און אנגענעהם, האט זיך דאס גאַנצע הויזגעזינד ארונטער געלאָזט צום ברעג און געגעסען וועטשערע אויף דער בארזשע. אונטער א פעלז האט פראנטשעסקאַ צולייגט א פייער און געקאָכט פיש, און דער ריח פון די פיש האָט זיך צוטראָגען ארום און זיך אויסגעמישט מיט דעם בשמים'דיגען גערוך פון די אָנאָפריאר סעדער און גערטנער. דער ים איז געווען רוהיג און ווייט, ווייט אין דעם האָריזאָנט האט זיך אָבגעזיעגעלט גאנץ סאן־וויטא מיט איהרע שטיבלאך. לוקא האט געצווינגען א ליעד צוזאמען מיט די אנדערע מאטראָזען ; אננא האט ארויסגעהאָלפען דער מאמען.

נאָך דער וועטשערע, ווען די לבנה איז אויפגעגאנגען, האבען די מאטראָזען אָנגעפאנגען צופערטיגען די בארזשע צום אָבשווימען, און דערווייל האט לוקא, זייענדיג זאט, אָנגעטרונקען און אביסעל אויפגעלעגט, אָנגעהויבען דערצעהלען זיינע וואונדער מעשות איבער די לענדער אויף יענער זייט ים.

„ווייט, ווייט פון דעם באָרטען ראָטאָ הויבט זיך אויף זעהר א הויכער בארג, וועלכער איז בעוואוינט מיט מאַלפּעס און אינדיאַנער. עס וואקסען אויך דאָרט בוימער און אויף די בוימער וואקסען אנשטאט פרוכטען טהייערע, קאָסטבאַרע שטיינער“.... דאס ווייב און די טאָכטער האבען געהערט און זיך געוואונדערט. נאָר אָט האבען זיך די זעגלען צוצויגען און לוקא איז אָבגעפאהרען.

אין פּעווראַל, 1826, האט פראנטשעסקאָ געבאָרען א טויט קינד. אים פריהלינג, 1830, האט זיך לוקא׳ן פערוואָלט נעהמען אננאַ׳ן מיט זיך צום בארטען ראָטאָ. מיט ברייט פונאַנדערגעעפענטע אויגען, וועלכע האבען אויסגעדריקט בעגייסטערונג און ענטציקונג, האט זי נאכגע־פאָלגט די שיפען, וואס האבען געשוואומען איבער דעם שעהנעם בלויליכען וואסער.

ווען זי איז ארונטערגעקומען אויפ׳ן ברעג, איז זי געבליבען שטעהן א בעגייסטערטע און מיט ענטציקונג געקוקט ארום און ארום אויף די פּלאַנטאַציעס און אויף די אָרטיגע איינוואוינער. דער פאטער האָט זי אריינגעפיהרט אין אַ שטיבעל, וואו עס האָט געוואוינט עפּעס א מיטעל־יעהריגע פרוי, וועלכע האט גערעדט היקאַוואַטע. זיי האבען פערבראכט דאָרט צוויי טעג. אננאַ האט איינמאָל בעמערקט, ווי איהר פאטער האט דער פרוי א קוש געטהאָן אין די ליפּען, אבער זי האט ניט געהאַט קיין בעגריעף, וואס דאס איז אזעלכעס.

ווען זי איז צוריק אהיים געקומען, האָבען זי די חבר׳טעס בעפאלען מיט פראגען און אזוי ווי אננאַ איז בטבע געווען א שווייגענדע, האט זי ניט אויף אלעס געענטפערט.

---

2.

אין מאַי אין א יאָהר ארום איז געקומען דער אָרטאָנער ארכי־עפּיסקאָפּ אויף דעם יום טוב צו דער עהרע פונ׳ם אַפּאָסטאָל. דער גאנצער קלויסטער איז געווען בעפּוצט מיט רויטען טוך און גאָלדענע בלעטלאַך. פאַר די בראָנזענע גראַטעס האבען געברענט עלף זילבערנע

לעמפלאך, וועלכע א גאָלדשמיער האט געמאכט אומיסטען צוליעב דעם יום טוב. עטליכע אבענדען האט אַן אָרקעסטער צוזאמען מיט׳ן כאָהר הילעכדיג און קלינגענדיג געזונגען ביי יעדער גאָטעס־דיענסט. אום שבת האָט מען בעדארפט ארויסטראָגען דעם ביוסט פון דעם אפאָסטאָל. פון נאָהענט און פון ווייט זיינען זיך צוזאמענגעקומען גאָט־בעטערס. מיט א געזאנג זיינען זיי געגאַנגען מיט׳ן ברעג און אין די הענט האט יעדער געטראָגען א מתנה, וואס ער האט א נדר געטהאָן צו ברענגען אין קלויסטער. זייער פּראָצעסיאָן האט זיך געזעהן ווייט פונ׳ם ים.

אום פרייטאָג האָט זיך אננא צום ערשטען מאָל מתודה געווען, דער אבער קסיאָנדז איז געווען א בכבודיגער, גוטער עלטערער מאַן. ווען ער האט אויפגעהויבען זיין האנד צו בענשען אימיצען, האט דער שטיין אין זיין רינג א פינקעל געטהאָן ווי א געטליך אויג.

ווען אננא האט דערפיהלט אויף איהר צונג דאס קיבעלע, וואס מען גיט יעדער פערזאָן, וואס איז זיך מתודה, איז איהר פּלוצלים פינ־סטער געוואָרען אין די אויגען פון אַן אונערוואַרטעטער בעגייסטערונג, וואס האט זי מיט אמאָל איבערפילט, און זי האט געפיהלט, ווי זי וואָלט זיך געטובל׳ט אין א וואַרעמער, שמעקעדיגער וואַנע. צווישען דער מאסע, וואס איז געשטאַנען הינטען, האט זיך צוגעגבען אַן אייניגע־האַלטענער שעפּטשען. לעבען איהר האָבען זיך מתודה געווען נאָך מיידלאך, וועלכע האבען אין גרויס צוטומעלניש געהאַלטען זייערע קעפּ איינגעבויגען צו די טרעפּ פונ׳ם אַלטאַר.

אבענד האט פראַנטשעסקאַ, לויט דעם מנהג פון די גלויביגע, בע־שלאָסען צו נעכטיגען אויף דער פּאָדלאָגע פונ׳ם קלויסטער, ערוואַר־טענדיג דעם אין דער פריה, ווען מען וועט ארויסטראָגען די סטאַטוע פונ׳ם אפּאָסטאָל. זי איז דעמאָלסט געווען מעוברת אין זיעבטען מאָנאט און דער גרויסער צוזאַמענגער בויך האָט זיך מיאוס געמאכט. די צו־זאמענגעקומענע גאָט בעטערם זיינען געלעגען צוצויגען איבער דער פּאָדלאָגע און פון זייערע קערפּער האט זיך אין דער לופט אויפגעהויבען א וואַרעמקייט. אין דער שטילקייט האבען אָבגעקלונגען אימיצענס קוים, קוים הערבאַרע אונדייטליכע פראַזען, ווי פון שלאָף. די לעמפלאך, וואס האבען געהאַנגען צווישען די זיילען האבען קוים, קוים געצאַנקען. די טהירען זיינען געווען אָפען און די פריהלינגס נאַכט האט אָנגעגעהם

ארייננעקוקט אין קלויסטער מיט איהרע פינקלענדע שטערענדלאך.

פראַנטשעסקאַ האט פאר צוויי שטונדען צייט ניט געקענט אנ־שלאָפען ווערען. דער הייסער אטהעם פון די שלאָפענדע האט אויף איהר געשלאָגען אנגסטען און עס האט זי שרעקליך גענודעט. נאָר, וועלענדיג ראטעווען איהר נשמה, האט זי בעשלאָסען אויסצושטעהן אלע מאַ־טערנישען און ליידען ענדליך, זעהר מיעד ווערענדיג, איז זי איינגעשלאָפען. זי איז אויפגעשטאנען מיט'ן טאָג גלייך. דער עולם האָט זיך פערגרעסערט. יעדער איינער האט געדורשט צו זיין דער ערשטער צו זעהן דעם אפּאָסטאָל. פּלוצלים האט זיך געעפענט די ערשטע גראַטע. אין דער שטילקייט האט שאַרף אָבגעקלונגען דאס סקריפּען פון די ריג־לען. אלע הערצער הויבען אָן שטארקער צו קלאַפּען. אָט עפענט זיך די צווייטע גראַטע, די דריטע, די פיערטע, די פינפטע, די זעכסטע, די לעצטע, און אין איין סעקונדע גיט זיך דער גאַנצער עולם אַ בעוועג, פונקט ווי אַ שטורם ווינד וואָלט איהם אַ הויב געטהאָן. עס איז געשעהן אַ שרעקליך געדרענג. מענשען אויף מענשען, קאָפּ אויף קאָפּ. צעהן אָדער פופצעהן מענשען זיינען צודריקט און דערשטיקט געוואָרען אויף טויט. אַ מאַסען־תפלה האָט זיך דערהערט. די טויטע האָט מען ארויס־געטראגען אין דרויסען. פראַנטשעסקאַ'ס קערפּער, אַ צוקריפּעלטען, אַ פערבלויטען, האָט מען אהיים געבראַכט צו די אייגענע. ארום דעם הויז האבען זיך צוזאַמענגעקליבען אַן עולם לעדיג־געהערס און אינוועניג אין שטוב האט זיך געהערט דאס יאָמערען און קלאָגען פון די אייגענע.

דערזעהענדיג אויפ'ן בעט איהר מוטער'ס קערפּער, אַ צוקאַ־ליעטשעטע, אַ צוקריפּעלטע, אַ פערבלויטע און מיט אַ פערבלוטיגט פנים, איז אַננאַ אוועקגעפאַלען אַ בעוואוסטלאָזע. פאר אַ צייט פון עטליכע חדשים נאכדעם האט זי די פאַליגע געמוטשעט.

---

3.

אום זומער 1835, איז לוקאַ אָבגעפאָהרען צו איינעם פון די גריכישע פּאָרטען, אין אַ שיף, וועלכע האט בעלאַנגט צו דזשאָוואַני קאָמאַטשאַני. הפנים, אז ס'איז ביי איהם אין געדאַנק געבאָרען געוואָ־

רען א געהיימער פּלאַן. איידער ער איז אַבגעפאהרען, האט ער פערקויפט זיין גאנץ בעל־הביתישקייט און געבעטען זיינע קרובים זיי זאָלען צו־נעהמען אננא׳ן צו זיך ביז ער וועט זיך אומקעהרען.

מיט א צייט שפּעטער האט זיך די שיף צוריקגעקעהרט, אבער לוקא איז ניט געווען. אין דער געגענד האט מען אָנגעהויבען רעדען, אז ער איז געבליעבען מיט זיין געליעבטער ערגעץ אין פּאָרטוגאַליע.

אננא האט זיך דערמאָהנט אין דער היקאָוואטער פרוי, וועלכע איהר פאטער האט געקושט אין די ליפּען און זייט דאַן איז איהר גאַנ־צעס לעבען געבליעבען טרויעריג. אין הויז פון איהרע קרובים איז אויפ׳ן אונטערשטען עטאזש געווען א שענק, וואו מאַטראָזען פלעגען דורך גאַנצע טעג טרינקען און שיכורען. א געדיכטער רויך האט זיך פון דאָרט אויפגעהויבען אין א דיקער זייל און פערשיעדענע ביליגע ליעדער האבען זיך פון דאָרט געהערט. אננא פלעגט די גאַנצע צייט זיין צווישען די שיכורים. זי פלעגט זיי מוזען בעדיענען, צוטראָגענדיג וויין, און פון דעם שטענדיגען פערקעהר מיט אויסגעלאַסענע, גראָבע מענשען, האט זיך אין איהר ערוועקט אַן אינסטינקט פון שעהמעוודיג־קייט. זי איז געווען געצוואונגען אויסצוהערען פערשיעדענע אונאַנ־שטענדיגע געשפּרעכען, צינישע ווערטלאַך, דולדען און ליידען די צו־להכעיס׳ען פון די צורייצטע און שלעכטע מאַטראָזען. און זי האט ניט געוואָגט צו בעקלאָגען זיך, ווארום זי האָט דאָך געגעסען ברויט אין א הויז פון א פרעמדען מענשען. די ליידען האבען פערטעמפּט איהר גע־דאַנק אויפ׳ן גאַנצען לעבען: זי איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין עפּעס א דערשלאָגענע בריאה און איהר שכל איז ביסלעכווייז אָבגעשוואַכט געוואָרען.

אזוי ווי זי איז פון דער נאַטור געווען א לאַסקאווע, האט זי איהר ליעבע אויסגענוצט אויף בהמות און חיות. הינטערן הויז, אונטער א שטרויענעם דאַך, איז געשטאַנען אַן אַלט אייזעל. דיעזע שטילע, גע־הארכזאַמע בריאה האָט איבערגעפיהרט ברילעס מיט וויין פון סאַנט אַפּאָלינאַרא אין שענק אריין. אָבוואָהל זיינע ציין האבען שוין אָנגעהויבען ווערען געל און די קאָפּיטעס זיך אָבשיילען, אָבוואָהל די פעל האָט שוין אָנגעהויבען טרוקענען און די האָאָר אויסקריכען, דאָך פלעגט זיך מאַכען מאַנכע מאָל, אז עס האט אָנגעהויבען בעוועגען שנעל מיט די אויערען און געהירזשעט אזוי פרעהליך, ווי א יונג אייזעלע.

אננא האט עס פונקטליך בעזאָרגט מיט עסען און טרינקען. ווען עס איז געווען זעהר היים, איז זי נאָך מיטאג אוועקגעגאנגען אָברוהען זיך אין דעם שאטען פון דער שאָפּע. דאס אייזעל האט געקייעט שטרוי מיט זיינע געזונטע באקענס און זי האט גענומען א געדיכט צווייגעל און דערמיט ארונטער געטריבען פון זיין רוקען די איינגעגעסענע פליגע־לאָך. אמאָל פלעגט פאסירען, אז דאס אייזעל האט ארונטער געבויגען דעם קאָפּ, ארויפגעצויגען די ליפּען, ארויסצייגענדיג רויטע יאסלען, פונקט ווי די בריאה וואָלט געשענקט א דאנקבארען שמייכעל דער וואָהלטהעטערין.

אום אפּריל, 1842, איז פּאנטילא, דער ארבייטער, וועלכער האָט בעגלייט דאס אייזעל בשעת איבערפיהרען דעם ווייַן, ערמאָרדעט געוואָרען. פון יענער צייט אָן איז די פּפליכט צו בעגלייטען דאס אייזעל אבערגעגאנגען צו אננא'ן. מיט'ן טאג גלייך פלעגט זי אוועקגעהן פון הויז און זיך צוריקקעהרען בייטאג, אדער אוועקגעהן בייטאג און צוריק־קומען אבענד.

ווען די בריאה האָט זיך אָבגעשטעלט איבערצוכאפּען דעם אטהעם, האט אננא עס אונטערגעטריעבען מיט א לייכטען פּאטשען איבער'ן האלז. זי האט רחמנות געהאט אויף איהר אָרימען, מיעדען, שוואכען פריינד. פון צייט צו צייט האט זי אויסגעריסען אויף די זייטען וועג גאנצע זשמעניעס גראָז און זי האָט געהאט אַן אמת'ן פערגניגען צו פיהלען אויף איהר דאָלאָניע די בעריהרונג פון דער בריאה'ס ווייכע ליפּען.

אין א טהאָלכעל צווישען אוילבירטהה צווייגען איז געווען אַ קרענעצע. לעבען דער קרענעצע איז געווען א שטיינערנע קאָרעטע, וואוהין די קיה זיינען געקומען זיך אָנטרינקען. לעבען דיעזען פּלאַטץ האט זיך אננא אָבגעשטעלט יעדען טאג און צוזאמען מיט'ן אייזעל גע־נומען אן אברוה. איינמאָל האט זי זיך דאָרט בעגעגענט מיט א פּאס־טוך, א געבאָרענער פון טאָלא. ער האט געהאט קאָסאָקע אויגען און האָזישע ליפּען. דער פּאסטוך האט זיך געגריסט צו איהר און באלד איז צווישען זיי פּאָרגעקומען א געשפּרעך איבער פּאשע, פעלדער, איבער וואסער, נאכהער איבער הייליגע, און נאָך שפּעטער איבער נסים און מופתים. אננא האט מיט פערגניגען זיך צוגעהערט צו יעדען וואָרט, וואס דער פּאסטוך האט דערצעהלט, און א שמייכעל איז ניט ארונ־

טערגעגאַנגען פון איהרע ליפּען. זי איז געווען א דאַרע, בלאַסע מיידעל מיט ליכטיגע אויגען און מיט א זעהר גרויסען מויל. איהרע רויטליכע האָאר זיינען געווען גלאַט צוגעקעמט אהינטער. אויפ'ן האַלז זיינען נאָך געווען רויטע סימנים פון די צוברענטע וואונדען.

פון יענער צייט אָן האט זיך זייער געשפּרעך איבערגע'חזר'ט יעדען טאָג. די קיה האבען זיך פונאַנדערגעלאָזט איבער'ן גראָז. אייניגע האבען זיך געפּאַשעט, אייניגע האבען זיך „געשפּיעלט", נאָך אַנדערע האבען זיך אָבגערוהט און גע'מעלה־גירה'ט. אננא איז געזעסען אויפ'ן עק פון דער קרענעצע און געשמועסט מיט דעם פּאַסטוך, וואס האט געהאַט האָזישע ליפּען און וועלכער, ווי עס האט געשיינט, איז געווען פערליעבט. איינמאָל האט זיך אננא עפּעס דערמאָהנט אָן איהר קינד־הייט און זי האט דערצעהלט דעם פּאַסטוך וועגען איהרע רייזען קיין ראָמאָ. דער פּאַסטוך האט ניט ארונטערגענומען פון איהר די אויגען און האט זי אויסגעהערט מיט בעגייסטערונג. ווען זי האט געענדיגט, האט זיך זיי די ארומיגע שטילקייט אויסגעצייגט נאָך מעהר צויבע־רענד ווי אימער.

---

### .4

אין ענדע יוני איז דאס אייזעל קראַנק געוואָרען. פאַר א גאַנצע וואָך צייט האט עס ניט געגעסען, ניט געטרונקען. דאס פּאהרען מיט'ן וויין האט אויפגעהערט. איינמאָל אין דער פריה איז אננא אריינגע־גאַנגען אין שאָפּע אריין און בעמערקט, אז דאס אייזעל ליעגט אויזא־מענגעקאָרטשעט אויף דעם אויסגעשפּרייטען שטרוי. עס האט אויסגע־קוקט טרויעריג, און האט ניט אויפגעהערט צו הוסטען. דערהערענדיג אננא'ס שטימע, האט עס געמאַכט א פּערזוך זיך אונטערצוהייבען. דער קערפּער האט זיך געוויעגט אין אלע זייטען, דער קאָפּ איז געווען אריינגעצויגען אין די אויסגעטרוקענטע קריזשעס, די אויערען האבען ארונטערגעהאַנגען און זיך געשאָקעלט פּונקט ווי די טהיילען פון א שפּיעלצייג, אין וועלכען דער מעכאַניזם איז קאַליע געוואָרען. דער רו־

קען איז ערטערווייז געווען אויסגעהוילט און בעדעקט מט רויטליכע וואונדען.

דערזעהענדיג דאס טרויעריגע בילד, האט דעם יונגען מיידעל פערקוועטשט ביים הארצען. אזוי ווי זי איז ניט געווען קיין מפונקת, ניט אזוי פון דער נאטור, ווי פון געוועהנהייט, איז אננא צוגעגאנגען צום אייזעל כדי עס גוט צו בעטראכטען. זי האט מיט איין האנד אָנ־גענומען דעם באקען און מיט דער צווייטער דעם רוקען און געוואָלט העלפען דער אָרימער בריאה זיך איבעררוקען. אין אָנפאנג האט דאס אייזעל ניט ארויסגעצייגט קיין ווילען זיך אויפצוהייבען, נאָר נאכהער האט זיך עס קוים, קוים אויפגעשטעלט, אבער איידער עס האט זיך גוט אוועקגעשטעלט, האבען זיך די פאָדערשטע פיס איינגעבויגען און עס איז געווען געצוואונגען צוריק אוועקצופאלען. פונ'ם פאל האט זיך עס א שטארקען קלאפּ געטהאָן אן דער מאָרדע און עס האט אָנגע־הויבען צו געהן בלוט.

א טויט־דערשראָקענע איז אננא אוועק מיט א געשריי אין הויז אריין. מענשען זיינען זיך צוזאמענגעלאָפען און נאכדעם ווי זיי האבען דערזעהן דאס ליעגענדע אייזעל, האבען זיי זיך געווערטעלט און גע־לאכט. אייגער האט דער אויסגעהענדער בריאה א קלאפּ געטהאָן מיט דעם פוס אין בויך אריין. א צווייטער האט עס געשלעפּט ביי די אויע־רען. די אויגען האבען זיך צוגעמאכט. די פעל האט געציטערט; די האאר האבען זיך געשאָקעלט ווי א ווינט וואָלט אין זיי געבלאָזען. אָט האט זיך א הינטערשטער פוס עטליכע מאָל א טרייסעל געטהאָן אין דער לופטען און דער קערפער איז פערקיהלט געוואָרען אין אן אונבעווענענדער פּאָזע. ווען אננא האט זיך צוריקגעקעהרט, האט זי געטראָפען שוין אָבשינדען דאס טויטע אייזעל און די שינדער האבען געזונגען בעערדיגונגס־ליעדער און נאָכגעמאכט די שטימע פון אן אייזעל.

אננא איז אין גאנצען געבליעבען א יתומה. נאָך לאנג איז זי פערבליעבען אין הויז פון איהרע קרובים, וואָלגענדיג און טהוענדיג אלע שווערע ארבייטען און געדולדעט אָהן א מאָס.

אין 1845 האט מיט איהר אויף דאס ניי פּאסירט שרעקליכע עפּילעפּטישע צופעלע. אין עטליכע מאָנאטען ארום איז זי ווידער געזונד געוואָרען און איהר אמונה איז דאן געוואָרען טיעפער און פלאמענדער. זי איז געגאנגען אין דער פריה און אבענד אין קלויסטער

אריין, אָבגענומען איהר פינסטערען ווינקעלע און שטונדען לאַנג דאָרט אָבגעשטאַנען אויף די קניען און געבעטען גאָט. מעגליך, אז עס האט זי אין דעם איינזאַמען ווינקעל אריינגעצויגען דאס געשטאַלט פון דעם גוטען אייזעל, וועלכעס האט געפיהרט דעם קליינעם יעזוסען און זיין מוטער אין דעם לאַנד פון געצענדיענער. זי איז געשטאַנען דאָרט אין ווינקעלע דעם קאָפּ איינגעשפּארט אין באַנק און געבעטען, און א רוהיגער געפיהל פון ליעבע האט בעהערשט איהר גאַנצע נשמה. זי איז געווען פערטיעפט אין איהר שטילער, הארציגער תפלה, נאָר ווען די אָנקומער און ארויסגעהער האבען איינגעטונקען זייערע פינגער אין הייליגען וואסער און זיך דערביי איבערגע'צלם'ט, זיינען טראָפּענס וואסער ארויפגעפאַלען אויף איהרע האאר און זי האט דערביי ווי ערוואכט.

---

.5

אין יאהר 1851 האט אננא צום ערשטען מאָל בעזוכט פעסקארא. עס איז געווען נאָהענט צום טאָג פון דער הייליגער בתולה, וועלכער פייערט זיך דעם ערשטען זונטאג אין אָקטאָבער. אננא איז ארויס־געגאַנגען פון ארטאנא צופוס. זי האט דערמיט מקיים געווען דעם נדר, וואס זי האט געטהאָן צו גאָט. זי איז געגאַנגען מיט דעם ים ברעג און מיט גרויס הנאה געפיהלט אויף איהר ברוסט א קליין זיל־בערן „הערצעלע" פערבונדען אין א זיידענעם טיכעלע. די וועגען זיינען נאָך דאמאָלס ניט געווען גוט אויסגעארבייט, און די ברייטע שטיקער אונבעארבייטע ערד זיינען געווען בעדעקט מיט סאָסנאָווע וועלדער. דער טאָג האט געשיינט צו זיין א ווייכער, און בלויז אויפ'ן ים האבען זיך אויפגעהויבען די כוואליעס, וועלכע האבען פון דער וויי־טען אויסגעזייגט ווי זיילען דומפּ. אננא האט געשפּאַנט און גע־שפּאַנט און איהרע געדאַנקען זיינען געווען פערטיעפט אין גאָט זא־כען. פארנאכט צו, ווען זי האט זיך דערנעהנטערט צום דערפעל סאַ־לינע, האט אָנגעהויבען צו קראפּען א רעגען, באַלד האט אָנגעפאַנגען

צו גיסען. זי האט ניט געהאט וואו זיך צו בעשיטצען און זי איז דורך און דורך דורכגעווייקט געוואָרען. דער גאָס רעגען האט ערשט אויפגעהערט דאן, ווען אננא איז צוגעקומען צו וואללעלאָנגא. אין דער אויסגעלייטערטער לופט האט זיך וויעדער בעוויזען דער ער' פרישענדער סאָסנאָוועך וואלד און א ריח ווי פון ווייריך האט זיך צו־טראָגען איבער דער געגענד. אננא האט אָבגעדראנקט גאָט און האט זיך געלאָזט שנעלער מיט'ן ים ברעג, ווארום זי האט אָנגעהויבען פיה־לען, אז אַ פייכטקייט איז איהר אריין אין די ביינער און די צייהן האָ־בען איהר אָנגעהויבען קלאַפּען אין אַ פיעבער.

אריינקומענדיג אין פעסקארא, האט זי זיך אוועקגעלעגט אויף אַ פיעבער. א געוויסע קריסטינא באזילע האט רחמנות בעקומען אויף איהר און האט זי אריינגענומען צו זיך אין שטוב אריין. ליעגענדיג אין בעט, האט אננא געהערט דאס געזאנג פון דער הייליגער פראָ־צעסיאָן און דורך די אויבערשטע טהיילען פון די פענסטער האט זי געזעהען דאס וועהען פון די פאָנען און זי האט געבעטען גאָט, האר־ציג געבעטען, ער זאָל איהר צושיקען אַ רפואה.

אין דריי וואָכען ארום איז זי געזונד געוואָרען. קריסטינא האט איהר פאָרגעשלאָגען זי זאָל בלייבען ביי איהר אין שטוב אלס אַ דיענסט און אננא איז בעשטאנען. מען האט איהר אָבגעגעבען אַ קליין צימער, וועלכעס האט געהאט אַ פענסטער אין הויף אריין. אין אַ ווינקעל זיינען געשטאנען אלטע שפאניר ווענטלאך בעמאָהלען מיט געוועהנליכע בילדער און די סטעליע איז געווען בעדעקט מיט שפינען וועב. אַ צוויי־דריי שטונדען פאר און נאָך האלבען טאָג איז דאס צימער בעלייכטעט געוואָרען פון דער זונען־שיין.

אננא האט ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו פיהלען זיך געזונטער און שטארקער אונטער דעם נייעם לעבען, אין דעם נייעם הויז. אַלע איהרע פליכטען האט זי ערפיללט לאנגזאם, פינקטליך און קיינער האט איהר קיין שלעכט וואָרט געזאגט.

אום מארט, 1853, איז קריסטינא'ס מאן געשטאָרבען פון אַ לענגערער, פלאגענדער פיעבער־קראנקהייט. דאס איז געווען אַ גאָטס־פורכטיגער מאַן, אַ שטענדיגער היים־זיטצער און אַ גוטער. ער איז געווען דער ראש פון אַ רעליגיעזער קאָנגרעגאַציע. ער איז געווען אַ גוטער פאָרלעזער פון די הייליגע שריפטען און געקענט שפּיעלען אונ־

בעדייטענדע מעלאָדיען אויף א הארפע. צו זיין וודוי פאר׳ן טויט זיינען אנווענדענר געווען פיעלע גייסטליכע און דאס גאנצע צימער איז געווען איינגעהילט אין א וואָלקען פון ווייראך רויך. אננא איז דאמאָלס געשטאנען אויף די קניען ביי דער טהיר און געבעטען גאָט, און אונטער דעם העכסט רעליגיעזען איינפלוס האט זי אויפגעהערט מורא האבען פאר׳ן טויט און בעשלאָסען ביי זיך, אז דער טויט איז בלויז אן איבערגאנג צו בעסערן.

א גאנצען מאָנאט צייט האט קריסטינא געהאלטען אלע פענ־סטער פון׳ם הויז צוגעמאכט און האט ניט אויפגעהערט צו בעוויינען איהר מאן. אין דער פריה, ביים אנבייסען, ביי דער וועטשעריע. און האט צוטהיילט א סך נדבות פאר זיין נשמה. צו עטליכע מאָל אין טאָג האט זי אָבגעשטויבט די הארפע, ווי עפּעס א הייליגקייט. זי איז דאן אלט געווען קרוב פערציג. פון דער נאטור איז זי געווען גענייגט צו פעטקייט, נאָר אזוי ווי זי איז געווען אן עקרה, האט זיך איהר קערפּער אָנגעהאלטען פריש און ניט צוקראָכען. אזוי ווי דער מאן האט איהר געלאָזט א גאנץ נשקשה׳דיגע ירושה, האבען זיך פינף אָנ־געזעהענע אלטע בחורים אָנגעהויבען צו שדכנ׳ן צו איהר און יעדער איינער האט איהר צוגעזאָגט דעם טעלעריל פון׳ם הימעל, אויב זי וועט חתונה האבען מיט איהם. יעדער איינער פון די פינף „חתנים” האט געהאט זיינע מעלות. איינער איז געווען געשטופּעלט און מיאוס ווי דער טויט; דער צווייטער — א פלאפּלער און די ליפּען האבען זיך איהם אימער געשאָקעלט; דער דריטער — א פליכעוואטע און פּאָנ־פּעוואטע; דער פיערטער — אן אויסוואורף פון דער נאטור, א ליעב־האָבער פון שטארקען וויין און פון פרויען; דער פינפטער — אן עקשן, וואס די וועלט פערמאָגט ניט א צווייטען. צו זיי איז נאָך צו־געקומען א גלח, וואס האט חשק געהאַט, אז זיין קירכע זאָל הנאה האבען פון קריסטינע׳ס געלד און ער אליין פון איהר פרישען געזונ־טען קערפּער.

א יעדען אבענד פלעגען זיך די אלע קאנדידאטען און צו דער־זעלבער צייט אינטריגאנטען צוזאמענקלייבען צו דער אלמנה אין הויז אריין, וואו זיי האבען געשפּיעלט אין קאָרטען און נאכהער פערוואנ־דעלט די קאָרטען אין ליעבע.

6.

אננא איז געווען אן עדות צו אלעם וואס איז פארגעקומען. זי האט אויפגעמאכט די טהירען פאר די געסט, זי האט פערשפרייט די טישען מיט טישטיכער און, אין אבענד, צעגעטראגען גלעזלעך משקה צו יעדען גאסט.

איינמאל האט אננא דערהערט פּיארע אוסיריא'ס שטימע אויף די טרעפּ, בייזערענדיג זיך אויף אימיצען. ער האט געשריען מיט אלע כחות און געזידעלט דעם גלח טשענאמעלען. דער לעצטער האט גע־רעדט אין האלב־הויכער שטימע. אזא בענעהמען זיך פון אסיריא'ס זייט איז ביי אננא'ן אויסגעקומען ווי א זעהר ניעדריגע האנדלונג, און פון דאמאלס אן האט זי געקוקט אויף איהם נים ווי אויף א מענ־שען, זאנדערן ווי אויף א רוח, און ווען עס איז איהר אויסגעקומען צו בעגעגענען זיך מיט איהם, האט זי זיך איבערגע'צלמ'ט און אבגע־מורמעלט די תפילה: „פאטער אונזערער."

איינמאל, אום פריהלינג, אין יאהר 1856, האט אננא, וואשענ־דיג וועש אויף דעם זאמדיגען ברעג פון דער פעסקארא, דערזעהען א גאנצע פלאטע פון בארזשעס, שווימענדיג איבער'ן טייך געגען דעם שטראם. עס איז געווען א שעהנער, לויטערער טאג. אין דער שפּיע־געלענדער אויבערפלעכע פון'ם טייך האבען זיך אבגעשלאגעןביידע ברעגען, וועלכע האבען זיך צוזאמענגעגאסען אין דער טיעפעניש פון'ם וואסער. עטליכע גרינע צווייגעלאך און שטעקעלאך טשערעט האבען געשוואומען און זיך געטראגען אין דער ריכטונג צום ים, און די בארזשעס מיט די זעגלען, אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגע־מאהלען די צרות פון דעם אפּאסטאל פּאמא, האבען זיך לאנגזאם גע־שניטען זייער וועג איבער דעם שעהנעם, לעגענדארישען טייך. אין אננא'ס נשמה האט פּלוצלים ערוואכט די עראיננערונג אין איהר רייזע איבער'ן וואסער; זי האט זיך דערמאהנט אן איהר טאטען און זי האט דערפיהלט, אז א שטראם פון צערטליכקייט האט זיך אין איהר צו־גאסען.

דאס איז געווען א פלאטע פון אטראנישע שיפען, וועלכע האבען געשוואומען פון דעם בארטען ראטא, אנגעלאדען מיט לימאנעס און מאראנצען. אזוי ווי די שיפען זיינען נאר געאנקערט געווארען, איז

אננא צוגעגאנגען צו די מאטראָזען און שווייגענד געקוקט אויף זיי מיט א בעגריסונגס מינע, מיט ליעבשאפט און מיט אן אונבעהאלטע־נער ־אָונרוהיגקייט. איינער פון די מאטראָזען האט זיך שטארק גע־חידושט אויף אננא'ס אויפפיהרונג און ער האט זי אין א פריינדלי־כען טאָן אויסגעפרעגט וואס זי וויל און וועמען זי זוכט. אננא האט איהם אָבגעפיהרט אָן א זייט און איהם געפרעגט, צו ער האט ניט צופעליג בעגעגענט אין פּארטוגאַליע איהר פאָטער, לוקא מי־נעלא, און צו וואוינט ער נאָך מיט יענער פרוי?.... דער מאטראָז האט איהר געענטפערט, אז לוקא איז שוין לאנג געשטארבען. ער איז געוועז אַלט און די ארבייט איז געווען פאר איהם זעהר שווער. אננא האט זיך איינגעהאַלטען מיט אַלע כחות ניט אויסצוברעכען אין א געוויין, ווייל זי האט נאָך געוואָלט אויספרעגען ביים מאטראָז א סך זאכען. דער מאטראָז האט איהר דערצעהלט אַלעס, וואס זי האט גע־וואָלט וויסען און אַלעס, וואס ער האט געוואוסט. לוקא האט חתונה געהאט מיט יענער פרוי, און האט מיט איהר געהאט צוויי זיהן, פון וועלכע איינער, דער עלטערער, האט געדיענט אויף א בארזשע און איז אָפטמאָל געקומען קיין פּעסקארא. אננא האט א שוידער געטהאָן. אן אונבעגרענצטעס אונרוהיגקייט, אויסגעמישט מיט א פערלעגענהייט האט בעהערשט איהר נשמה. זי האט זיך קוים געהאלטען אויף די פיס, אזוי שרעקליך אָבגעשוואכט איז זי געוואָרען, הערענדיג די טרוי־עריגע און צו דערזעלבער צייט זאָנדערבארע נאכריכט. הייסט עס, אז זי האט יעצט צוויי ברידער. מוז זי זיי ליעב האבען? דארף זי זיך אָנשטרענגען צו זעהען זיך מיט זיי? וואס דארף זי יעצט טהאָן?

זי האט זיך צוריקגעקעהרט אהיים אין א פערלעגענהייט. און פון דאמאָלס אָן, ווען אויפ'ן טייך האבען זיך בעוויזען שיפען, איז זי אוועק צום בארט זעהען די מאטראָזען. אָפטמאָל פלעגען די דאל־מאצישע שיפען ברענגען אייזלען און פאָנים, וועלכע האבען זיך גע־שראָקען און געטופּעט מיט די קאָפּיטעס בשעת מען האט זיי ארונ־טער געפיהרט אויף דער יבשה, און די קולות האבען אָנגעפיללט די לופט. אננא פלעגט צוגעהען און מיט ליעבשאפט גלעטען די קעפּ און די מאָרדעס פון די אייזלען.

## 7.

צו יענער צייט האט א בעקאנטער פערמער געשיקט אננא'ן א טשערעפּאכע. אין די פרייע שטונדען האט זיך אננא געשפּיעלט און פערבראכט מיט דער שוועסטער, לאנגזאמער און שווייגענדער חיה, און אכטונג געגעבען, אז עס זאָל איהר גאָר ניט פעהלען. די טשערע־פּאכע האט זיך שוועך געריקט פון איין עק צימער ביז צום צווייטען, קוים, קוים אונטערהויבענדיג איהרע לאפּעס, וועלכע זיינען געוועזען עהנליך אויף טייגעכטס אין דער מילך. די טשערעפּאכע איז נאָך גע־וועזען א יונגע און די געלע מיט שווארצע פלעקען אויף די לוסקעס פון'ם רוקען האבען זיך אונטער דער זונען אָבגעשפּיעלט אין א פּינק־לענדען בורשטינענעם קאָליר. עפּעם ווי שעהמעוודיג האט זי אוים־געצויגען איהר קורצען קעפּעלע פון אונטער דעם לוסקענעם דעקעל ארויס. אננא האט גרויס הנאה געהאט פון דער קליינער חיה'לע פאר איהרע גוטע מדות, פאר איהר שטילקייט, פאר איהר עסען מיט א מאָס, פאר איהר ציכטיגקייט, פאר איהר שעהמעוודיגקייט, פאר איהר צוגעבונדענהייט צום הויז. זי האט זי געשפּייזט מיט גרינע בלעטעלאך, מיט וואָרצעלאך און ווערים, און האט בשעת מעשה דורכ־געלעבט א מוטערליך געפיהל און מיט אַן אמת'ען פערגניגען און מיט אַן אמת'ע ליעבע געקוקט אויף די קליינע טשערעפּאכענע באקען ווי זיי האבען זיך בעוועגט.

די טשערעפּאכע האט געדיענט אלס אורזאכע פון א ליידענ־שאפטליכער ליעבע: דער פערמער, וועלכער האט זי געשענקט, פלעגט קומען צו עטליכע מאָל אין טאָג צו קריסטינא'ן אין הויז אריין, אום צו שמועסען מיט אננא'ן אויף דער וועראנדע. זייענדיג א מענש א וויי־כער, א רעליגיעזער, א קלוגער און עהרליכער, האט ער זיך מיט פער־גניגען איבערצייגט אין דעם, אז די זעלבע מעלות מוז א פרוי, אָהן צווייפעל בעזיטצען. ביסלעכוויין, ביסלעכווייז און די געשפּרעכען האבען זיך איןביידע פערוואנדעלט אין א פריינדשאפט, וועלכע איז גאנץ נאָהענט צו ליעבע. אננא איז שוין געוועזען א מיידעל אין די יאָהרען. די האאר ביי די שלייפען האבען שוין אויסגעקוקט גראָה און אויף איהר גאנצען געזיכט איז געוועזען צוגאָסען א טיעפע רוהיג־

קיוט. דער פערמער, וועלכער האט געהייסען זאקיעלע, איז געוועזען אביסעל עלטער פון אננא׳ן. ער האט געהאט א שרעקליך גרויסען קאָפּ מיט א בולט׳דיגען שטערען אין מיטען. און די אויגען זיינען גע־וועזען גלעזענע, קיילעכדיגע ווי ביי א קראָליק. זייערע געשפרעכען האבען זיי אָנגעפיהרט אויף דער ווראַנדע. איבער זייערע קעפּ האָט געהאַנגען א לויטערער, רוהיגער הימעל, אונטער וועלכען עס האבען ארומגעשוועבט טויבען, ווייסע, ווי דער הייליגער גייסט. די פריינד האבען גערעדט פון גערעטעניש, פון דאָרפישע פּראָדוקטען, פון די איינפאַכסטע מיטלען צו בעאַרבייטען ערד. אין דיזע זאכען האבען ביידע געהאַט א גוטע ידיעה.

אזוי ווי זאקיעלא האט ניט פיינד געהאט ארויסצוצייגען זיינע קענטניס פאר דער אונוויסענדער און גלויבענדער פרוי, האט די לעצטע אָנגעפאַנגען צו פיהלען צו איהם א גרויסען רעספּעקט, אויס־געמישט מיט אַן אונבעגרענעצטער פערוואונדערונג. פון איהם האט זי זיך דאס דערוואוסט, אז די ערד צוטהיילט זיך אויף פינף חלקים פון דער וועלט און אַלע מענשען — אויף פינף ראַסען: א ווייסע, א געלע, א רויטע, א שוואַרצע און א ברוינע. זי האט זיך דערוואוסט, אז די ערד איז קיילעכדיג, אז ראָמול און רעם זיינען אויפגעהאָדעוועט געוואָרען פון א וואָלפין, אז די פויגעלעך פליהען אום פריהלינג אוועק אויף יענער זייט ים, קיין עגיפּטע, וואו עס האבען אַמאָל געהערשט די פרעה׳ס. אבער ווארום האבען ניט די מענשען, וועלכע זיינען אלע בעשאַפען געוואָרען מיט׳ן פּאָרעם פון גאָט, קיין איין אָנבליק? ווי אזוי קענען מיר געהען אויף דעם ערד־קוגעל? ווער זיינען עס געוועזען די פרעה׳ס? — דאס אַלעס האט זי זיך בשום אופן טאָקע ניט גע־קענט דערוויסען.

איינמאָל האט איהר זאקיעלא געוויזען די הייליגע געשיכטע פון׳ם אַלטען טעסטאַמענט מיט אילוסטראַציאָנען. אננא האט לאַנג־זאם איבערגעבלעטערט דעם בוך, הערענדיג די ערקלערונגען פון איהר פריינד. זי האט געזעהען אדם און חוה׳ן, ארומשפּאַצירענדיג צווי־שען האָזען און הירשען; נח׳ן—א האלב נאַקעטען, שטעהענדיג אויף די קניען פאר׳ן אַלטאַר. די דריי מלאכים, וואס האבען בעזוכט אברהם׳ן; משה׳ן—גערעטעט פון׳ם וואסער; ענדליך האט זי געזע־העז פּרעה׳ן אליין, פאר וועמעס אויגען משה׳ס שטעקען איז פער־

וואנדעלט געוואָרען אין אַ שלאַנג; די מלכה שבא, סוכות, אין וועלכע די אידען האבען געהאלטען יום־טוב, דעם פערצווייפעלטען און העל־דישען קאַמפּף פון די מאַקאַבעער. די פאסירונג וועגען בלעם'ס אייזעל האט זי געבראכט אין אַן ערשטוינטער איבעררעשונג. די מעשה וועגען דעם, אַז בנימין'ס בעכער האט זיך געפונען אין זאק, האט ביי איהר ארויסגערופען טרערען. זי האט זיך לעבעדיג פאָרגעשטעלט די אידען, געהענדיג איבער דער טרוקענער מדבר אונטער אַ האָגעל פון שנעע־ווייסען און בע'טעם'טען מן.

נאכהער האט איהר זאַקיעלאַ דערצעהלט מעשות איבער פער־שיעדענע היסטאָרישע העלדען, איבער קעניגס און מלחמות, און אלעם האט זיך אויסגעמישט אין אננא'ס קאָפּ און זי האט געבלאָנד־זשעט און פערביטען איינעם אויפ'ן צווייטען.

אין מיטען סעפּטעמבער, עס האט גערעגענט און די זומער היטץ איז געוואָרען מילדער און שוואכער און אָבגעגעבען פּלאַטץ דעם אויס־געצייכענטען הערבסט וועטער. אננא'ס צימער איז פערוואנדעלט געוואָרען אין אַ ריכטיגע לעזע־זאַל. איינמאָל איז זאַקיעלאַ געזעסען לעבען איהר און געלעזען ווי „העלענא, די טאָכטער פון דעם קעניג האלאַפער, האט פערלאַנגט ביי מיינעטאָן, אין וועלכען זי האט זיך פערליעבט, אַ קראַנץ פון גראָזען." צו דערפאר וואס די געשיכטע איז געווען אזוי שפּאַנענד אינטערעסאַנט, צו דערפאר, וואס דעם פּאָר־לעזער'ס שטימע איז געווען אַ בע'טעם'טע און אָנציהענדע, אלענ־פאלס האט זיך אננא צוגעהערט מיט דער פּאָרזיכטיגסטער אויפ־מערקזאַמקייט. די טשערעפּאַכע איז זיך רוהיג געלעגען אין אַ קופּע בלעטלאַך.

ווען ער האט דערלעזען ביז צו אַ קאַפּיטעל, האט זאַקיעלאַ אויעק־געלעגט דעם בוך אָן אַ זייט; אַ קוק טהוענדיג אויף דער פרוי, וועלכע האט זיך אזוי טיעף איינגעהערט, האט ער אַ נאַררישען שמייכעל גע־טהאָן און זיין הויט פון די באַקען און די ווינקלען פון מויל האבען זיך דערפון פערוואנדעלט אין אַ מאַסע קנייטשען און פאַלבען. נאכ־הער האט ער זיך אָנגעהויבען קוועטשען עפּעס צו רעדען, ווי איינער, וואס זוכט אַ וועג, ווי אזוי צו צוקומען צו דער געווינשטער טהעמע. ענדליך, האט ער זיך בעשלאָסען — „דענקט זי ניט וועגען הייראַ־טהען?" — אננא האט ניט געענטפערט אויף דער פראַגע. זיי האַ־

בעןביידע געשוויעגען, פיהלענדיג עפּעס א סומנע, זיסע מאַטקייט. דאס איז געווען די ערוואַכונג פון דער בעגראָבענער יוגענד, וועלכע האט זיי גערופען צו ליעבע. זייערע קעפּ זיינען געווען פערטומעלט ווי פון א שטאַרקען וויין.

---

8.

א שטומער בעשלוס צו הייראַטהען האט געפּאַלגט ביי אננאַ'ן א סך שפּעטער, ערשט אין אָקטאָבער, ווען מען דריקט אויס די אויל־בירטהען. איינמאָל, א מאָנטאג, האט זיך זאקיעלא, מיט דער איינשטימונג פון קריסטינע'ן, ארויסגערופען צו בעגלייטען אננאַ'ן אויף זיין פערמע, וואו מען האט געקוועטשט אויל־בירטהען. זיי זיינען ארויסגעגאַנגען פון פּאָרטאָזאָל צופוס און, לאָזענדיג הינטער זיך דעם טייך, זיינען זיי אין גיכען ארויפגעקומען אויף דעם סאלאריסען וועג. זייט דעם טאָג, וואס מען האט געלייענט וועגען העלענאַ'ן און מיינעטאָן, האבען זיי ביידע געפיהלט איינער צום צווייטען א מין פלאַטערענדע שעהמעוודיגקייט דורכגענומען מיט אַן ענטציקונג. זיי האַבען אָנגעהויבען אויסמיידען צו רעדען איינער צום צווייטען און ווען יא, האבען זיי זיך איינגעהאַלטען ניט צו קוקען איינער דעם צווייטען אין פּנים. א ליעבער שמייכעל האט זיך צייטענווייז בעוויעזען אויף זייערע ליפּען. זייערע פּנים'ער האבען זיך גערויטעלט און זייערע הערצער געקלאַפּט שנעלער און פעסטער. זיי זיינען געגאַנגען, שווייגענדע, איבער צוויי סטעזשקעלאַך, וואס האבען זיך געצויגען אויף ביידע זייטען וועג. עס איז געווען אַן אויסגעצייכענטער הערבסט טאָג. די פעלדער זיינען פערהילעכט געוואָרען פון די פרעהליכע ליעדער לכבוד דעם נייעם וויין. זאקיעלא איז אביסעל אָבגעשטאַנען פון זיין בעגלייטערין און האט פון צייט צו צייט אונטערבראָכען די שטילקייט מיט א געשפּרעך איבער דער לופט, איבער די וויינטרויב גערטנער, איבער אויל־בירטהען. אננא האָט מיט נייגיערינקייט נעקוקט אויף די קוסטען, וועלכע זיינען געווען אָבגעשאָטען מיט העל־רויטע

יאגאָדעס, אויף די בעארבייטע פעלדער און קאנאוועס, וועלכע זיינען געוועז אָנגעפיללט מיט וואסער; און א מעכטיגע פרייד האט שטור־מענווייז בעהערשט איהר נשמה, אזא פרייד, וועלכע מען פיהלט, ווען מען דערמאָהנט זיך אָן לאנג־פערגאנגענער ענטציקונג. ווען דער וועג האט זיך פערקירעוועט ארויף צום בארג, און זיי זיינען גע־גאנגען דורך די רייכע אוילבירטהה פלאנטאציעס, וואס האבען בע־לאנגט צו קאַרדירוסאָ, האט זיך אננא פלוצים מיט ערשטוינענדער דייטליכקייט עראינערט אָן סאן־אפאָללינארע, אָן אייזעל און פאס־טוך און זי האט געפיהלט ווי דאס בלוט האט זיך איהר מיט אמאָל אנגאָס געטהאָן צום הארצען. דאס פלאטץ, איבער וועלכען זי איז יעצט נעגאנגען, איז געוועז עהנליך אויף יענעם וועג, וואו אמאָל האט זיך איהר יוגענדליכער עפיזאָד אָנגעפאנגען אָבשפיעלען. און עס האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז זי זעהט דעם מאן מיט די האָזישע ליפען, אז זי הערט זיין קול און זי האט איבערגעלעבט עפעס אָן אונפער־שטענדליכע, זאָנדערבארע אונרוהיגקייט.

די פערמע איז געבליעבען נאָהענט. דאס לייכטע בלאָזען פון דעם ווינט האט ארונטערגעשלאָגען רייפע אוילבירטהען פון די בוי־מער. אונטען האט געפינקעלט א בלויער פאס פון'ם ים. דאָ איז שוין זאקיעלא געגאנגען גלייך מיט אננא'ן און מיט א צערטליכען געבעט געקוקט איהר אין פנים אריין: „פון וואס האט זי יעצט גע־טראכט?" אננא האט זיך אין א שרעקליכער צוטומעלניש אומגע־קוקט, פונקט ווי מען זאָל זי כאפען אויפ'ן פלאטץ פון א פערברעכען: „זי האט ניט געטראכט פון קיין זאך."

ענדליך זיינען זיי צוגעקומען צו דער פערמע, וואו די ארבייטער האבען אויסגעקוועטשט די ערשטע, פאר דער צייט אָבגעפאלענע, אוילבירטהען. די פרעס האט זיך געפונען אין א ניעדריגען, פינ־סטערן צימער. אָן אייזעל איז געוועזן איינגעשפאנט און געדרעהט די זשאָרנעס.

אננא האט אָנגעפאנגען אויפמערקזאם צו צוקוקען די ארבייט און זאקיעלא האט געגעבען די ארבייטער פערשיעדענע בעפעהלען. אלס ער איז ארומגעגאנגען און מיט א קוק פון א וויסער פרובירט די מאסלינעס, האט זי געפיהלט, אז אין איהר נשמה וואקסט אָן אָבשיי צו איהם. נאכהער, ווען זאקיעלא האט פאר איהרע אויגען אויפגע־

הויבען א גלאז מיט ריינעם בוימעל און איבערגיסענדיג עס, געד בענטשט און געלויבט גאט, האט זי זיך מיט א בעזונדערער פרומ־ קייט איבערגע'צלם'ט.

צו דערזעלבער צייט זיינען צו די טהירען צוגעקומען צוויי פרויד ען, וואס האבען געוואוינט אויף דער פערמע. יעדע האט געהאלטען א זויגענדיג קינד אויף די הענט, און א גאנצע „כאפטע" קליינוואוג האט זיך איהר נאכגעשלעפט, אנגעטשעפעט אן קלייד.ביידע פרויען האבען גערעדט צווישען זיך. אננא האט בעקומען א שטארקען חשק צו לאסטשען די קליינע קינדערלאך און די מאמעס האבען שטאל־ צירט מיט זייער „פרוכטבארקייט." די ערשטע האט געהאט זיעבען זיהן, די צווייטע עלף.

דער געשפרעך איז איבערגעגאנגען אויף פאמיליען טהעמאס. אלבאראזא, איינע פון די מאמעס, האט פערשאטען אננא'ן מיט פראד גען: „צי האט זי ניט געהאט קיין קינדער?" אננא האט געענטפערט, אז זי איז נאך א מיידעל, און בשעת מעשה געפיהלט, ווי ארעם און ניכטסווירדיג זי איז ענטקעגען דיעזע שטאלצע, גליקליכע, פרוכט־ בארע מאמעס. אביסעל שפעטער האט מען געביטען די טהעמא, און אננא האט געגלעט און געלאסטשעט די קינדערלאך. א בשמים'־ דיגע לופט האט זיך געטראגען איבער די לופט, אזא שטארקע לופט, אז זי האט אזש געקיצעלט אין נאז.

זאקיעלא, וועלכער איז די גאנצע צייט געווען פערנומען מיט'ן אויסמעסטען דעם בוימעל, איז צוגעקומען צו די פרויען. אלבאראזא האט אין לצנות געפרעגט, ווען מען וועט זיך שוין דערלעבען א התונה'קעלע ביים הערר זאקיעלא? זאקיעלא האט א שמייכעל גע־ טהאן אביסעל פערשעהמט און א קוק געטהאן אויף אננא'ן, וועלכע האט אלץ געגלעט און געלאסטשעט די קינדערלאך, און זיך געמאכט כלומרשט, אז זי פערשטעהט ניט..... אלבאראזא האט אבגעמאסטען זאקיעלא'ן און אננא'ן מיט א שארפען קוק און בעמערקט, אז זיי זיינען א פאאר פון'ם הימעל, א זיווג, וואס קיין בעסערער קען גאר אויף דער וועלט ניט זיין, און זי זעהט ניט איין, ווארום זיי האבען צו ווארטען. די „חתן־כלה" האבען ארונטערגעלאזט די אויגען און א שעהמעוודיגקייט האט זיך געשפיעלט אויף זייערע פנים'ער.

דער עולם איז נעגאנגען עסען וועטשערע. אונטער דעם פרייען

הימעל, צווישען שעהנע, רוהיגע אוילבירטה בוימער איז געשטאנען א גרויסער טיש, אויף וועלכען עס איז געווען אַנגעשטעלט פערשיע־דענע מאכלים, גרינוואַרגס און גוטער וויין. דער אפּעטיט פון די ארבייטער איז געווען גוט און שטופּענווייז האט זיך דער טיש „אָב־געריינינגט."

אננא האט יעצט געפיהלט, אז איהר גאנצעס וועזען שווימט אין א ים פון פרייד. זי האט געפיהלט עפּעס א זאָנדערבארע צוגעבונ־דענקייט צו זיי אלע. נאכהער האט מען זי אריינגעפיהרט אין שטוב אריין, וואו עס זיינען געווען גרויסע ליכטיגע צימערן, הגם זיי זיינען געווען אלטע. אויף די ווענט האבען געהאנגען בילדער בעפּוצט נאָך מיט די פסח'דיגע בוימער צווייגען. אויף דער פּאָדלאָגע זיינען גע־שטאנען גרויסע בעטען און לעבען זיי — וויעגעלאך. פון איבעראל האט געוועהעט מיט א פאמיליען רוהיגקייט. אננא האט אלעס בע־טראכט און א שמייכעל געטהאָן, שעהמעוודיג, און איהר הארץ האט זיך אָנגעפיללט מיט צערטליכע געפיהלען, מיט געפיהלען, וואס זיינען פאסענד פאר א מוטער און ערציהערין. ווען די פרויען זיינען צו־ריקגעקומען צום פלאטץ, וואו מען האט געגעסען, זיינען נאָך די מע־נער געשטאנען ארום טיש. זאקיעלא האט גערעדט מיט זיי. אלבא־ראָזא האט גענומען א קליין ברויטעל, צובראָכען עס אויף העלפט, בעגאָסען מיט בוימעל, בעשאָטען מיט זאלץ און עס דערלאנגט אננא'ן. אננא האט עס אויפגעגעסען מיט א גוטען אפּעטיט און פערטרונקען מיט וויין. נאכהער, ווען עס האט אָנגעהויבען פינסטער ווערען, האט זיך זאקיעלא מיט אננא'ן ארונטערגעלאָזט פון בארג.

די ארבייטער האבען זיי בעגלייט מיט געזאנג. א קיהל ווינטעל האט געבלאָזען די אוילבירטה בוימער. דער הימעל איז געווען גע־פּארבט אין א ראָזעווע־בלויליכען קאָליר.

אננא איז געגאנגען שנעל. זאקיעלא איז אביסעל אָבגעשטאנען און געטראכט וואס פאר א שמועס ער זאָל אָנפאנגען. ביידע האבען דורכגעלעבט א קינדערשע מורא, אלס זיי זיינען ווידער געבליעבען איינע אליין. פּלוצלים האט זאקיעלא אָנגערופען זיין בעגלייטערין ביים נאָמען. זי האט א פלאטער געטהאָן און האט זיך אומגעקוקט. „וואס וויל ער?" זאקיעלא האט מעהר גאָר ניט געזאגט. ער האט געמאכט צוויי שפּאַן און איז געווען לעבען אננא'ן. אזוי זיינען זיי

געגאנגען שווייגענד, ביז זיי זיינען צוגעקומען ביז צום סאלאריסער וועג. ווי פריהער איז יעצט יעדער פון זיי געגאנגען איבער דער סטעזשקע ביים זייט פון'ם וועג. אזוי האבען זיי זיך צוריקגעקעהרט קיין פארטאזועלע.

---

9.

אזוי ווי אננא איז פון דער נאטור געווען אן אונבעשלאָסענע פערזאָן, האט זי אלע מאָל אָבגעלעגט די חתונה. רעליגיעזע צווייפ־לונגען האבען זי געטומעלט. זי האט געהערט, אז בלויז מיידלעך קענען קומען אין גן־עדן אריין. ווי אזוי זשע זאָל זי יעצט האנדלען? זאָל זי זיך צוליעב אירדישען פערגניגען ענטזאָגען פון דעם הימלי־שען תענוג?..... די צווייפלען האבען פערשטארקט איהר פרומ־קייט. אלע איהרע פרייע שטונדען האט זי פערבראכט אין קירכע, וואו זי איז לאנג, לאנג געשטאנען אויף די קניען און געבעטען גאָט. די קירכע איז געווען אן איינפאכענקע און א זויבערע. די פאָדלאָגע איז געווען אויסגעלעגט מיט מצבה־שטיינער און פאר'ן אלטאר האט געצאנקט דאס איינציגע מעטאלענע לעמפעלע. און אננא האט זיך דאָ מיט ערביטערונג עראינערט אָן דעם רייך־בעפּוצטען ארטאנער קלויסטער, אָן די פראכטפאָלע, קוויקענדע צערעמאָניעס, אָן די עלף זילבערנע לעמפעלאך און אָן די דריי אלטארען פון דעם בעסטען מאר־מאָר שטיין.

אין 1857 האט צווישען דעם פעראיין, וואס איז בעשטאנען פון קירכען־דיענער און דעם גלח טשענאמעלע אויסגעבראָכען א מלחמה. די קירכען־דיענער האבען געוואָלט, אז דער קרייצען־צוג זאָל ארויס־געהען פון זייער קירכע און דער גלח, וואס איז אויסגעהאלטען געוואָ־רען פון דער שטאדט, האט געוואָלט — פון זיין קירכע. די מלחמה איז געווען אזוי שטארק, אז מיליטער איז ארויסגערופען געוואָרען, אום אויפצוהאלטען אָרדנונג. עס זיינען ניט געווען קיין צוויי מענ־שען אין שטאדט, וואס זאָלען זיך ניט געווען קריעגען. קריסטינע'ס

הויז איז געווען דער מיטעל־פונקט. אננא האט געהאט דערפון שרעק־ליכען צער און האט טאָג און נאכט געבעטען גאָט, אז דער גלח זאָל ארויס דער זיעגער. די מלחמה האט אָנגעהאלטען אזוי לאנג ביז דער עפיסקאָפּ האט אריינגעשיקט א שטאפּעט מיט דער ערקלערונג, אז דער פעראיין זיעגט.

---

10.

א לאנגע צייט נאָך האט די פּאסירונג געדיענט אלס טהעמא פיר דיסקוסיאָן און צאנקעריי. אזוי ווי אננא איז געווען אַן עדות, צו וואס עס איז גערעדט און געטהאָן געוואָרען ביי קריסטינען אין הויז און נאכהער, ווען דער קרייץ־צוג איז געשעהען, האט יעדער זי פערשאָטען מיט פראגען און זי האט יעדען געענטפערט געדולדיג און דערצעהלט אַלעס, וואס זי האט געזעהען און געהערט.

צו יענער צייט האט אננא פערבראכט איהר גאנצע טעג און נעכט אין גאָט בעטען און אין פערברענגען מיט דער טשערעפּאכע. עס זיינען געקומען די אַפּריל טעג און דאס חיה'לע האט ערוואכט פון זיין לאנגען שלאָף. אננא האט גאָר ניט געוואוסט וואס צו טהאָן טשערעפּאכע. זי האט זי געגלעט, געלאסטשעט און ארויפגעלעגט אויפ'ן בעט און איהר געגעבען עטליכע גרינע בלעטלאך. ווען זי האט געעפענט דאס מויל און ארויסגעשטעלט דאס צינגעל, אום צו בעריהרען די בלעטלאך, האט זיך אין אננא'ן ערוועקט אַן אונגע־הייערע צערטליכקייט. אזוי האט זי פערבראכט די פריהלינג צייט. זאקיעלא, צו דערזעלבער צייט, איז ארומגעכאפּט געוואָרען מיט די פלאמען פון ליעבע און ער האט אָנגעהויבען צו צושטעהען צו איהר, אז עס זאָל זיך נעהמען אַן ענדע צו איהר פערשפּרעכען. די חתונה איז בעשטימט געוואָרען אויף ערב יום־טוב לכבוד דעם געבורטה פון יעזוסען.

דאן האט זיך די ליעבע ווידער צובליהט, און בשעת אננא האט גענעהט, צוגרייטענדיג זיך צו דער חתונה, האט זאקיעלא איהר פאָר־

געלייענט דעם נייעם טעסטאמענט. די טשערעפאכע פלעגט צוקריי־
כען צו אננא'ס פיס און זיך געשפּיעלט. איינמאל, ווען זאקיעלא איז
געווען פערטיעפט אין לייענען פון דעם נייעם טעסטאמענט, האט ער
פלוצלים דערפיהלט עפּעס לעבען זיין פוס. ער האט אין שרעק א
שליידער געטהאן מיט'ן פוס און אין נעכסטען אויגענבליק איז די
טשערעפאכע געלעגען לעבען דער וואנט אן איבערגעקעהרטע מיט'ן
בויך ארויף, א פערבלוטיגטע און האט זיך געצאפּעלט ווי פאר'ן
טויט.

אבוואהל זאקיעלא האט געהאט שרעקליכען צער פון זיין טהאט
און האט זיך גאר ניט געקענט פערגעבען דאס פערברעכען, וואס ער
איז בעגאנגען, האט אננא איהם מעהר צו זיך ניט צוגעלאזט און האט
זיך ענטזאגט צו הערען מעהר זיין פארלייענען.

---

11.

אין דער צייט פון א גרויסער פערפלייצונג אין אקטאבער, 1858,
איז זאקיעלא געשטארבען. דאס גאנצע פלאטץ, וואו ער האט גע־
וואוינט און די געגענד ארום איז געווען פערטרונקען. די שטראמען
וואסער האבען מיט'ן וועג אבגעשווענקט די רויטליכע ראסט פון די
אייזענס און עס האט אויסגעקוקט, ווי בלוט רינט איבער די גאסען.
אויסגעריסענע מיט'ן ווארצעל בוימער, סלופּעס, שטיקער דאך, טרעפּ
און נאך פיעלע אנדערע זאכען, האבען זיך געטראגען אין די שמוּ־
ציגע, קאלאמוטנע און בלוט־רויטע גאסען. די הארצרייסענדע סצענע
איז געווען סטאדעס מיט בהומות, וועלכע דאס וואסער האט געטראַ־
גען, און זיי האבען זיך געשלאגען איינע אן די אנדערע און פער־
טשעפּעט זיך מיט די הערנער, און מיט אויסגעשטרעקטע קעפּ, מיט
רחמנות אויגען געקוקט דערשראקען אין אלע זייטען.

ווען דאס וואסער האט אנגעהויבען אבצופאלען, זיינען זיך די
איינוואוינער פון די ארומיגע דערפער צוזאמענגעפאהרען אין שטאדט
אריין, אויף קליינע שיפלאך. די פנים'ער פון די מענער, פרויען און

קינדער האבען אויסגעדריקט פחד און ליידען. אלע האבען דערצעהלט פון דעם אונגליק, וואס האט זיי געטראפען. איינער עפּעס אן ארבייטער איז געקומען צו קריסטינען אין שטוב אריין דערצעהלען, אז זאקיעלא איז אומגעקומען אין דעם שרעקליכען פערפלייצונג אונגליק, און ער האט איבערגעגעבען דאס בילד, ווי אזוי דער פערמער איז אומגעקומען. ער האט דערצעהלט, אז ניט ווייט פון קאפּפּוטשינין האבען עטליכע פרויען צוגעבונדען זייערע זויגענדע קינדערלאך צום קאפּ פון א בוים, אום זיי זאָלען זיין געראטעוועט פון דער פערפלייצונג. דער ווינד האט אבער א שטורם געטהאָן, דער בוים איז אויסגעריסען געוואָרען מיט'ן וואָרצעל און די קינדערלאך זיינען אוועקגעטראָגען געוואָרען מיט'ן שטראָם. זאקיעלא איז דאָמאָלס געשטאנען אויפ'ן דאך צוזאמען מיט נאך מענשען, רופענדיג צו הילף. נאָר אָט האט דער דאך זיך אָנגעהויבען בעהאלטען אונטער דעם וואסער. די קערפּערס פון די בהמות און די שטיקער אָבגעבראָכענע בוימער האבען שוין אָנגעהויבען אָבצושטויסען די פערצווייפעלטע מענשען. אין יענעם מאָמענט, ווען פארביי זיי האט זיך דורכגעטראָגען דער בוים מיט די קינדערלאך, איז דער שטראָם געוועזען אזוי שטארק, אז אין איין אויגענבליק זיינען פערשוואונדען אי דער דאך, אי די מענשען, וואס זיינען געשטאנען אויף איהם.

אננא האט אויסגעהערט די גאנצע געשיכטע אָהן א טרער. אין איהר טעמפּען מארך האט די ערצעהלונג איבער דעם טויט, איבער דעם בוים מיט די קינדערלאך, איבער די מענשען, וואס האבען זיך צוזאמענגעקליעבען אויפ'ן דאך, איבער די קערפּערס פון די בהמות, וואס האבען זיי ארונטערגעשטויסען אין וואסער אריין — ערוועקט עטוואָס אבערגלויבישעס, עהנליך צו דעם, וואס זי האט דורכגעלעבט, הערענדיג די ערצעהלונגען פון דעם אלטען טעסטאמענט. זי האט זיך אויפגעהויבען און איז לאנגזאם אריינגעגאנגען אין איהר צימער, אום צוזאמענצונעהמען זיך מיט די געדאנקען; די זונן האט אויך בעלייכט דעם געזימס פון'ם פענסטער; די טשערעפּאכע איז געלאָפען אין א ווינקעלע. פון אונטער דעם דאך האט זיך צוגעטראָגען דאס טשיריקען פון די שוועלבעלאך.... די רוהיגקייט פון דעם ארומיגען לעבען, וואס האט אויף דאס נייע געהערשט, האט ביסלעכווייז, ביסלעכווייז אָנגעפיללט איהר נשמה מיט אן אינערליכען פריעדען. פון

דער טיעפעניש פון דעם מינוטליכען בערוהיגקייט האט אויף איהר פלוצלים זיך אנגערוקט אן אומעדיגקייט; זי האט ארונטער געזונ־קען איהר קאפ אויף דער ברוסט און האט זיך אין גאנצען איבערגע־געבען א טיעפער און שווערער זארג.

דאן האבען שרעקליכע געוויסענסביסע געפלאגט און געמאר־טערט איהר נשמה פאר וואס זי האט געטראגען א בעהאלטענע שנאה אויף זאקיעלא'ן; און עראינערונגען—איינע נאך די אנדערע, האבען אויף דאס ניי אנגעשוואומען אויף איהרע געדאנקען: יעצט, מעהר ווי אלע מאל, האט זי בעטראכט די גוטע מעלות, וואס איהר אומגע־קומענער פריינד האט פערמאגט; און די כוואליע פון צער האט זיך אלץ העכער און העכער אויפגעהויבען אין איהר נשמה. זי האט אויפ־געשפרונגען פון'ם פלאטץ, צוגעלאפען צום בעט, זיך אוועקגעווארפען מיט'ן פנים אראב און איהר כליפען און יאמערען האבען זיך אויס־געמישט מיט דעם פיסטשען פון די פויגעלאך.

נאכדעם ווי זי האט זיך גאנץ געשמאק אויסגעוויינט, איז איהר געווארען אביסעל גרינגער אויפ'ן הארצען און זי האט זיך געטראכט, אז מען מוז זיך אונטערגעבען דעם ווילען פון גאט. וואס עס זאל ניט פאסירען, מוז מען זאגען: „דאנקען גאט, וואס ניט ערגער." און טראכטענדיג אזוי, איז איהר אין גאנצען גרינגג געווארען אויפ'ן הארצען און זייט דאמאלס איז זי געקומען צום בעשלום, אז עס איז דא א מאכט — גאט'ס מאכט, וואס איז שטארקער פון אלעם אין דער וועלט, און אז די מאכט איז אימער א גערעכטע און געבענטשט זאל זי זיין אויף דור דורות!

---

## 12.

און אזוי האט זיך פאר לוקא'ס טאכטער געעפענט דער אמת'ר וועג אין גן־עדן אריין. זי האט פון גאר ניט געוואוסט אויסער פון קירכע, און עס איז ניט געווען קיין צערעמאניע, קיין פראצעסיע, וואר זי זאל ניט געווען זיין אוי אויף נעהמען אנטהייל, זינגענדיג די תפילה: „דו, מיין גאט."

צו ראָזשרעסטוואָ האָט זיך אַננאַ׳ן פערגלוסט צו מאַכען אַ שפּאַציער איבער דעם וועג, וואו זי איז אַמאָל געגאַנגען מיט זאַקיעלאַ׳ן, צו זוכען מאָך. זי האָט מיטגענומען דעם פּאַנאָמאַר׳ס מיידעלע און האָט זיך אַוועקגעלאָזט איבער דעם סאַלאַריסער וועג. אויפ׳ן באַרג, צווישען די אוילבירטה בוימער, האָט זיך בעוויזען אַלבאַראַזע׳ס פּערמע. קיין איין פּיפּס האָט ניט אונטערבראָכען די שטילקייט פון דער נאַטור. אַננאַ האָט בעמערקט מאָך. זי האָט זיך אַנגעבויגען און אויסגעשניטען מיט אַ מעסער שטיקער ערד. דאָס גראָז איז געווען אַזוי קאַלט, אַז אַננאַ׳ס הענט זיינען פערבלויעט געוואָרען. פון צייט צו צייט, ווען זי האָט דערזעהען אַ בעזונדער גרינעם קנויל, האָט זי פרעהליך אויסגעשריען. ווען דער קאָרב איז געווען פול, האָט זיך אַננאַ מיט דעם מיידעלע אַוועקגעזעטצט אויף אַן אַנגעשאָטענעם פּלאַטץ לעבען דעם ריוו. איהרע בליקען האָבען אַנגעהויבען לאַנגזאַם זיך גליטשען איבער דער סטעזשקע צווישען אוילבירטה בוימער און זיך אָבגעשטעלט אויף די ווייסע ווענט פון דער פּערמע, וועלכע האָט יעצט אויסגעקוקט ווי אַ מאָנאַסטיר. אַננאַ האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך פערטראַכט. פּלוצלים האָט זי זיך געווענדעט צו דער בעגלייטערין און זי געפרעגט צו זי האָט ווען ניט איז געזעהען ווי מען קוועטשט אויס בוימעל פון מאַסלינעס, און האָט אָנגעהויבען בעשרייבען די פּרעס און יעדער זאַך ביז צום קלענסטען קלייניגקייט און אַלעם ערקלערט מיט אַלע איינצעלהייטען. פערטיעפענדיג זיך אין דער בעשרייבונג און ערקלערונג, האָט זי אין איהר נשמה איבערגעקליבען אַלע ערינערונגען, וועלכע זיינען געקומען איינע נאָך דער אַנדערער, און יעדע בעזונדער האָט ביי איהר אַרויסגערופען אַ ציטער.

אין אַפּריל, 1858, באַלד נאָך פּסח, איז זי קראַנק געוואָרען. אַ לונגען־ענטציגדונג האָט זי אַ גאַנצען מאָנאַט צייט געהאַלטען צוגעקאָוועט צום בעט. קריסטינאַ איז יעדען אין דער פריה און אָבענד אַריינגעגאַנגען געוואָהר ווערען, וואָס די קראַנקע מאַכט. עפּעס אַן אַלטע פרוי, וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען אַלס ווייסערין, האָט זי פערזאָרגט מיט רפואות. די טשערעפּאַכע האָט שרעקליך געליטען דורך אַננאַ׳ס קראַנקהייט, ווייל קיינער האָט זיך אויף איהר ניט אומגעקוקט. ווען אַננאַ האָט געזעהען ווי אַזוי איהר ליעבלינג, די אָרעמע

טשערעפּאַכע ליידעט, האט זי עפּעס געפיהלט אביסעל לייכטער, פּונקט ווי איינער א ליידענדער פיהלט, ווען זיינער א ליעבער נאָהענ־טער ליידעט אויך מיט איהם. איינמאָל זיינען דורך'ן פענסטער אריינגעפלויגען צוויי שוועלבעלאַך. זיי האבען זיך אָנגעהויבען קלאַ־פּען אין דער וואנט און צוריק ארויסגעפלויגען.

ווען אננא איז צום ערשטען מאָל נאָך איהר קראנקהייט געגאַנ־גען אין קירכע, איז געווען דער „גייסטער טאָג.” זי איז אריינגע־גאַנגען אין קירכע אריין און מיט זשעדניגקייט אָנגעהויבען איינ־אטהעמען אין זיך דעם ריח פון דעם ווייראַך. נאכהער איז זי געגאַנ־גען אויף די שפּיטץ פינגער, אום צו געפינען דאס ווינקעלע, וואו זי האט ליעב געהאט צו שטעהען אויף די קניען און בעטען גאָט. ווען זי איז אהין צוגעקומען, האט זי געפיהלט, אז איהר הארץ איז איבער־פילט מיט א געהיימניספאָלער פרייד און זי האט זיך מיט גרויס הנאה ארונטערגעלאָזט אויף די קניען און געשאפען א תפילה צו גאָט. אן עולם איז זיך צוזאמענגעקומען. אין מיטען די תפלות, בעגליי־טעט מיט'ן קאָהר און אָרגאָן, זיינען ארויסגעגאַנגען צוויי קלויסטער שמשים מיט צוויי גרויסע שיסלען פול מיט בלומען און זיי צושפּרייט איבער די קעפּ פון די גאָט־בעטערס. אננא איז לאַנג, לאַנג געשטאַ־נען אויף די קניען און געבעטען און גערדאַנקט גאָט פאר דער רפואה, וואס ער האט איהר צוגעשיקט. ווען א פּאאר בלומען זיינען ארויפ־געפאַלען אויף איהר קאָפּ, האט זי א ציטער געטהאָן און קיינמאָל אין איהר לעבען האט זי ניט אזא ציטער געטהאָן, קיינמאָל אין איהר לע־בען האט זי ניט געפיהלט אזא פערגניעגען, אזא ענטציקונג פון א בעריהרונג ווי פון די בלומען.

זייט דאמאָלס איז דער „גייסטער טאָג” געוואָרען ביי אננא'ן דער ליעבסטער יום־טוב, און יעדער יאהר האט ער נאָך זיך איבער־געלאָזט עטוואס אויסגעצייכענטעס.

אין 1860 זיינען אין שטאדט פאָרגעקומען פאָלקס־אונרוהען. ביי נאכט האבען זיך אונאויפהערליך געהערט די קולות פון די מיליי־טערישע האָרנס, די וועכטער'ס טרעוואָגע סיגנאַלען, דאס שיסען פון ביקסען. אננא האט זיך ניט געשראָקען פאר קיין זאך. זי האט אויך ניט געשענקט די מינדעסטע אויפמערקזאמקייט אויף די מעשים, וואס די פינף קאַנדידאטען אויף קריסטינא'ס האנד און הארץ האבען אי־

בערגעארבייט דאָרט אין הויז. זי האט זיך געטהאָן איהר ארבייט און ערפיללט איהרע פליכטען אלס דיענסט מיט דער פינקטליכקייט פון אן אויטאָמאט.

אין סעפטעמבער איז די פעסקארער פעסטונג איבערגעלאָזט געוואָרען. די פייגדליכע סאָלדאטען זיינען זיך צולאָפען, אוועקוואר־פענדיג דאס געוועהר און דעם פראָוויאנט אין טייך אריין. די איינוואוינער פון דער שטאדט זיינען ארומגעגאנגען מאסענווייז, און מיט גרויס פרייד בעגריסט די פרייהייט.

אין 1865 האט קריסטינא ענדליך חתונה געהאט מיט פילענא ד׳אמאליא, דעם פליכעוואטען קאנדידאט. די חתונה איז געווען א גרויסארטיגע און אלס קעבערס האט מען איינגעלאדען וויטאריאן און מאנסועטאן, צוויי מאָנאכען.

מאָנסועט איז געווען פון דעם פלאטץ, וואו אננא איז געבאָרען געוואָרען. ער האט זעהר גוט געקענט איהר מוטער און איז געווען דער ערשטער, וואס האט זי ארויסגעטראָגען פון׳ם קלויסטער, ווען דער אונגליק מיט׳ן פייער האט פאסירט. אננא איז עפעס ווי צוגע־בונדען געוואָרען צו איהם. זי האט איהם אויסגעפרעגט פערשיעדענע זאכען, אויך וועלכע ער האט איהר מיט כבוד געענטפערט. ער האט איהר דערצעהלט מעשות פון דעם ארטאנער קלויסטער און אין איהר האט זיך ערוועקט א חשק צו געהען אהין, אין יענעם גרויסען, שעה־נעם קלויסטער, וואו זי איז געוועזן אין איהר פריהעסטער יוגענד. „איך וועל געהען אהין!” האט זי ביי זיך בעשלאָסען, „איך וועל געהען מיט׳ן ברודער מאָנסועט.”

---

13.

אין די ערשטע טעג פון מאי האט אננא מיט דער ערלויבניס פון קריסטינאן זיך צוזאמענגעקליעבען אין וועג אריין. דער געדאנק וועגען דער טשערעפאכע האט זי שטארק בעאונרוהיגט. זי האט זיך ניט געקענט בעשליעסען צו נעהמען זי מיט זיך, אדער צו לאָזען זי.

ענדליך האט זי אָבגעמאַכט איהר געדאַנק זי מיטצונעהמען און האט זי אריינגעלעגט אין א קליין קוישעלע.

מיט'ן טאָג גלייך האבען אננא און דער ברודער מאָנסועט זיך ארויסגעלאָזט אין וועג אריין. אין אָנפאנג איז אננא געגאַנגען זעהר שנעל. די אונגעדולד שוין צוקומען צום פלאטץ, וואוהין איהר הארץ גלוסט, האט זי געטראָגען. איהרע האאר, וועלכע זיינען שוין געווען גרוי, האבען זיך ארויסגערוקט פון אונטער דעם קאָפּ־טיכעל און זיך צושויבערט אין אַלע זייטען. דער מאָנאַך האט קוים כח געהאט נאָכ־צופאָלגען זיין בעגלייטערין. צוקומענדיג צו א סאָסנאָוועז וועלדעל, האבען זיי געמאַכט דעם ערשטען אָברוה.

עס איז געווען א מאַיאָווע מאָרגען. דאס וועלדיל האט שטיל גערוישט, פונאנדערשפּרייטענדיג אין דער לופט, צווישען דעם הימעל לאזור און ים, א סמאָלע גערוך.

אננא האט זיך אוועקגעזעטצט אויפ'ן גראָז און פאָרגעלעגט דעם מאָנאַך ברויט און אייניגע זיסע זאכען. נאָך'ן עסען האבען זיי זיך צורעדט וועגען דעם פאָרשטעהענדען גרויסען יום־טוב. די טשערע־פּאַכע האט בשעת מעשה פערזוכט אונטערצוהויבען דאס דעקעל פון דעם קוישעלע מיט די פּאָדערשטע לאַפּקעלאָך. אננא האט איהר גע־האָלפען און אין דעם נעכסטען מאָמענט איז שוין דאס חיה'לע ארום־געקראָכען איבער'ן גראָז.

דער מאָנאַך, קוקענדיג אויף דער סצענע, האט זיך צולאָזט מיט לויב און געזאנג אויף דער השגחה. ווי גרויס דער אייביגער גאָט איז! ער פערזאָרגט דאס קלענסטע בעשעפעניש מיט אלעם גויטהיי־נעס. „עפּעס א קליינער וואונדער?" האט ער גע'טענה'ט, „די טשע־רעפּאַכע איז פערזאָרגט מיט אן אייגענער היים און שלאָפט אָב א ווינטער צייט" — אננא פון איהר זייט האט דערצעהלט, אז די טשע־רעפּאַכע איז א גוטע, א קלוגע און האט זעהר אנגענעהמע מאַניערען. „פון וואס טראַכט זי?" האט זי נאכהער געפרעגט און צוגעגעבען: „פון וואס טראַכטען אין אַלגעמיינעם בהמות און חיות?"

דער ברודער האט ניט געענטפערט. ביידע האבען געשוויעגען.

איבער דער קאָרע פון א בלום האבען זיך ארונטערגעלאָזט גאַנ־צע רייהען מוראַשקעס און יעדע האט זיך געטראָגען פּראָוויאַנט.

אננא האט עס בעטראכט מיט גרויס ענטציקונג, און האט זיך פער־טיעפט אין געדאנקען.

ארום איינס אזייגער נאכמיטאָג זיינען זיי אָנגעקומען קיין אר־טאן. אננא האט אָנגעקלאפט אין טהויער פון מאָנאסטיר און האט ערקלערט, אז זי וויל זעהען די אויפזעהערין. מען האט זי ארייג־געלאָזט אויפ'ן הויף. נאכהער איז זי געגאנגען צווישען די ווענט, ביז זי איז צוגעקומען צו א גראטע. ווען די אויפזעהערין, ווערא־ניקא, א הויכע און שטרענגע פרוי, האט זיך בעוויזען אין דער גרא־טע, איז אננא ווי דערשראָקען געוואָרען. אין אייניגע מינוטען ארום האט אננא איהר איבערגעגעבען א גרוס פון איהר בעל הבית'טע, קריסטינא, און איהר דערלאנגט די סלויען מיט איינגעמאכטס, און האט געווארט. ווערא‌ניקא האט אלעס צוגענומען, געדאנקט און איהר געשענקט א בילדעל פון דער הייליגער מרים. נאכהער האט זי איהר אויסגעשטרעקט די האנד פאר א קוש צו טהאָן, און איז אוועקגע־גאנגען.

אננא איז א ציטערענדע אוועקגעגאנגען פון דער גראטע. ווען זי איז געגאנגען איבער'ן קאָרידאָר, האט זי דערהערט א געזאנג און איהר הארץ איז געוואָרען פול מיט פרייד.

נאכהער האט זי זיך אוועקגעלאָזט מיט דעם מזרח וועג, אויפ־צוזוכען איהרע קרובים.

ביי דער טהיר פון אן אלטען הויז איז געשטאנען עפעס אן אונ־בעקאנטע פרוי אָנגעשפארט אָן אָדווירעס. אננא איז שעהמעוודיג צוגעגאנגען און געפרעגט ביי איהר, צו ווייסט זי ניט עטוואס פון פראנטשעסקאָ נאָבילע'ס משפחה.

„וואס איז עפעס? אין וואס האנדעלט זיך? וואס דארפט איהר?" האט זי די פרוי געפרעגט מיט א גראָבער שטימע, און האט זי אָבגעמאָסטען מיט איהר שטרענגען קוק פון קאָפ ביז פיס. ווען אננא האט איהר ערקלערט ווער זי איז, האט זי די פרוי ארייגגעבע־טען אין שטוב אריין.

עס האט זיך ארויסגעציייגט, אז איהר גאנצע משפחה איז אָדער אויסגעשטאָרבען אָדער ארויסגעפאָהרען פון ארטאן. אין הויז איז געבליעבען בלויז א צובראָכענער זקן, דער פעטער מינגא, וועלכער האט צום צווייטען מאָל חתונה געהאט מיט ספלענדארע'ס טאָכטער.

זיי האבען געלעבט אין אָרימקייט. דער אַלטער האט אין אָנפאַנג ניט דערקענט אננא'ן. ער איז געזעסען אין א גרויסער אָרמשטוהל און א יעדער אבער האט ביי איהם געציטערט און זיך געטרייסעלט. ער האט אָנגעשטעלט זיינע ענטצונדענע אויגען אויף אננא'ן און ער האט זי ענדליך דערקענט.

ווען אננא האט אָנגעהויבען דערצעהלען וועגען איהר לעבען, האט זיך ספּלענדארע'ס טאָכטער אָנגעשטויסען, אז זי מוז האבען געלד, און האט אָבגעמאַכט איהר געדאנק, אז עס וועט ניט זיין שלעכט צו בענוטצען זיך דערמיט. אזוי שנעל ווי אננא האט געענדיגט איהר דערצעהלען, האט זי די בעל הבית'טע איינגעלאַדען איבערצונעכטיגען ביי איהר. זי האט צוגענומען איהר קאָרזינע מיט די קליידער און זי בעהאַלטען, און פערשפּראָכען אבטונג צו געבען אויף דער טשערע־פּאַכע. נאכהער האט זי זיך בעקלאָגט אויף איהר אַל .ען און דער־צעהלט, אז זיי לעבען אין א שרעקליכער אָרימקייט און דערביי זיך ביטער צוּאווייִנט. אננא האט אַלעס אויסגעהערט מיט בעדויערן און איז אוועקגעגאנגען אין קלויסטער אריין א הונגעריגע און א מידע.

---

14.

אין פערלויף פון די פינף טעג יום־טוב, איז אננא כמעט ניט ארויסגעגאנגען פון'ם קלויסטער. גאַנץ פריה איז זי געקומען אהין און איז אוועקגעגאנגען, ווען מען האט צוגעמאַכט דעם קלויסטער. מיט טיעפען גלויבען האט זי אין זיך איינגעאטהעמט די ריינע לופט, וועלכע האט זי אָנגעפילט מיט אן אנגענעהמען ציטער; איהר נשמה איז געווען אין גאַנצען פול מיט גליק. די תפלות, דער קניהען פון דעם גאַנצען עולם, די צערעמאָניעס — דאס אַלעס האט זי ווי פּאַל־קאָם פערטומעלט. דער רויך פון דעם ווייִרעך האט פערשטעלט פון איהר די ערד.

צו דערזעלבער צייט האט ראָזאַריע, ספּלענדארע'ס טאָכטער, געמאַכט פון יעדער זאַך א נוטצען. פּלאָנענדיג אננא'ן מיט קלאַגעס

אויף איהר אָרעם, ביטער לעבען ביי דעם האלב־פּאראליזירטען אַלטען. דאס איז געווען א שלעכטע פרוי, וועלכע איז געווען פעהיג אויף יעדען סאָרט אינטריגע און וועלכע האט ליעב געהאט צו שיכור'ן. דאס גאנצע געזיכט איהרעס איז געווען בעדעקט מיט רויטע פלעקען און לישאיעס; איהרע האאר זיינען געווען גרוי; דער בויך אונגעהייער גרויס. אויסער דורך דער חתונה איז זי צוגעבונדען געוואָרען צום אַלטען דורך א זינדיגען לעבען: זי האט צוזאמען מיט איהם אין א קורצער צייט אויסגעבראכט איהרע שמוטציגע פערדיענסטען אויף פערשיעדענע שאַרפע געטרענקע. ווען זיי זיינען נאכהער געוואָרען אָרעם, האבען זיי מיט טויטע קללות פערשאָלטען דאס אָרעמקייט, ברענענדיג מיט א גיהנום־פייער צום וויין און בראנפען. אננא האט בעקומען גרויס רחמנות און האט אָוועקגעשענקט ראָזאריע'ן דאס גאנצע געלד, וואס זי האט פערמאָגט, און וועלכעס זי האט געהאט ברעה צו צוטהיילען אין נדבות; אַלע קליידער, וועלכע זיינען געווען פאר איהר איבריג. זי האט אפילו ארונטערגענומען די גאָלדענע אויערינגלאַך, די פינגערלאַך און די קרעלען און זיי אוועקגעגעבען, און זיך פערשפּראָכען אויף ווייטער איהר מיטצוהעלפען. נאכהער איז זי צוריק געגאַנגען קיין פּעסקארא אין דער בעגלייטונג פון דעם ברודער מאָנסועטא, טראָגענדיג די טשערעפּאַכע אין קאָרזינע.

אויפ'ן וועג, ווען די הייזער פון ארטאן זיינען פערשוואונדען, האט אננא אָנגעהויבען שרעקליך צו בענקען. ווייטער, אויף אנדערע וועגען זיינען אויך געגאַנגען פּיליגרימען. זייער אומעדיגער און מאָנאָטאָנער זינגען האט אָבגעקלונגען אין דער לופט.

„זיי געהען קיין קוקולא," האט איהר דער ברודער מאָנסועטא געזאגט, אָנצייגענדיג מיט דער האנד אין דער ווייטען, און זיי האבען אָנגעהויבען צו רעדען צווישען זיך איבער פערשיעדענע רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען. מאָנסועטא האט איהר דערצעהלט די רעליגיעזע מנהגים פון יעדען שטעדטעל און אננא האט זיך צוגעהערט מיט דער שפּאַנענדסטער אויפמערקזאמקייט. אזוי האבען זיי צווישען זיך גערעדט ביז זיי זיינען צוגעקומען צום טייך אַלעפּטא, וועלכער האט זיך געשלענגעלט איבער שעהנע ברייטע פעלדער, בעדעקטע מיט פריהלינג גראָז.

אננא האט אויסגעטהאָן די שיך, כדי אריעבער צו שפּאַנען דעם

טייך און זי האט געפיהלט, אז איהר נשמה איז יעצט פול מיט א ליעבע צו די בוימער, צום גראז, צו די בהמות און חיות און צו אלעס, וואס די קאטוילישע קירכע האט געהייליגט.

אין עטליכע חדשים ארום נאך איהר צוריק קעהרען זיך קיין פעסקארא, האט זיך פערשפרייט א כאלערא־עפּידעמיע, וועלכע האט געטויטעט אן אונגעהייערע צאהל. צווישען די קרבנות איז אויך גע־ווען דער מאנסועטא. דאס איז געווען א שרעקליכער קלאפּ פאר אננא׳ן און זי האט ביטער געוויינט. נאך א יאהרצייט, האט אננא בעשלאסען איין מאל פאר אלע מאל צוריקצוקעהרען זיך אין איהר געבורטסה׳ס פּלאטץ. זי האט גענומען איהר טשערעפּאכע, איהרע קליידער, דאס ביסעל געלד, וואס זי האט געהאט אבגעשפּארט, און מיט א געוויין געקושט קריסטינא׳ס האנד אויף א „זיי געזונד.״ דאס מאל איז זי געפאהרען אין א וואגען צוזאמען מיט צוויי מאנאכען, וועלכע זיינען ארומגעפאהרען זאמלען נדבות.

אין ארטאז האט זי זיך ווידער בעזעטצט אין הויז פון איהר פּאראליזירטען פעטער. געשלאפען איז זי אויף שטרוי און איהר שפּייז איז געווען ברויט און גרינוואַרגס. די גאנצע טעג האט זי פערבראכט אין קלויסטער איבער תפלות און תפלות.

צו די אלע צרות און ליידען, וואס זי האט געהאט אויסצושטעהען אין דער היים, איז קיין שיעור ניט געווען, אבער זי האט אלעס אי־בערגעטראגען און געשוויעגען. קיינמאל קיין ווארט ניט געזאגט. ראזאריע האט ביסלעכווייז ארויסגעשלעפּט דאס גאנצע געלד, וואס זי האט פערמעגט, און דאן איז אויסגעקומען דער פרומער, אונגליק־ליכער אננא׳ן צו הונגערען. די בעל הבית׳טע האט איהר אנגעהויבען אנצוטהאן געברענטע לייד, זי געזידעלט און געשאלטען, און געפּיי־ניגט די טשערעפּאכע.

---

15.

אננא האט שוין מעהר ניט געקענט איבערטראגען די צרות און ליידען און זי האט פערלאזט דאס גיהנום־הויז. א דערשלאגענע, אן

ערביטערטע איז זי אַוועקגעגאַנגען צו דער הויפּט מאָנאַשקע, וועראָ־ניקאַ, וועלכע האָט געהאַט אַ שם פון זעהר אַ גוטע, און מיט טרערען זיך געבעטען ביי איהר, אַז מען זאָל זי אַריינגעהמען אין מאָנאַסטיר אַריין, וואו זי וועט מיט איהר האַרץ און נשמה דיענען אַלעס, וואס מען וועט איהר נאָר בעפעהלען.

וועראָניקאַ האָט קיין סך ניט געטראַכט און אַריינגענומען אַננאַ'ן ניט אַלס מאָנאַשקע, זאָנדערן אַלס אַ צוהערערין, און ווי גליקליך אַננאַ איז דאַס געוועזן, ווען זי האָט אָנגעטהאָן די שוואַרצע קליידער מיט דעם ווייסען טשיפּעק אויפ'ן קאָפּ. זי איז געוועזן שטיל, געהאָרזאַם און זיך צוגעקוקט, וואס די עלטערע האָבען געטהאָן און דאַן געטהאָן דאַס זעלבע.

אין 1873 איז איהר דער לשון געוואָרען אַביסעל געלעגערט. זי האָט ניט געקענט אַרויסרעדען קיין גאַנצע ווערטער. אין אַ קורצער צייט נאָך דעם איז זי געוואָרען שטום.

מיט גרויס רחמנות און בעדויערונג האָבען אַלע געקוקט אויף איהר און אין דער אונגליקליכער האָט דאַס האַרץ געוויינט..... ווען אַלע האָבען געזונגען די תפלות, האָט אַננאַ געקוקט און געמאַכט בלויז מיט די ליפּען. און געוואָלט האָט זיך איהר גראַדע איבערשרייען אַלע. זי האָט געוואָלט, אַז איהר תפלה זאָל שוועבען איבער אַלעמען'ס תפלות. אָבער בלויז אָבגעריסענע געשרייען האָבען זיך געהערט און ניט מעהר.

אויף איינמאָל, ווען אַלע „שוועסטער" זיינען געשטאַנען אין אַ ראָד און געזונגען, האָט אַננאַ, פּלוצלים, איבערפּילדט מיט בעגייסטע־רונג, אָנגעהויבען מיטצוזאָגען. צוערשט מיט האַלבע ווערטער, נאָכ־הער אַלץ שאַרפער, אַלץ קלאָרער און דייטליכער, ביז זי האָט געזונ־גען מיט אַ ריינעם לשון און שטאַרקער שטימע. אַלע זיינען געבליע־בען ווי פערשטיינערט אויף זייערע פּלעטצער, אָבער זיי האָבען זיך עס נאָכהער ערקלערט, אַז דאַס איז אַ גאָט'ס זאַך. דעם זעלבען טאָג איז די גליקליכע אַננאַ ווידער אונגליקליך געוואָרען. איהר לשון האָט זיך איהר ווידער אָבגענומען.

אַזוי איז אַוועק אַ צייט פון קאַרגע דריי יאָהר. אָט האָט זי גע־רעדט און אָט איז זי ווידער שטום געוואָרען. צוזאַמען דערמיט איז איהר פון צייט צו צייט געקריפּעלט געוואָרען אַלץ אַן אַנדער אבר. די

ציהען זיינען איהר ארויסגעפאלען, די האאר אויסגעקראָכען, די אויגען — געוואָרען צוויי גריבער. אזוי ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, ביז עס איז פון איהר געוואָרען א שרעקליך פערזעהעניש. אלע האבען אויף איהר געקוקט מיט עקעל דורכגעוועבט מיט א רחמנות. אום זומער, 1881, איז זי מיט אמאל געוואָרען נאָך הארבאטע, און זייט דאן האט זי שטופענווייז אנגעהויבען אָבשטארבען.

און אין א פריהמארגען, אונטער אן אוילבירטהה בוים, איז די „היילינע," אונגליקליכע אננא אויסגעגאנגען אויף די הענד פון צוויי „שוועסטער." דאס מויל איז איהר געווען פערקרומט און פול מיט א ווייסער שוים. דער קאָפּ פערדרעהט אויף אן אקסעל, און אין גאנצען איז זי געווען שווארצליך־בלוי.



# אלע כתבים פון מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י. אבראמאָוויץ).

---

אַלטע מעשה אָדער א נאַכט אין צרות, א בילד פון אידישען לעבען אין דער ליטא, 10

ווינש פינגעריל, א מתנה פיר די ליעבע אידישע קינדער 15

די טאסקע, אָדער די שטאָדט בעלי טובות, א מייסטערהאפטע קריטיק איבער דעם אידישען צושטאַנד אין רוסלאַנד, אין דער צייט ווען אידען האָבען זיך אָהן א טאסקע ניט געקענט בעגעהן, 15

יודעל, א ספור המעשה אין שירים, אין דיזע ווערק איז אבראמאָוויץ דורכגעגאַנגען די גאַנצע אידישע געשיכטע פון אָנפאַנג ביז היינטיגען טאָג, 15

ישראליק דער משוגענער, א מייסטערהאפטע קריטיק איבער די לעצטע פּאָגראָמען אויף אידען אין רוסלאַנד, 10

לעצטע שריפטען א זאַמלונג פון זיינע לעצטע שריפטען. 35

פישקע דער קרומער, א מעשה פון אידישע אָרימע לייט, 15

דער פריזיוו, א דראַמא אין 5 אַקטען, 15

די קליאַטשע אָדער צער בעלי החיים, דאָס איז די בעסטע מייסטערווערק וואָס איז ארויס פון אבראמאָוויץ'עס פעדער און האָט געמאַכט א שטורם צווישען דעם לעזע-פּובליקום אין דער וועלט. „די קליאַטשע" איז אויך איבערזעצט געוואָרען אין אַלע וועלט שפּראַכען און ווערט גערעכט פיר א ליטעראַרישען אוצר אין דער וועלט-ליטעראַטור, 15

דאָס קליין מענשעלע, א מייסטערהאַפּטע ווערק, וועלכע איז פולל מיט וויטץ, הומאָר און שאַרפזינן און דערביי איז עס א גוואַלדיגע קריטיק איבער די אידישע שטאָדט־בעל־טובות, רעדעל־פיהרער און סתם בעלי־צדקות און גוטע אידען פון רוסלאַנד, 15

א רייזע־בעשרייבונג פון בנימין דעם דריטען, ווי ער איז אויף זיינע נסיעות פערגאַנגען גאַנץ ווייט, אז אונטער די הרי חושך, און האָט זיך גענוג אָנגעזעהען און אָנגעהערט חדושים, שעהנע זאַכען, וועלכע זיינען זעהר אינטערעסאַנט צו לעזען, 10

שלמה ר' חיים'ס, א שילדערונג פון דעם אידישען לעבען אין דער ליטאַ, וועלכע איז זעהר אינטערעסאַנט, שפּאַנענד און בעלעהרענד, און ווערט גערעכענט פיר איינע פון די בעסטע ווערק וואס מענדעלע מוכר ספרים האט אין דער לעצטער צייט ארויסגעגעבען, 10